פעטער קראַפּאָטקין

געזאַמעלטע שריפטען

# אין רוסישע און פראַנצויזישע טורמעס

איבערזעצט פון י. קיסין

ארויסגעגעבען פון דער
קראָפּאָטקין ליטעראטור געזעלשאפט
ניו יאָרק, 1922

# אינהאַלט.

# דעם אויטאָר'ס פאָרוואָרט צו דער רוסישער אויסגאַבע.

דאָס בוך „אין רוסישע און פראנצויזישע תפיסות” איז צו־נויפגעשטעלט געווארן מעהרסטענס פון ארטיקלען, וואָס איך האָב געשריבען פאר דעם זשורנאל „ניינטינט סענטשורי” אין אָנהויב פון די אכציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט. אין ענג־לאנד האָט דאן געגומען אויפוואכען א אינטערעס אין דער רוסישער באפרייאונגס באוועגונג; אין די צייטונגען, וואָס זיינען א לאנ־גע צייט געווען אונטער דעם איינפלוס פון אגענטען פון דער רו־סישער רעגירונג, האָבען ענדליך גענומען אריינדרינגען ריכטיגע ידיעות וועגען די שרעקען, וואָס די ארעסטירטע און פאראורטייל־טע רעוואָלוציאָנערען פלעגען אויסשטעהן אין די רוסישע תפיסות. מען האָט מיך געבעטען שרייבען וועגען די רוסישע געפענגניסען, און איך האָב זיך באנוצט מיט דעם פאָרשלאג, צו דערצעהלען וועגען דעם שרעקליכען צושטאנד פון אונזערע תפיסות בכלל.

רעוואָלוציאָנערן, האָב איך געקלערט, פיהרן מלחמה מיט דער רעגירונג, און ווי שלעכט זייערע שונאים זאָלען זיי ניט באהאנד־לען, וועט זיי זיין דערווידער צו באקלאָגען זיך אויף זייער מזל. זיי ווייסען, אז זיי זיינען א קעמפענדער צד, און זיי בעטען ניט קיין דערבארמונג. דער אמת איז אויף זייער זייט, און זיי גלויבען אין דעם ערפאָלג פון זייער קאמף.

עס זיינען אָבער פאראן הונדערטער טויזענטער מענשען פון פאָלק, וועלכע מען כאפט יאָהר־איין, יאָהר־אויס פאר גאָרנישט, מען מאטערט זיי אין די אָסטראָגען, מען טרייבט זיי אין סיביר, און יעדערער, וואָס האָט נאָר ארויפגעצויגען אויף זיך א מונדיר, מאַ־טערט און ערנידריגט זיי. וועגען זיי דארף מען שרייבען, האָב איך געקלערט, און איך האָב געפרואווט דערצעהלען די ענגלענדער און אמעריקאנער, וואָס דאָס איז אזוינס דאָס שרעקליכע סיסטעם פון

די רוסישע אָסטראָגען, צענטראַלע תפיסות, איבערשיקונגס צענ־טרען, עטאַפּען און קאַטאָרגע, אין סיביר און אויף סאַכאַלין.

איך האָב דאָס, נאַטירליך, געמוזט מאַכען בקיצור, ווייל דער אינטערעס צו די רוסישע געפענגניסען קאָן ביי אויסלענדישע לעזער זיין נאָר אַן אינדירעקטער. אין מאַטעריאַלען איז דעמאָלט קיין מאַנגעל ניט געווען. די רוסישע פּרעסע, באַנוצענדיג זיך מיט דער צייטווייליגער פרייהייט אין לאָריס־מעליקאָוו׳ס צייט, האָט געגע־בען אַ סך מערקווירדיגע דאַטען.

איך וואָלט אין מיינע אַרטיקלען העכסט וואַרשיינליך גאָר־נישט ניט געזאָגט וועגען דעם, ווי מען באַגעהט זיך אין רוסלאַנד מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע, אויב די אַגענטען פון דער רוסישער רעגירונג וואָלטען מיך דערצו ניט געצוואונגען. באַאונרוהיגט פון די ידיעות, וואָס האָבען אָנגעהויבען אַריינדרינגען אין דער ענגלישער פּרעסע, האָבען זיי גענומען אָפּלייקענען די פעסטגעשטעלטסטע פאַקטען פון ברוטאַליטעט, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די צענ־טראַלע געפענגניסען; און די „פּעטראָפּאַוולאָווסקאַיאַ קרעפּאָסט" האָבען זיי גענומען אַרויסשטעלען פאַר אַ מוסטער פון ווייכער, הו־מאַנער באַהאַנדלונג פון די רוצחים־רעוואָלוציאָנערן. און דאָס האָ־בען זיי געשריבען גראָד אין דער צייט, ווען אין דעם אַלעקסעיעווער ראַוועלין פלעגען פאָרקומען די שרעקען, וועגען וועלכע פּאָליוואָ־נאָוו האָט דאָ ניט לאַנג דערצעהלט אין דער פּרעסע!

באַזונדערס האָט מיך געצוואונגען צו שרייבען וועגען די פּאָ־ליטישע אַרעסטירטע אַ געוויסער ענגלישער גייסטליכער, לענסדעל (ל. נ. טאָלסטאָי האָט איהם אויסגעצייכענט כאַראַקטעריזירט אין זיין „תחית המתים"). אָט דער לענסדעל, וואָס איז אויף קוריער צוגען דורכגעפלויגען סיביר און האָט, נאַטירליך, גאָרנישט ניט געזעהן, האָט אָנגעשריבען אַ געמיין ביכעל וועגען די רוסישע גע־פענגניסען. אונזערע געפענגניסען זיינען דאַן געווען אונטער דער פאַרוואַלטונג פון איינעם אַ גאַלקין־וראַסקי, אַ באַאַמטען מיט פּרעטענזיעס, וואָס האָט זיך געקליבען צונויפצורופען אַן אינטער־נאַציאָנאַלען געפענגניס קאָנגרעס אין פּעטערבורג, כדי צו פאַר־שטאַרקען זיין איינפלוס אין „אַניטשקאָוו"־פּאַלאַץ, און ער האָט אין לענסדעל׳ען געפונען דעם נויטיגען מענשען, וואָס זאָל לויבען זיי־נע „געפענגניס רעפאָרמען";

טאָלסטאָי, דער מיניסטער פון אינערליכע אנגעלעגנהייטען, האָט אויך פּראָטעזשירט אָט דעם לויב־זינגער און האָט נאָך אפילו געהייסען ווייזען איהם די „פּעטראָפּאוולאָווסקאיא קרעפּאָסט" — פארשטעהט זיך, ניט ראוועלינען נאָר דעם „טרובעצקאָי באַס־טיאָן". ווען איך האָב אין דער ענגלישער פּרעסע רעצענזירט לענס־דעל'ס ביכעל, איז דער ענטפער אויף מיינע באמערקונגען געווען אָנגעשריבען, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אין פּעטער־בורג. דער זעלביגער הערר גאָלקין־ווראסקי האָט צוגעשיקט אַן ענטפער אין אַן ארטיקעל, וואָס דער ענגלישער גייסטליכער האָט געזאָלט פאַרעפענטליכען אונטער זיין אייגענער אונטערשריפט; און ער האָט איהם אפּגעדרוקט אין „קאָנטעמפּאָרערי ריוויו". מיין ענטפער אויף יענעם ארטיקעל איז דער זיבעטער קאפּיטעל פון דעם פאָרליגענדען בוך.

אגב אורחא וויל איך זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען יענעם ענטפער מיינעם. געשריבען האָב איך איהם אין לאָנער געפענג־נים. ענטפערען לענסדעל'ען, דאָס הייסט, די רוסישע באאמטע, איז נויטיג געווען. סערגעי קראַווטשינסקי איז נאָך דעמאָלט אין ענגלאנד ניט געווען. האָב איך מיך געאיילט אָנצושרייבען מיין ענטפער איידער איך וועל געהן צום געריכט, און גלייך נאָכ'ן פּראָ־צעס, איידער מען וועט אונז, פאַראורטיילטע, שיקען אָפּזיין אונ־זער טערמין ערגעץ־וואו אין אַ „צענטראַל". דער ארטיקעל איז געווען פארטיג. אָבער די ערשטע זאָרג פון דער פראַנצויזישער רעגירונג איז געווען — אויפ'ן שטרענגסטען אופן צו פארוועהרען ארויסצולאָזען פון דער געפענגנים וואָס ניט איז, וואָס איך וועל אָנשרייבען קעגען דער רוסישער רעגירונג. האָט מען מיר דעריבער נעזאָגט, ווען איך האָב געוואָלט שיקען מיין ארטיקעל אין לאָנדאָן, אז דאָס איז אונמעגליך. מען וועט דעם ארטיקעל פריהער מוזען שיקען אין פּאריז, אין מיניסטעריום, וואו מען וועט איהם פּאָר־האַלטען, אויב ער איז קעגען דער רוסישער רעגירונג.

צום גליק, איז דער דאָקטאָר פון דער לאָנער געפענגנים גע־ווען הערר לאַקאַסאַן, אַ שרייבער איבער אנטראָפּאָלאָגיע, וואָס איז אַ פּאָר מאָל אריינגעקומען צו מיר אין קאַמער אַ שמועס צו טאָן וועגען אנטראָפּאָלאָגישע ענינים. זיין פרוי האָט גוט געקענט ענג־ליש, האָט ער פאָרגעשלאָגען, אז זי זאָל צעגזורירען מיין ארטיקעל,

דער דירעקטאָר פון דער געפענגנים האָט איינגעשטימט, נאָר די פאַראַנטוואָרטליכקייט זאָל אראָפּגענומען ווערן פון איהם. און פּרוי לאַקאַסאַן האָט, פאַרשטעהט זיך, באַלד דערזעהן, אַז דער אַרטיקעל איז גראָד פון יענע, וואָס דאַרפען ניט אַרויסגעהן פון געפענגנים; און דעריבער האָט זי גענומען די עבירה אויף זיך און באַלד אויף מאָרגען זיך געאיילט אָפּצושיקען מיין אַרטיקעל אין לאָנדאָן. — לאָמיך כאָטש איצט, אונטער די אויגען זי אָפּדאַנקען. גוטע מענשען זיינען פאַראַן אומעטום.

---

עס איז באַקאַנט, אַז די רוסישע מיניסטאָרן האָבען געוואָלט אויף דעמזעלביגען אופן זיך באַנוצען מיט די אַמעריקאַנער קענאַן און פּראָסט, וועמען אַן אַמעריקאַנער זשורנאַל האָט געשיקט, אַז זיי זאָלען אויפ׳ן אָרט אויספאָרשען דעם צושטאַנד פון די רוסישע תפיסות. אָבער דאָ זיינען די רוסישע מיניסטאָרן דורכגעפאַלען. קענאַן האָט זיך אויסגעלערנט רוסיש, האָט זיך באַקענט מיט אַלע פאַרשיקטע אין סיביר און האָט דערצעהלט דעם גאַנצען אמת, וואָס ער האָט אויסגעפונען.

איצט איז די פאַרשיקונג אין סיביר אָפּגעשאַפט געוואָרן, — ווענינגסטענס נאָך אַ געריכטליכען פּראָצעס; און ערטערווייז איני־מיטען רוסלאַנד האָט מען אָנגעבויט „רעפאָרמירטע״ געפענגניסען. דעריבער האָט מיין בוך, וואָס אָנבאַטרעפט די רוסישע תפיסות, הויפּטזעכליך אַ היסטאָרישען אינטערעס. אָבער זאָל מיין בוך זיין כאָטש אַ היסטאָרישער דאָקומענט וועגען דער אונערהערטער גרויזאַמקייט, מיט וועלכער די רוסישע ביוראָקראַטיע האָט באַהאַנדעלט אונזער פאָלק גאַנצע דרייסיג אָדער פערציג יאָהר נאָכדעם, ווי לייב־אייגענשאַפט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. זאָלען אַלע וויסען, ווי די רוסישע ביוראָקראַטען האָבען אין פאַרלויף פון דרייסיג יאָהר ניט דערלאָזען די אונבאַדייטענדסטע רעפאָרמען, ווי זיי האָבען מיט די פיס געטראָטען אַלע עלעמענטאַרסטע מענשליכע רעכט.

און איבריגענס, זיינען דען די איצטיגע רוסישע תפיסות טאַקע אַ פאַרבעסערונג פון דעם, וואָס איז געווען פריהער? קאַלך און צוריבענעם ציגעל פאַרברויכט מען איצט אביסעל מעהר אין די פאַרשידענע „פּרעלימינערע״ געפענגניסען און אין די מוסטערהאָפ־

טע „קרעסטי", — דאָס איז אמת. אָבער דער ע צ ם איז דאָך נעבליבען דערזעלביגער. און וויפיעל הונדערטער שרעקליכע אָפּטראָגען, איבערשיקונגס צענטרען און עטאַפּען בלייבען נאָך ביז היינטיגען טאָג אין די הענט פון אַלערליי רוצחים אין מונדירען! וויפיעל טויזענטער מענשען פון פאָלק ווערן ווי פריהער פארשיקט אין סיביר, — נאָר וואָס ווייטער, — אדמיניסטראַטיוו! וויפיעל גרוילטאַטען ווערן איצט, אין דער געגענווערטיגער מינוט, באַגאַנגען אין די תפיסות, וואָס זיינען שרעקליך איבערפילט! די דילען ווערן אפשר ריינער געוואַשען; אָבער דאָסזעלביגע סיסטעם פון „אראַקטשעיעווטשינאַ" איז געבליבען, אָדער איז נאָך ערגער געוואָרן, ווייל עס איז געוואָרן כיטרער און בייזוויליגער ווי פריהער. ווער דען פאַרוואַלט איצט די תפיסות, אויב ניט דיזעלביגע שונאים פון רוסישען פאָלק?

---

אין איינעם פון די קאַפּיטלען פון אָט דעם בוך ווערט באַשריבען, וואָס איך האָב געזעהן אין די פראַנצויזישע געפענגנישען: אין ליאָנער (פון דעם דעפּאַרטאַמענט) און אין „צענטראַל", אין קלערוואַ. צו די, וואָס וועלען אודאי זאגען, אז אין דעם אַרטיקעל זיינען מסתמא פאַראַן איבערטרייבונגען, וויל איך נאָר זאָגען, אז אין פראַנקרייך האָט מען דעם אַרטיקעל אויפגענומען פאַר אַזוי־פיעל אָביעקטיוו, אז מען האָט זיך מיט איהם באַנוצט, ווי מיט אַ דאָקומענט, אין דעפּוטאַטען־קאַמער, אין די דעבאַטען וועגען געפענגנים רעפאָרמען. אין פראַנקרייך, פּונקט ווי אומעטום, איז דאָס סיסטעם פון געפענגנישען געבויט אויף אַ פאַלשען יסוד און פאָדערט אַ פולשטענדיגע רעווידירונג, — אַן עהרליכע, ערנסטע, פאָרזיכטיגע רעווידירונג מצד דער געזעלשאַפט.

די צוויי לעצטע קאַפּיטלען פון מיין בוך זיינען דעריבער פאַרנומען מיט אַן אַנאַליז פון דעם העכסט שעדליכען איינפלוס, וואָס די געפענגנישען איבען אומעטום אויס אויף דער געזעלשאַפטליכער מאָראַל. דאָ ווערט אויך באַהאַנדעלט די פראַגע, צי די היינטיגע מענשהייט דאַרף שטיצען אַזעלכע אונצוויפעלהאַפט שעדליכע איינריכטונגען.

ווען איך וואָלט איצט געדאַרפט פון דאָס ניי שרייבען איבער אָט דער פראַגע, וואָלט איך געקאָנט ברענגען אַ סך פולערע באַ־

ווייזען פאר מיינע אויספיהרונגען, שטיצענדיג זיך אויף א גאנצער מאסע באָבאַכטונגען און מאַטעריאַלען, וואָס זיינען אין דער צייט אָנגעזאמעלט געוואָרן, און אויך אויף אייגענע נייע אויספאָר־שונגען, מיט וועלכע די ליטעראַטור איז בארייכערט געוואָרן. אָבער גראָד דער איבערפלוס פון פארטיגע מאַטעריאַלען צווינגט מיך אָפּצוזאָגען זיך פון דעם געדאַנק צו פאַרנעמען זיך ווידער מיט דער העכסט וויכטיגער פראַגע. די לעצטע איז, איבריגענס, אזוי דרינ־גענד, אז עס וועלען אָהן ספק זיך געפינען יונגע קרעפטען, וואָס וועלען אויפנעמען די ארבייט אין דער ריכטונג, וואָס איז דאָ אָנ־געוויזען געוואָרן. אין אמעריקא האָט מען שוין אזא ארבייט אָנ־געהויבען.

בראמליי, ענגלאנד, פעברואר 1906.

# איינלייטונג.

אין דעם געדרענג פון לעבען, ווען אונזער אויפמערקזאמקייט איז פארנומען מיט די אלטעגליכע קליינינקייטען, זיינען מיר אלע גענייגט צו פארגעסען אָן די טיפע וואונדען, וואָס צו־פרעסען די געזעלשאפט, און מיר שענקען זיי ניט די אויפמערק־זאמקייט, וואָס זיי פארדינען אין דער ווירקליכקייט. אמאָל דרינ־גען אריין אין די צייטונגען סענסאציאָנעלע „אויפדעקונגען", וואָס באריהרען א וועלכע עס איז טונקעלע זייט פון אונזער געזעלשאפט־ליכען לעבען; און טרעפט, אז אזעלכע אויפדעקונגען וועקען אַונז כאָטש אביסעל אויף פון אונזער שלאָף און ציהען אויף זיך די גע־זעלשאפטליכע אויפמערקזאמקייט, דעמאָלט ערשיינען אין די צייי־טונגען, אין פארלויף פון א מאָנאט אָדער צוויי, אויסגעצייכענטע ארטיקלען און „בריף אין רעדאקציע" וועגען דעם באטרעפענדען ענין. אָפטמאָל ווערט אין אזעלכע ארטיקלען ארויסגעוויזען ניט וועניג געזונטער פארשטאנד און טיפע מענשליכקייט, אָבער נע־וועהנליך ווערט אזא אגיטאציע, נאָכדעם ווי זי איז פלוצלונג אויפ־געהויבען געוואָרן אין די צייטונגען און אין דער געזעלשאפט, באלד אָפגעשטאָרבען. מיר גיבען צו עטליכע נייע פאראגראפען צו די שוין עקזיסטירנדיגע הונדערטער טויזענטער געזעצען; מיר מאַ־כען עטליכע מיקראָסקאָפּישע פארזוכען צו באקעמפען, דורך איינ־צעלנע אָנשטרענגונגען, א טיף איינגעוואָרצעלטען איבעל, וואָס נאָר די אָנשטרענגונגען פון דער גאנצער געזעלשאפט קאָנען מנצח זיין, — און דאן זינקען מיר ווידער אראָפּ אין די קליינינקייטען פון לעבען, ניט זאָרגענדיג וועגען די רעזולטאטען פון דער אגיטאציע, וואָס איז ערשט ניט לאנג אָנגעפיהרט געוואָרן. און גוט איז נאָך, אויב, נאָך דעם גאנצען אויפגעהויבענעם טומעל, איז די לאגע נאָך ניט ערגער געוואָרן.

אזא מזל האָבען שוין א סך געזעלשאפטליכע פראַגען, און באזונדערס די פראַגע וועגען געפענגניסען און ארעסטירטע. אין אָט דער ריכטונג זיינען זעהר כאראקטעריסטיש די ווערטער פון מיס לינדא דזשילבערט (מרס. פריי, אן אמעריקאנערין): „ווי נאָר א מענש פאלט אריין אין געפענגנים, הערט די געזעלשאפט אויף צו אינטערעסירען זיך מיט איהם". האָבענדיג געזאָרגט, אז דער ארעסטאנט זאָל האָבען „ברויט צום עסען, וואסער צום טרינקען און וואָס מעהר ארבייט", — האלט די געזעלשאפט, אז אַלע איהרע פליכטען צו איהם זיינען דערפילט. פון צייט צו צייט נאָר ווערט עמיצער, וואָס האָט זיך באקענט מיט דער געפענגנים פראַגע, אויפהויבען אן אגיטאציע וועגען דעם שלעכטען צושטאנד פון אונזערע תפיסות און אנדערע פארהאפטונגס פלעצער. די געזעלשאפט, פון איהר זייט, אָנערקענט, אז עס איז נויטיג עפּעס אָנהויבען צו טאָן, כדי אויסצואוואָרצלען דאָס שלעכטס. אָבער אַלע אָנשטרענגונגען פון די רעפאָרמאטאָרן צושלאָגען זיך אָן די פארגליווערטקייט פון דעם אָרגאניזירטען סיסטעם, ווייל עס קומט דאָ אוים צו באקעמפען דעם אַלגעמיין פארשפרייטען פאָראורטייל פון דער געזעלשאפט אנטקעגען די, וואָס זיינען באשטראָפט געוואָרן פון געזעץ; און דעריבער ווערן די קעמפער באלד מיעד, דערפיהלענדיג, אז זיי זיינען איינזאם: קיינער קומט זיי ניט צו הילף אין דעם קאמף מיט'ן קאָלאָסאלען איבעל. אזא שיקזאָל האָבען געהאט דזשאָן האוארד און א סך אנדערע. געווים, קליינע גרופּען מענשען, וואָס האָבען א גוט הארץ און אויסערגעוועהנליכע ענערגיע, קוקען ניט אויף די אַלגעמיינע גלייכגילטיגקייט און ארבייטען ווייטער פאַר דער פארבעסערונג פון דער לאַגע פון די ארעסטירטע, ריכטיגער, וועגען פארקלענערן דעם שאָדען, וואָס די געפענגניסען ברענגען זייערע אונפרייוויליגע איינוואוינער. אָבער אָט די אַלע טוער, באוועגט אויסשליסליך פון א פילאנטראָפּישען געפיהל, אנטשליסען זיך זעלטען צו קריטיקירען די פּרינציפּען גופא, אויף וועלכע די געפענגנים איינריכטונגען זיינען באגרינדעט; נאָך ווייניגער פארנעמען זיי זיך מיט אויספּאָרשען די אורזאכען, צוליעב וועלכע מיליאָנען מענשען פאלען יעדען יאָהר אריין אין די געפענגניסען. די טוער פון אָט דעם טיפּ ווילען נאָר מילדער מאכען דאָס שלעכטס, אָבער ניט אויסשניידען עס מיט די וואָרצלען.

יעדען יאָהר װערען ארום א מיליאָן מענער, פרויען און קינדער פארשפּארט אין די געפענגניסען פון אײראפּא אלײן; און אויף דער אויפהאלטונג פון די קאטאָרזשנע און לאָקאלע געפענגניסען װערט פארשװענדט יעדען יאָהר ארום הונדערט מיליאָן רובעל, ניט רעכענענדיג די הוצאות אויף די געריכטליכע און אדמיניסטראטיװע מאשין, װאָס שטעלט צו דעם מאטעריאל פאר די געפענגניסען. און פונדעסטװעגען, װעמען, אויסער די עטליכע פילאַנטראָפּען און פּראָפעסיאָנעל פאראינטערעסירטע פערזאָנען, אינטערעסירען די רע־זולטאטען, װאָס אזעלכע אונגעהויערע פארשװענדונגען ברענגען? באצאָהלען דען אונזערע געפענגניסען די אונגעהויערע פארשװענ־דונג פון מענשליכער מיה, װאָס װערט יעהרליך געמאכט, כדי זײ אויפצוהאלטען? גאראנטירען זײ דען דער געזעלשאפט, אז דאָס שלעכטס, מיט װעלכען אָט די אלע מיטלען, װי דאָס װערט אָנ־גענומען, קעמפען אונאויפהערליך, אז אָט דאָס שלעכטס װעט זיך װידער ניט באװײזען?

אזוי װי די אומשטענדען פון מײן אײגענעם לעבען האָבען מיר געגעבען די מעגליכקײט צו שענקען אביסעל אויפמערקזאמ־קײט אָט די װיכטיגע פראגען, בין איך געקומען צום שלוס, אז עס װעט אפשר ברענגען נוצען, װען איך װעל מיט דעם לעזענדען עולם זיך טײלען מיט מײנע אײגענע באָאבאכטונגען איבער דעם גע־פענגניס לעבען, און אויך מיט יענע שלוסען, צו װעלכע מײנע בא־אָבאכטונגען האָבען מיך געפיהרט.

מיט די געפענגניסען און מיט דער פארשיקונג האָב איך מיך צום ערשטען מאָל באקענט אין מזרח סיביר, אין פארבינדונג מיט די ארבײטען פון דעם קאָמיטעט, װאָס איז באשאפען געװאָרען אויסצוארבײטען א רעפאָרם פון דעם רוסישען סיסטעם פון פאר־שיקונג. דעמאָלט האָב איך געהאט די מעגליכקײט צו באקענען זיך, װי מיט דער פראגע װעגען דער פארשיקונג אין סיביר, אזוי אויך מיט דעם צושטאנד פון געפענגניסען אין רוסלאנד; דעמאָלט האָב איך זיך אויך פאראינטערעסירט צום ערשטען מאָל מיט די גרויסע פראגען פון „פארברעכען און שטראָף.״ שפּעטער, פון 1874 ביז 1876, װארטענדיג אויף מײן פּראָצעס, איז מיר אויסגעקומען צו פארברענגען כמעט צװײ יאָהר אין פּעטראָפּאװלאָװסקאיא קרע־פּאָסט אין סאנקט־פּעטערבורג, װאו איך האָב אויף מײנע חברים־

געפאנגענע געקאָנט באָאבאכטען די שרעקליכע רעזולטאטען פון דעם סיסטעם פון איינצעלנער פארהאפטונג. פון דאָרטען האָט מען מיך אריבערגעפיהרט אינ׳ם נאָר וואָס אויסגעבויטען „דאָם פּרעדוואריטעלנאוואָ זאקליוטשעניא (דאָס הויז פון פּרעלימינערער פארהאפטונג), וואָס האָט דעמאָלט זיך גערעכענט פאר א מוסטער־האפטער געפענגנים אין רוסלאנד; און פון דאנען בין איך ענדליך געשיקט געוואָרען אין דער מיליטערישער געפענגנים ביי דעם פּעטערבורגער מיליטערישען שפּיטאָל.

ווען איך בין שוין געווען אין ענגלאנד, אין 1881, האָט מען זיך צו מיר געווענדעט מיט א פאָרשלאָג מיטצוטיילען אין דער ענגלישער פּרעסע וועגען דער לאָגע אין די רוסישע געפענגניסען פון מענשען, וואָס ווערן ארעסטירט אויף באשולדיגונגען אין פּאָליטישע פארברעכענס. דערצעהלען וועגען דעם איז געווען א דרינגענדע נויטווענדיגקייט, צוליעב די סיסטעמאטישע ליגענס, וואָס אן אגענט פון דער רוסישער רעגירונג פלעגט פארשפּרייטען. איך האָב די פראגע באריהרט אין אן ארטיקעל וועגען דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּארטיי, געדרוקט אין „פאָרטנייטלי ריוויו" (אין יוני 1881). כאָטש קיין איינער פון די פאקטען, וואָס ווערן געבראכט אין דעם אויבענדערמאָנטען ארטיקעל, זיינען ניט באשטריטען געוואָרן פון די אגענטען פון דער רוסישער רעגירונג, פונדעסטוועגען זיינען אין דערזעלביגער צייט געמאכט געוואָרן פארזוכען דורכצופיהרן אין דער ענגלישער פּרעסע ידיעות וועגען די רוסישע תפיסות, וואָס שטעלען זיי פאָר אין דעם בעסטען ליכט. דעמאָלט בין איך, פון מיין זייט, געווען געצוואונגען צו אנאליזירן, אין א רייהע ארטיקלען אין „ניינטינט סענטשורי", די רוסישע געפענגניסען און פארשיקונג אין סיביר און ווייזען, וואָס זיי שטעלען מיט זיך פאָר. איך האָב, ווי ווייט מעגליך, געוואָלט זיך אָפּהאלטען פון דערמאָנען די קלאגען וועגען די אונטערדריקונגען, וואָס אונזערע פּאָליטישע פריינד אין רוסלאנד האָבען געליטען. איך האָב נאָר געוואָלט אין א רייהע ארטיקלען געבען א באגריף וועגען דעם צושטאנד פון די רוסישע געפענגניסען בכלל, וועגען דער פארשיקונג אין סיביר און די רעזולטאטען פון דעם רוסישען געפענגנים סיסטעם. און איך האָב דערצעהלט וועגען די אונגאויס־שפּרעכליכע מאטערנישען, וואָס צעהנדליגער טויזענטער קרימינעלע

ארעסטאַנטען מאַכען דורך אין די געפענגניסען פון רוסלאַנד, אויפ'ן וועג אין סיביר, און ענדליך אין סיביר גופא, אין יענער ריזיגער קרימינעלער קאָלאָניע פון דער רוסלענדישער אימפעריע. כדי צו דערגענצען מײנע אײגענע באָבאַכטונגען, וואָס וואָלטען אפשר שוין געװען פאַרעלטערט, האָב איך זיך באַקענט מיט דער גרויסער ליטעראַטור, וואָס איז דעמאָלט אין דער לעצטער צייט געשאַפען געוואָרען אין רוסלאַנד װעגען דער געפענגניס פראַגע. אָבער גראָד אָט דער שטודיום מײנער האָט מיך איבערצײיגט, ערשטענס, אין דעם, אז די לאַגע איז געבליבען כמעט דיזעלביגע, ווי זי איז געוועזען מיט פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק; און צווייטענס, אז כאָטש די רוסישע געפענגניס באַאמטע ווילט זיך זעהר האָבען אין מערב אייראָפּאַ מענשען, וואָס זאָלען פאַרשפּרייטען צוגעפאַרבטע ידיעות וועגען זייער כלומר'שט הומאַנער טעטיגקייט, פונדעסטוועגען באַהאַלטען זיי ניט די רויהע ווירקליכקייט ניט פון דער רוסישער רעגירונג, ניט פון דעם רוסישען לעזענדען עולם. און אין די באַריכטען און אין דער פּרעסע זײנען זיי אָפען מודה, אז די געפענגניסען געפינען זיך אין אַן עקעלהאַפטען צושטאַנד. אײניגע פון אָט די אָפיציעלע באַשטעטיגונגען וועל איך דאָ ווייטער ברענגען.

א קורצע צייט נאָכדעם ווי איך האָב געשריבען אין דער ענגלישער פּרעסע וועגען די פיהרונגען אין די רוסישע געפענגניסען, — נעמליך, פון 1882 ביז 1886, — איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען דריי יאָהר אין פראַנצויזישע געפענגניסען: אין „פּריזאָן דעפּאַרטאַמענטאַל" אין ליאָן און אין „מעזאָן סענטראַל" אין קלערוואָ. א באַשרייבונג פון די ביידע תפיסות איז געגעבען געוואָרען אין אַן אַרטיקעל אין „נײנטינט סענטשורי". מײן זײן אין קלערוואָ, אין נאָהנטער שכנות מיט 1400 קרימינעלע פאַרברעכער, האָט מיר נעגעבען די מעגליכקייט זיך צוצוקוקען צו די רעזולטאַטען, וואָס מען באַקומט אין אָט דער געפענגניס, — אײנער פון די בעסטע ניט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר, אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, אין גאַנץ אייראָפּאַ. מײנע באָבאַכטונגען האָבען מיך באַוועגט צו פאַרנעמען זיך מיט אַן אַלגעמײנער באַטראַכטונג פון דער פראַגע וועגען דעם מאָראַלען אײנפלוס, וואָס די געפענגניס האָט אויף די ארעסטירטע, אין פאַרבינדונג מיט די

מאָדערנע אנזיכטען אויף פארברעכערישקייט און איהרע אורזאַ־כען. א טייל פון אָט דער אויספאָרשונג איז געווען א טעמא פאר א רעפעראט, וואָס איך האָב געהאלטען ביי דער עדינבורגער פי־לאָסאָפישער געזעלשאפט.

איינשליסענדיג אין דאָס פאָרליגענדע בוך א טייל פון מיינע זשורנאל ארטיקלען איבער דער געפענגנים פראגע, האָב איך זייער פאקטישען מאטעריאל באנייט אויפ'ן גרונד פון די ידיעות, וואָס זיינען מעהרסטענס ארויסגענומען געוואָרן פון רוסישע אָפיציעלע אויסגאבען; איך האָב אויך אויסגעשלאָסען פון זיי דעם פאָלע־מישען עלעמענט. די ניי אָנגעשריבענע קאפיטלען וועגען דער ארויסשיקונג אויף סאכאלין און וועגען איין עפיזאָד פון דעם לעבען פון די ארויסגעשיקטע פאָליאקען אין סיביר זיינען א דער־גענצונג צו דער אלגעמיינער באשרייבונג פון די רוסישע שטראָף איינריכטונגען.

## קאפּיטעל 1.

# די רוסישע תפיסות.

צום ערשטען מאָל איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַקענען מיט די רוסישע געפענגניסען אין 1862, אין דער זאבאיקאלער פּראָווינץ. איך בין דעמאָלט נאָר וואָס געקומען צופאָהרען אין איר־קוטסק, — אַ יונגער קאַזאַקען אָפיציר, וואָס האָט נאָך ניט דער־גרייכט דעם עלטער פון פינף און צוואנציג יאָהר; אין צוויי מאָ־נאטען נאָך מיין אָנקומען בין איך שוין באשטימט געוואָרן סעקרע־טאר פון דעם אָרטיגען קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פארנומען מיט דער פראגע וועגען רעפאָרמירן די געפענגניסען. איך האלט פאר ניט איבריג צו מאכען דאָ עטליכע נויטיגע ערקלערונגען.

מיין בילדונג אין יענער צייט איז געווען ניט מעהר ווי אַ קורס אין אַ מיליטער שול. מיר האָבען, נאטירליך, אַ סך צייט אָפּגעגעבען דער מאטעמאטיק און נאטור־וויסענשאפטען, אָבער אַ סך מעהר צייט פלעגט אוועקגעהן אויף אַ שטודיום פון דער מילי־טערישער קונסט, אַ קונסט פון פארניכטען מענשען אויף די שלאכט־פעלדער. אָבער מיר האָבען דעמאָלט אין רוסלאנד איבערגעלעבט אַן עפּאָכע פון אַ גרויסער אויפוואכונג פון געדאנק, — אַן עפּאָכע, וואָס איז געקומען נאָך דער גרויסער קרימער מפּלה; איז דע־ריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אפילו אויף דעם בילדונגס קורס פון די מיליטערישע שולען האָט זיך אויך אָפּגערופען דער איינ־פלוס פון דער גרויסער באוועגונג. עפּעס אַזוינס, וואָס איז גע־שטאנען העכער פון מיליטאריזם, איז דורכגעדרונגען אפילו דורך די ווענט פון „פּאזשסקי קאָרפּוס״.

פון 1859 אָן האָט די רוסישע פרעסע באקומען אביסעל פריי־הייט, און זי האָט זיך ליידענשאפטליך אָפּגעגעבען מיט דער באַ־האנדלונג פון פּאָליטישע און עקאָנאָמישע רעפאָרמען, וואָס האָ־

בען געדראַפּט אָפּווישען די שפּורען פון דעם דרייסיג־יאָהריגען מיליטערישען רעזשים פון ניקאָלאַי דעם ערשטען. אָפּקלאַנגען פון דער אָנגעשטרענגטער אינטעלעקטועלער טעטיגקייט, וואָס האָט אויפגערעגט דאָס לאַנד, האָבען דערגרייכט אויך צו אונזערע שולצימערן. איינִיגע פון אונז האָבען אַ סך געליינעט, וועלענדיג דערגענצען זייער בילדונג. בכלל האָבען מיר ארויסגעוויזען אַ הייסען אינטערעס צו דער געפּלאַנטער איבערבויאונג פון אונזערע אַרכאַאישע איינריכטונגען; און ניט זעלטען פלעגען, צווישען לעקציעס וועגען טאַקטיק און מיליטערישער געשיכטע, אָנגעפיהרט ווערן לעבעדיגע דיסקוסיעס וועגען דער באַפרייאונג פון די פויערים און אַדמיניסטראַטיווע רעפאָרמען. שוין אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך דער פאַרעפענטליכונג פון דעם באַפעהל וועגען דער לאַנג ערוואַרטער און פיעל מאָל אָפּגעלעגטער באַפרייאונג פון די פויערים, זיינען עטליכע עקזעמפּלאַרען פון דעם גרויסען און פאַרפּלאָנטערטען געזעץ אריינגעפאַלען אין אונזער קליינעם, מיט זון־ליכט באַגאָסענעם ביבליאָטעק צימער, וואו מיר האָבען עס טאַקי באַלד גענומען פלייסיג שטודירן און קאָמענטירן. די איטאַליענישע אָפּעראַ איז פאַרגעסען געוואָרן, מיר האָבען גענומען פאַרברענגען אונזער פרייע צייט אין דיסקוסיעס וועגען די מעגליכע רעזולטאַטען פון דער באַפרייאונג און איהר באַדייטונג אין דעם לעבען פון לאַנד. געשיכטע בכלל און באַזונדערס די געשיכטע פון די אויסלענדישע ליטעראַטורען האָט זיך אין די לעקציעס פון אונזערע פּראָפעסאָרען פאַרוואַנדעלט אין אַ געשיכטע פון פילאָסאָפישען, פּאָליטישען און סאָציאַלען וואוקס פון דער מענשהייט. די טרוקענע פּרינציפּען פון זש. ב. סעי'ס „פּאָליטישער עקאָנאָמיע" און די קאָמענטאַרען אויף די ציווילע און מיליטערישע געזעצען, — געגענשטאַנדען, וואָס זיינען פריהער באַטראַכט געוואָרן פאַר גאַנץ איבריגע אין דער ערציהונגס סכעמע פון צוקונפטיגע אָפיצירען, האָבען איצט, אין זייער אָנווענדונג אויף די נויטען פון לאַנד, באַקומען, דוכט זיך, אַ נייע לעבען.

די קנעכטשאַפט איז געפאַלען, און אַלעמענס מוחות זיינען פאַרנומען געווען מיט די פאָרשטעהענדיגע רעפאָרמען, וואָס האָבען געדראַפט געקרוינט ווערן פון קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיען. דאָס לאַנד האָט ערוואַרט באַלדיגע און ברייטע רעפאָרמען. אַלע אונ־

זערע איינריכטונגען האָבען געפאָדערט א גרינדליכע איבערביי־טונג: זיי זיינען געווען עפעס אן אויסערגעוועהנליכער געמיש פון געזעצען וואָס זיינען איבערגעגאנגען בירושה פון דעם אלטען „מאָסקווער פעריאָד"; „מאסרעגלען פון פעטער דעם ערשטען וואָס האָט געפּרואווט מיט דער הילף פון באפעלען פון פעטערבורג אויפ־בויען א מיליטערישע גרויסמאכט; געזעצען, וואָס זיינען אנט־שטאנען א דאנק די קאפּריזען פון אלערליי הויף קורטיזאנען פון אויסגעלאַסענע אימפּעראַטאָרינס; און, ענדליך, די געזעצען פון ניקאָלאַי דעם ערשטען, יעדע שורה פון וועלכע איז געווען דורכגע־זאפּט מיט מיליטערישען דעספּאָטיזם. דורשטיג האָבען מיר גע־לייענט די זשורנאלען און צייטונגען פון יענער צייט, אין וועלכע עס איז ליידענשאפטליך דיסקוטירט געוואָרן די נויטיגקייט פון אלזייטיגע רעפאָרמען.

אָבער צו יענער צייט, צוזאמען מיט דער אלגעמיינער באַ־לעבונג, האָבען זיך גענומען באווייזען בייזע סימנים פון רעאק־ציע. כמעט ערב דער באפרייאונג פון די פּויערים האָט אלעקסאנ־דער דער צווייטער זיך דערשראָקען פאר דער אייגענער ארבייט, און ביסלעכווייז האָט די רעאקציאָנערע פּארטיי גענומען געווינען אן איינפלוס אין ווינטער פּאלאץ. ניקאָלאַי מילוטין, וואָס איז געווען די נשמה פון דער פּויערים רעפאָרם אין די ביוראָקראַטי־שע ספערען, איז פּלוצלונג געצוואונגען געוואָרן ארויסצוגעהן אין דעמיסיע עטליכע מאָנאטען פאר דער פארעפענטליכונג פון דעם באפרייאונגס געזעץ; און די ארבייטען פון די ליבעראלע קאָמיטע־טען זיינען איבערגעגעבען געוואָרן פאר א נייער רעדאקציע, א נינסטיגערער פאר די גוטסבאַזיצער, צו די „קאָמיטעטען פון צוויי־טער צוטיילונג", פאר מיטגלידער פון וועלכע מען האָט מעהרס־טענס באשטימט שקלאפענהאלטער פון דעם אלטען שניט די אזוי־גערופענע „קרעפּאָסטניקי" (אָנהענגער פון לייב־אייגענטום פון די פּויערים). דער פּרעסע האָט מען ווידער פארמאכט דאָס מויל; עס איז פארבאָטען געוואָרן צו דיסקוטירן פריי דעם „סטאטוס"; מען האָט קאָנפיסקירט איין צייטונגס נומער נאָכ'ן אנדערן. „רען", די צייטונג פון איוואן אקסאקאָוו, וואָס איז דעמאָלט געווען גאנץ ראדיקאל, האָט געפּעדיגט די נויטיגקייט פון צונויפרופען דעם „זעמסקי סאָבאָר" (א קאָנסטיטואירענדע פארזאמלונג) און האָט

אפילו גאָרנישט ניט געהאַט קעגען צוריקרופען דאָס רוסישע מי־ליטער פון פוילען. פאַרהעלטניסמעסיג אונבאַדייטענדע פייערים אונגרוהען אין קאַזאַנער גובערניע און די גרויסע שרפה אין פע־טערבורג אין מאַי, 1862 (אין וועלכער מען האָט באַשולדיגט די פּאָ־ליאַקען און רעוואָלוציאָנערן), זיינען געוואָרן אַן אורזאַך צו פאַר־שטאַרקען די רעאַקציע. אַ לאַנגע רייה פּאָליטישע פּראָצעסען, וואָס זיינען באַלד געוואָרן אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אַלעק־סאַנדער דעם צווייטענס צייט, האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם, וואָס מען האָט פאַרשיקט אויף קאַטאָרזשנע אַרבייט דעם באַוואוסטען פּאָעט און פּובליציסט מיכאַיל מיכאַילאָוו.

די רעאַקציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען אין פּעטערבורג פון 1861 אָן, האָט נאָך ניט באַוויזען צו דערגרייכען סיביר. דער טאָבאָלער גובערנאַטאָר האָט באַעהרט מיט אַ מיטאָג מיכאַילאָוו׳ען אויף זיין וועג אין די מינען פון נערטשינסק. הער־צען׳ס „קאָלאָקאָל” איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין סיביר. און אין אירקוטסק, וואוהין איך בין אָנגעקומען אין סעפּטעמבער 1862, זיינען די קולטורעלע שיכטען פון דער געזעלשאַפט נאָך געווען פול מיט אָפּטימיסטישע האָפנונגען. „רעפאָרמען” זיינען דעמאָלט גע־ווען אויף אַלעמענס צונג אין אירקוטסק; און איינע פון די רע־פאָרמען, וואָס זיינען אַם לייַדענשאַפטליכסטען דיסקוטירט גע־וואָרן, איז געווען די נויטיגקייט פון אַ פולשטענדיגער רעאָרגאַני־זירונג פון דעם סיסטעם פון פאַרשיקונג.

איך בין באַשטימט געוואָרן אַדיוטאַנט צום זאַבאַיקאַלער גו־בערנאַטאָר, גענעראַל באָלעסלאַוו קאַזימיראָוויטש קוקעל, אַ ליט־ווין, וואָס האָט פולשטענדיג סימפּאַטיזירט מיט די ליבעראַלע אי־דעען פון יענער צייט. און אין אַ מאָנאַט אַרום בין איך געווען אין דעם גרויסען סיבירער דאָרף טשיטאַ, וואָס מוראַוויאָוו האָט דער־הויבען צום ראַנג פון דער הויפּטשטאָט פון זאַבאַיקאַלער געגענד.

אין דער זאַבאַיקאַלער פּראָווינץ געפינען זיך די באַוואוסטע נערטשינסקער מינען. אהער פאַרשיקט מען פון אַלע עקען רוס־לאַנד די פאַראורטיילטע אויף קאַטאָרזשנע אַרבייט; איז דערי־בער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די פראַגע וועגען פאַרשיקונג און קאַטאָרגאַ איז אָפּט פון אונז אַרומגערעדט געוואָרן. כמעט יעדער איינוואוינער אָדער באַאַמטער איז געווען באַקאַנט מיט יענע

שרעקליכע באַדינגונגען, אונטער וועלכע מען פלעגט טראַנספּאָר־
טירן די אַרעסטאַנטען, וואָס פלעגען דערביי מוזען געהן צופוס
דעם גאַנצען וועג פון פּערם ביז דער זאַבאַיקאַלער פראָווינץ. אַלע־
מען איז געווען באַקאַנט דער שרעקליכער צושטאַנד פון די פּאַר־
האַפטונגס פלעצער, סאַי אין די מינען פון נערטשינסקער געגענד,
סאַי איבער גאַנץ רוסלאַנד. און דעריבער האָט דאָס מיניסטעריום
פון אינערליכע אַנגעלעגענהייטען, אין פאַרבינדונג מיט דער רע־
ווידירונג פון דער אַלגעמיינער קרימינעלער געזעצגעבונג פון דער
אימפּעריע און פון דער פראַגע וועגען פאַרשיקונגג, געפּלאַנט
אויפצונעמען אַ גאַנצע רייה ראַדיקאַלע רעפאָרמען, בנוגע דעם
צושטאַנד פון געפענגניסען אין רוסלאַנד און סיביר.

— „מיר האָבען באַקומען אַ צירקוליאַר פון דעם מיניסטעריום
פון אינערליכע אַנגעלעגענהייטען", — האָט מיר איינמאָל געזאָגט
קוקעל, — „מען בעט אונז צונויפזאַמלען אַלערליי ידיעות וועגען
דעם צושטאַנד פון די געפענגניסען און מיטטיילען אונזער מיי־
נונג וועגען די נויטיגע רעפאָרמען. איהר ווייסט, וויפיעל אַרבייט
מיר האָבען איצט, פאַר אַזאַ אַרבייט איז ניטאָ ווער עס זאָל זיך נע־
מען. דער בערג דעפּאַרטאַמענט פאַרוואַלט די קאַטאָרזשנע געפענג־
ניסען פון נערטשינסקער געגענד. מיר האָבען אַריינגעשיקט אָנ־
פראַגען אויפ'ן רעגולערן אופן, אָבער קיינער ענטפערט אונז גאָר־
נישט. אפשר וועט איהר זיך נעמען פאַר אָט דער אַרבייט?" —
איך האָב, נאַטירליך, געענטפערט, אַז איך קאָן זיך ניט נעמען פאַר
אַזאַ אַרבייט, ווייל איך בין נאָך צו יונג און אינגאַנצען ניט באַקאַנט
מיט דער זאַך. אויף דעם האָט קוקעל איינפאַך געענטפערט:

— „נו, געוויס. אָבער דאָך פאַרנעמט זיך מיט דער פראַגע,
שטודירט זי! אין „זשורנאַל פון מיניסטעריום פון אינערליכע אַנ־
געלעגענהייטען" וועט איהר געפינען אַ רייה אויסגעצייכענטע אַר־
טיקלען וועגען אַלערליי געפענגנים סיסטעמען. און וואָס אָנבאַ־
טרעפט דער פּראַקטישער זייט פון דער פראַגע, וועלען מיר זעהן
אויסצוגעפינען ריכטיגע דאַטען וועגען דעם איצטיגען צושטאַנד. באַ־
זוכט אַלע תפיסות, באַטראַכט זיי. און נאָכדעם וועלען אייך העל־
פען פּאָלקאָווניק פּעדאַמענקאָ און די ערערען אַנדרעיעוו און יאַר־
רינצעוו, און אויך איינִיגע בערג באַאַמטע. מיר וועלען באַטראַכ־
טען יעדע קליינינקייט אינאיינעם מיט מענשען, וואָס זיינען פּראַק־

טיש באקאנט מיט דעם געגענשטאנד. אָבער פריהער פון אלץ מוז מען צונויפזאמלען דאטען, צוגרייטען דעם מאטעריאל פאר אונזערע פארהאנדלונגען."

אויף אזא אופן בין איך גאָר אומגעריכטערהייט געוואָרן סעק־רעטאר פון זאבאיקאלער קאָמיטעט וועגען דער געפענגנים רע־פאָרם. עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז איך האָב זיך מיט דעם שטארק געפרעהט און האָב זיך גענומען צו דער ארבייט מיט מיין גאַנצער יוגענדליכער ענערגיע. דער צירקולאר פון מיניסטעריום האָט מיך אינספירירט. ער איז געווען אָנגעשריבען אין א הויכען סטיל. דאָס מיניסטעריום אליין האָט אָנגעוויזען אויף די חסרונות פון דעם געפענגנים סיסטעם און האָט אויסגעדריקט זיין פול־שטענדיגע גרייטקייט אויפצונעמען אויף אָט דעם געביט ראדיקאלע רעפאָרמען פון דעם הומאנסטען כאראקטער. אין דעם צירקולאר איז, צווישען אנדערעס, אָנגעוויזען געוואָרן אויף די פארשידענע שטראָף סיסטעמען, וואָס ווערן פראקטיצירט אין מערב אייראָפּא, אָבער זיי אלע באפרידיגען ניט דאָס מיניסטעריום; און אין עלאָ־קווענטע אויסדרוקען שלאָגט פאָר דאָס מיניסטעריום זיך אומצו־קערן „צו די יסודות, וואָס זיינען פּראָקלאמירט געוואָרן פון דער גרויסער עלטער־באָבען און דעם גרויסען זיידען פון דעם מאָ־נארך, וואָס קיניגט איצט בשלום". פאר יעדען רוס, וואָס איז מעהר־ווייניגער באקאנט מיט דער געשיכטע פון זיין פאָטערלאנד, איז נענוג צו הערן דערמאָנען וועגען דעם באריהמטען „נאקאז" פון יעקאטערינא דער צווייטער, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרן אונטער דעם איינפלוס פון די ענציקלאָפּעדיסטען, און וועגען די הומאניטארע טענדענצען, מיט וועלכע די ערשטע יאָהרן פון אלעק־סאנדער דעם ערשטענס צייט איז געווען דורכגעדרונגען, אז פאר איהם זאָל שוין אויפשטעהן א גאנצע פּראָגראם. מיין ענטוזיאזם איז פארדאָפּעלט געוואָרן נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעלייענט דעם צירקולאר.

אָבער ליידער איז די זאך ניט אזוי ווייט, ווי איך האָב ערווארט. דער בערג דעפּארטאמענט, אונטער וועמעס רשות עס האָבען זיך געפונען די קאטאָרזשניקעס, וואָס האָבען געארבייט אין די נערטשינסקער פאבריקען, האָט זעהר ווייניג געזארגט וועגען די „גרויסע יסודות", וואָס יעקאטערינא האָט פּראָקלאמירט, און

האָט זיך מסתמא געהאַלטען ביי דער מיינונג, אַז וואָס וועניגער רעפאָרמען, אַלץ בעסער. די פיעל מאָל ווידערהאָלטע אָנפראַגען פון דעם גובערנאַטאָר זיינען געבליבען גאָר אָהן קיין שום ענטפער, — עס קאָן זיין דערפאַר, איבריגענס, וואָס דער דעפּאַרטאַמענט איז געוועזן דירעקט אונטערוואָרפען ניט צום גובערנאַטאָר, נאָר צו „זיין מאַיעסטעט'ס קאַבינעט" אין פּעטערבורג. אַ לאַנגע צייט האָט דער דעפּאַרטאַמענט פאַר'עקשנ'ט געשוויגען, און ווען ער האָט ענדליך צוגעשיקט אַ פּאַק „ווערדאָמאָסטי" (אַן אָרטיגע אָפיציעלע צייטונג), האָט מען פון זיי אפילו ניט געקאָנט באַשטימען ניט די גרויס פון די הוצאות אויף דער אויפהאַלטונג פון די אַרעסטירטע, ניט דעם ווערט פון זייער אַרבייט.

צום גליק האָבען זיך געפונען אין טשיטאַ ניט וועניג מענשען, וואָס זיינען געווען גוט באַקאַנט מיט דעם צושטאַנד פון די קאַ־טאָרגאַ געפענגניסען, און עטליכע בערג באַאַמטע האָבען מיר אויך גערן געגעבען געוויסע אָנווייזונגען. צווישען אַנדערעס, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז קיין איינע פון די זילבער מינען, ווי אויך איינינע פון די גאָלד מינען, וואָס ווערן באַאַרבייט מיט דער הילף פון די קאַטאָרזשניקעס, האָבען קיין איינקונפט ניט געבראַכט, און די בערג באַאַמטע האָבען געהאַלטען פאַר נויטיג צו פאַרמאַכען דעם גרעסטען טייל פון די מינען. עס איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען צום ווילקיר און דעספּאָטיזם פון די פאַרוואַלטער אין די גע־פענגניסען, און די שרעקליכע קלאַנגען, וואָס האָבען זיך געטראָ־גען איבער דער גאַנצער זאַבאַיקאַלער געגענד וועגען דער ברוטאַלי־טעט פון איינעם אַזאַ פאַרוואַלטער, מיט'ן נאָמען ראַזגילדעיעוו, האָבען נאָך די אויספאָרשונגען זיך אַרויסגעשטעלט פאַר פולשטענדיג ריכטיג. שרעקליכע סקאָרבוט עפּידעמיעס האָבען יעהרליך אויס־געקאָסעט די אַרעסטאַנטען אין די הונדערטער, און פון פּעטערבורג האָט מען אין דערזעלביגער צייט געשיקט באַפעהלען, אַז מען זאָל באַקומען וואָס מעהר גאָלד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט הונגעריגע מענשען געצוואונגען צו אַרבייטען איבער די כחות. די ידיעות וועגען די געפענגנים געביידען האָבען באמת געקאָנט אַריינברענגען אין פאַרצווייפלונג: די געפענגניסען זיינען געווען איבערפילט מיט אַרעסטאַנטען און זיינען געווען דורך־און־דורך צו־פוילט פון דעם שמוץ, וואָס גאַנצע דורות אַרעסטירטע האָבען

דאָרטען איבערגעלאָזט. לויט די באריכטען, האָבען דאָ קיין פּאַ־ליאַטיווען גאָרנישט ניט געקאָנט העלפען, עס זיינען נויטיג געווען גרינדליכע רעפאָרמען. איך האָב פּערזענליך באזוכט עטליכע גע־פעננגניסען און האָב זיך איבערצייגט אין דער ריכטיגקייט פון די באריכטען. די זאבאיקאַלער באאַמטע האָבען דעריבער דרינגענד געפאָדערט, אז די צאָהל ארעסטאַנטען, וואָס ווערט אין אָט די פּראָווינץ געשיקט, זאָל פארקלענערט ווערן. זיי האָבען דערביי אָנגעוויזען אויף די פיזישע אונמעגליכקייט צו געפינען פאר די ארעסטאַנטען ניט נאָר ארבייט, נאָר אפילו אַ פּלאַץ וואו צו זיין.

ניט בעסער איז די לאַגע געווען מיט'ן איבערשיקען די פאר־שיקטע דורכ'ן עטאַפּ; די ארבייט האָט זיך געפונען אין דעם קלעגליכסטען צושטאַנד. אַן עהרליכער יונגער באַאמטער, אַן אינ־זשענער לויט דער פּראָפעסיע, איז געשיקט געוואָרן צו באַטראַכ־טען די עטאַפּען, און ער האָט ערקלערט, אז זיי מוזען אַלע אויף דאָס ניי אויסגעבויט ווערן; אַ סך פון זיי זיינען געווען צו־פוילט ביז צום פונדאַמענט, און קיין איינער איז ניט געווען גענוג גראָס אריינצונעמען די גרויסע צאָהל ארעסטאַנטען, וואָס פלעגט אמאָל אין אַזאַ עטאַפּ זיך אָנזאַמלען. איך האָב באזוכט עטליכע עטאַפּען, האָב געזעהן די ארעסטאַנטען פּארטיעס אין וועג און האָב נאָר געקאָנט שטאַרק רעקאָמענדירן, אז מען זאָל אינגאַנצען אָפּ־שאַפען דאָס שרעקליכע עטאַפּען־סיסטעם, וואָס פיהרט נאָר צו אַ צוועקלאָזען מאַטערן פון טויזענטער מענער, פרויען און קינדער.

ווען אונזער אויספאָרשונג איז דערגאַנגען צו די אָרטיגע אָס־טראָגען, וואָס האָבען געדינט פאַר פארהאַפטונגס־פּלעצער פאר די אָרטיגע ארעסטאַנטען, האָבען מיר אויסגעפונען, אז אפילו אין אַ געוועהנליכער צייט זיינען זיי אָנגעפילט ביז צום העכסטען גראַד; עס איז אָבער לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואָס דאָרטען מוז פּאָרקו־מען, ווען מען פארהאַלט די ארויסגעשיקטע ארעסטאַנטען פאר־טיעס צוליעב פארפלייצונגען פון טייכען אָדער צוליעב די שרעק־ליכע סיבירער פרעסט. אָט די אַלע אָרטיגע אסטראָגען זיינען גע־ווען ריכטיגע קאָפּיעס פון דעם „טויטען־הויז", וואָס דאָסטאָיעוו־סקי האָט באשריבען.

אַ קליינער קאָמיטעט, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון גוטע מענשען און וואָס פלעגט זיך צונויפקומען פון צייט צו צייט

אין גובערנאטאָר'ס הויז, האָט זיך ענערגיש גענומען באַטראַכטען די פראַגע, אויף וואָס פאַר אַן אופן מען קאָן די זאַך אויסבעסערן, ניט באַלעסטיגענדיג דערביי מיט נייע הוצאות ניט די מלוכה קאַסע און ניט דעם אָרטיגען בודזשעט, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען גענוג שווער. דער קאָמיטעט איז איינשטימיג געקומען צום שלוס, אַז די פארשיקונג, אין דער פאָרם ווי זי עקזיסטירט, איז אַ שמאַך פאַר דער מענשהייט; אַז זי פאַלט ווי אַ שווערע לאַסט אויף סיביר, און אַז רוסלאַנד קאָן אַליין זאָרגען וועגען איהרע אַרעסטאַנטען, אָנשטאָט שיקען זיי אין סיביר. איינמאָל אַז די פראַגע איז אַזוי אָוועקגעשטעלט געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר נויטיג ניט נאָר אַ רעפאָרם פון דעם קרימינעלען קאָדעקס און דער געריכטליכער פּראָצעדור, — אַ רעפאָרם, וואָס איז פאַרשפּראָכען געוואָרן אין די מיניסטערישע צירקולאַרן, — נאָר אויך די איינפיהרונג אין רוסלאַנד גופא פון אַ נייעם געפענגניס סיסטעם.

אונזער קאָמיטעט האָט אָנגעוואָרפען אין אַלגעמיינע שטריכען דעם פּלאַן פון אַזאַ סיסטעם. די הויפּט־שטריכען פון דעם פּלאַן זיינען געווען: אָפּשאַפען די איינצעל־פאַרהאַפטונג; איינטיילען די אַרעסטאַנטען אין גרופּען פון 10־20 מענשען אין די קאַמערן; אַ פאַרהעלטניסמעסיג קורצער טערמין פון פאַרהאַפטונג, און אַ פּראָדוקטיווע, גוט באַצאָהלטע אַרבייט. אין זיין באַריכט האָט אונזער קאָמיטעט אויפגעפאָדערט צו ענערגישער אַרבייט אין רוסלאַנד גופא, כדי צו פאַרוואַנדלען איהרע תפיסות אין איינריכטונגען פאַר דער אויסבעסערונג פון די פאַרברעכער; דערביי איז ערקלערט געוואָרן, אַז די זאַבאַיקאַלער פּראָווינץ איז פולשטענדיג גרייט צוצוטרעטען צו דער רעפאָרמירונג פון איהרע געפענגניסען נאָך דעם אָנגעוויזענעם פּלאַן, ניט פאָדערנדיג קיין נייע אויסגאַבען פון דער מלוכה קאַסע. אין דעם באַריכט איז אָנגעוויזען געוואָרן, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער די אַרבייט אין די געפענגניסען דאַרף טראָגען, און דערביי איז די מיינונג פון די אויטאָרן פון באַריכט געוועזן, אַז די הוצאות פאַר דער אויפהאַלטונג פון די תפיסות דאַרפען געדעקט ווערן פון דער אַרבייט פון די אַרעסטאַנטען גופא, וואָס איז אַ גאַנץ דערגרייכבאַרע זאַך ביי אַ ריכטיגער אָרגאַניזאַציע. דער קאָמיטעט האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז עס וועלען זיך געפינען גענוג נייע מענשען, וואָס זיינען נויטיג, כדי דורכצופיהרן אין

לעבען אזא אלזייטיגע רעארגאניזירונג פון די געפענגניסען; בעת ביי די אלטע פיהרונגען איז שווער געווען צו געפינען אן עהרליכען נעפענגנים וועכטער, וועט דאס נייע סיסטעם גאר אהן ספק ארויס־רופען נייע עהרליכע ארבייטער צו טעטיגקייט אויף אט דעם געביט.

איך מוז מודה זיין, אז אין יענער צייט האב איך נאך אלץ געגלויבט אין דער מעגליכקייט צו פארוואנדלען די געפענגניסען אין רעפארמירונגס אנשטאלטען און האב געמיינט, אז בארויבונג פון פרייהייט קאן געהן האנט אין האנט מיט מאראלער ווידערגעבורט; דעריבער האב איך אזוי ענטוזיאסטיש באשריבען אט די אלע שלו־סען... אבער איך בין דאך דעמאלט אלט געווען אינגאנצען צוואנ־ציג יאהר! די גאנצע ארבייט האט פארנומען אכט אדער ניין מא־נאטען, און די רעאקציע אין רוסלאנד האט זיך אין דער צייט אלץ געשטארקט. דער פוילישער אויפשטאנד איז געווען א פא־סיגער תירוץ, אז די רעאקציאנערן זאלען אראפווארפען די מאסקען און אנהויבען אן אפענע אגיטאציע, רופענדיג זיך אומצוקעהרן צו דער אלטער ארדנונג, צו די אידעאלען פון לייב־אייגענטום. די גוטע אבזיכטען פון 1859־1862 זיינען אין הויף פארגעסען גע־ווארן; לעבען אלעקסאנדער דעם צווייטען האבען זיך באוויזען נייע טוער, וואס האבען געקאנט זעהר קונציג איינשרעקען איהם און באנוצען זיך מיט זיין שוואכען כאראקטער. די מיניסטארן הא־בען פאנאנדערגעשיקט נייע צירקולארן, דאס מאל שוין אהן סטטי־ליסטישע שעהנקייטען, וואס זיינען פארביטען געווארן אויף דער געוועהנליכער, אפיציעלער פראזעאלאגיע. אין אט די צירקולארען איז קיין ווארט ניט דערמאנט געווארן וועגען רעפארמען, נאר אנשטאט זיי האט מען אנגעוויזען אויף די נויטיגקייט פון א שטארקער מאכט און דיסציפלין.

איין שעהנעם טאג האט דער גובערנאטאר פון דער זאבאי־קאלער פראווינץ באקומען א באפעהל אוועקצולעגען זיין אמט און זיך אומקערען אין אירקוטסק, ביז א ווייטערער פאראדנונג. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז מען האט אויף איהם אנגעגעבען א מסירה: מען האט איהם באשולדיגט, אז ער איז זיך צו גוט באגאנגען מיט דעם פארשיקטען מיכאילאוו׳ען, אז ער האט איהם ערלויבט זיך אויפצוהאלטען אין א פריוואטער מינע אין נער־

טשינסקער ראיאָן, וואָס זיין ברודער האָט אָרענדירט; מען האָט דעם גובערנאַטאָר אויך באַשולדיגט, אַז ער האָט אַרויסגעוויזען סימפּאַטיע צו די פּאָליאַקען. ווען דער נייער גובערנאַטאָר איז אָנגעקומען אין זאַבאַיקאַלער געגענד, איז אויך אויסגעקומען אי־בערצואַרבייטען פון דאָס ניי אונזער באַריכט, ווייל דער גובערנאַ־טאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט איהם אונטערצושרייבען. מיט אַלע כחות האָבען מיר געקעמפּט, אָפּצוגעווינען כאָטש די הויפּט שלוסען פון דעם באַריכט; מיר האָבען מקריב געווען די פאָרם און האָבען אַזוי ענערגיש פאַרטיידיגט דעם עצם, אַז דער גובערנאַטאָר האָט סוף כל סוף געגעבען זיין אונטערשריפט, און דער באַריכט איז אָפּ־געשיקט געוואָרן אין פּעטערבורג.

וואָס איז פון איהם געוואָרן? מסתמא ליגט ער נאָך עד היום אין די אַרכיוועון פון מיניסטעריום. אין פאַרלויף פון די פאָלגענ־דע צעהן יאָהר איז די פראַגע וועגען רעפאָרמירן די געפעננגניסען אינגאַנצען פאַרגעסען געוואָרן. נאָכדעם, אין 1872, 1877-78, און שפּעטער, האָט מען אָרגאַניזירט ספּעציעלע קאָמיסיעס וועגען דעם ענין. אָט די אַלע קאָמיסיעס האָבען ווידער און ווידער אמאָל קריטיקירט די פאַרעלטערטע אָרדנונגען, זיי האָבען געשאַפען נייע סיסטעמען, — אָבער די אַלטע אָרדנונג איז ביז היינטיגען טאָג געבליבען אונבאַריהרט. נאָך מעהר, אַלע פאַרזוכען אויף רעפאָר־מען האָבען זיך אויף א פאַטאַלען אופן געענדיגט מיט דער אומ־קערונג צום אַלטען טיפּ פון רוסישען „אָסטראָג".

אמת, פאַר דער צייט האָט מען אין רוסלאַנד אויפגעבויט עט־ליכע צענטראַלע געפעננגניסען, אין וועלכע עס ווערן אויפגעהאַלטען קאַטאָרזשניקעס אין פאַרלויף פון 6-4 יאָהר, ביז זייער פאַרשי־קונג אין סיביר. מיט וואָס פאַר א צוועק האָט מען דאָס איינגע־פיהרט? אפשר מיט דער אבזיכט צו „באַשרענקען" די צאָהל קאַ־טאָרזשניקעס, לאָזענדיג זיי אויסשטאַרבען, וואָרים די שטערבליכ־קייט אין די צענטראַלע תפיסות איז שרעקליך גרויס. פאַר די לעצטע יאָהרען האָט מען אויפגעבויט זיבען אזעלכע געפעננגני־סען*): אין ווילנא, סימבירסק, פּסקאָוו, טאָבאָלסק, פּערם און צוויי

*) דאָס איז געשריבען געוואָרן אין 1886.

אין כארקאָווער גובערניע. אָבער אורטיילענדיג נאָך די אָפיציעלע באריכטען, אונטערשיידען זיי זיך אייגענטליך מיט קיין זאך ניט פון די געפענגניסען פון דעם אלטען טיפּ: „די־זעלביגע שמוץ, דאָס־זעלביגע ליידיג־געהן פון די ארעסטאנטען, די־זעלביגע פאראכ־טונג צו די פּרימיטיווסטע פאָדערונגען פון היגיענע", — אזוי כאַ־ראַקטעריזירט די צענטראַלע געפענגניסען א האַלב־אָפיציעלער באַ־ריכט. אין אָט די אַלע געפענגניסען זיינען אין 1880 געווען פאר־שפּארט 2,464 מענשען, דאָס הייסט, מעהר איידער די געפענגני־סען האָבען געקאָנט ארייננעמען, כאָטש אין דערזעלביגער צייט איז די צאָהל פון קאטאָרזשאַנעס־צענטראַליסטען געווען אונבאַדייטענד, אין פארגלייך מיט דער אַלגעמיינער צאָהל קאטאָרזשאַנעס, וואָס ווערען יעהרליך פארשיקט אין סיביר. אויף אזא אופן איז צו די אַלע אומגליקען, וואָס באַפאַלען די קאטאָרזשניקעס, נאָך צוגעקומען א נייע צרה: א שטרענגע פארהאַפטונג אין די צענטראַלע גע־פענגניסען; דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער „רעפאָרם", וואָס האָט פארשלונגען עטליכע מיליאָן פון דעם פאָלקס געלט.

די פארשיקונג איז אין אַלגעמיין געבליבען דיזעלביגע, ווי איך האָב זי געקענט אין 1862, אויסער אפשר איין וויכטיגע נייע איינפיהרונג אין דעם מעטאָד פון איבערשיקען די ארעסטאנטען. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז אָנשטאָט שיקען מיט'ן „עטאַפּ צופוס", וועט דער מלוכה קאסע אויסמאכען ביליגער אריבערצוי־פיהרען יעהרליך ארום 20,000 מענשען (כמעט צוויי דריטעל פון וועלכע ווערן פארשיקט אָהן א געריכטליכען פּראָצעס) פון פּערם ביז טיומען, דאָס הייסט, פון קאַמאַ ביז צום באַסיין פון אָב, אויף פערד, און פון דאָרטען אויף באַרזשעס, וואָס ווערן געצויגען פון דאַמפּפערס. איין צייט איז די אויסגראָבונג פון זילבער אין די נערטשינסקער מינען כמעט אָפּגעשטעלט געוואָרן, און צוליב דעם האָט מען אויפגעהערט פארשיקען די קאטאָרזשניקעס אין אָט די אויסערגעוועהנליך אומגעזונטע מינען, וואָס האָבען (אקאַטוי, צום ביישפּיעל) די ערגסטע רעפּוטאַציע. אָבער עס הערט זיך, אז מען פּלאַנט ווידער אָנצוהויבען באַארבייטען די מינען, און דערווייל — האָט מען באַשאַפען א נייעם גיהנם, ערגער פון אקאַ־טוי: די קאטאָרזשניקעס פארשיקט מען איצט אויף א זיכערן טויט אויף סאַכאַלין.

צום שלום מוז איך דערמאָנען וועגען די נייע עטאַפּען, וואָס מען האָט אויפגעבויט אויף אַ שטרעקע פון 3000 וויאָרסט, צווישען טאָמסק און סטרעטענסק (אויפ'ן טייך שילקאַ); די אריבערפיהרונג פון די ארעסטאַנטען פּאַרטיעס אויף אָט דעם וועג ווערט נאָך ביז היינטיגען טאָג געמאַכט צופוס*). די אַלטע עטאַפּען האָבען זיך פּאַרוואַנדעלט אין רואינען; עס האָט זיך ארויסגעוויזען פּאַר אונמעגליך צו באַנייען די מאַסע צופוילטע קלעצער, און מען האָט געמוזט בויען נייע געביידעס. זיי זיינען גרעסער פון די אַלטע, דערפּאַר אָבער זיינען אויך די ארעסטאַנטען פּאַרטיעס געוואָרען גרעסער; און דעריבער הערשט אויף די נייע עטאַפּען דערזעלבינער געדרענג און דיזעלביגע אונריינליכקייט, ווי אין די אַלטע צייטען.

אויף וועלכע ווייטערדיגע „פּאַרבעסערונגען" קאָן מען אָנווייזען פּאַר די לעצטע פינף און צוואַנציג יאָהר? איך האָב כמעט פּאַרגעסען צו דערמאָנען וועגען דעם פּעטערבורגער „דאָם פּרעדוואַריטעלנאַוואָ זאַקליוטשעניאַ", מיט וועלכען מען באַריהמט זיך געוועהנליך פּאַר די אויסלענדער. אין איהם געפינען זיך 317 איינצעל־קאַמערן און עטליכע גרויסע קאַמערן, אַזוי אַז צוזאַמען קאָנען אין איהם אויפגעהאַלטען ווערן 600 מאַנסבילען און 100 פרויען, וואָס ווערן פּאַרהאַלטען אין געפענגנים אין דער ערוואַרטונג פון זייער פּראָצעס. אָט דאָס זיינען, דוכט זיך, אַלע „פּאַרבעסערונגען. ביים אַריינפאָהר אין אַ וועלכער עס איז רוסישער שטאָט וועט איהר דערזעהן אַ שמוציגען, אַלטען, פינסטערן „אַסטראָג"; קיין זאַך האָט זיך ניט אומגעביטען אין דעם לעבען פון אָט די אַסטראָגען פּאַר די לעצטע 25 יאָהר. ערטערוועיז זיינען אויפגעבויט געוואָרן נייע תפיסות, דאָ און דאָרט האָט מען פּאַרריכט אַלטע; אָבער דאָס געפענגנים סיסטעם און די באַהאַנדלונג פון די ארעסטאַנטען איז געבליבען דיזעלביגע: אין די נייע געביידעס זיצט פעסט דער גייסט פון דעם אַלטען רעזשים, און ערוואַרטען אַן אמת'ע באַנייאונג אין דער געפענגנים וועלט וועט מען קאָנען נאָר דעמאָלט, ווען די גאַנצע אָרדנונג פון רוסישען לעבען וועט באַ־

*) דאָס איז געשריבען געוואָרן אין 1886. ווי באַקאַנט, איז איצט די פּאַרשיקונג אין סיביר אָפּגעשטעלט געוואָרן.

נייט ווערן. אין דער איצטיגער צייט אָבער פיהרן אַלערליי „רעפאָרמען”, ניט זעלטען צו נאָך אַן ערגערן צושטאַנד.

וואָס עס זאָלען ניט האָבען געוועזען די חסרונות פון די תפיסות אין דער פריהערדיגער צייט, האָט זיך פונדעסטוועגען אין 1862 איבער'ן גאַנצען לאַנד פאַרביינעטראָגען אַ ווינטעל פון ברייטען הומאַניזם, וואָס איז אַריינגעדרונגען דורך פּאַרשידענע וועגען אפילו אין די טיפענישען פון די רוסישע געפּענגניסען. און איצט . . . „האַלט ז י י אַזוי שטרענג ווי מעגליך!” — טראָגט זיך דער ווידערקול איבער די רוסישע געפּענגניסען.

## צווייטער קאַפּיטעל.

# די רוסישע תפיסות — פאָרטגעזעצט.

די געזעלשאַפטליכע מיינונג פון די אויפגעקלערטסטע מענ־שען אין איראָפּא איז שוין לאנג געקומען צום שלוס, אז אונזערע שטראָף איינריכטונגען זיינען ווייט פון צו זיין פולקאָם, און אז זיי זיינען אין עצם א לעבעדיגער ווידערשפּרוך צו די מאָדערנע טעאָ־ריען וועגען א פארנינפטיגער באהאנדלונג פון ארעסטירטע. מען קאָן זיך מעהר ניט בארופען אויף דעם אלטען פּרינציפּ lex talionis — דאָס רעכט פון געזעלשאַפטליכער נקמה אנטקעגען דעם פארברעכער. מיר פארשטעהען איצט, אז סאַי פארברעכער, סאַי העלדען זיינען אין א גלייכער מאָס פּראָדוקטען פון דער געזעלשאַפט גופא; מיר אָנערקענען אין אַלגעמיין, ווע־ניגסטענס אין טעאָריע, אז אָפּנעמענדיג ביים פארברעכער די פריי־הייט, דארפען מיר אָנשטאָט דעם זאָרגען וועגען זיין רעפאָרמי־רונג. דאָס איז דער אידעאַל, אָבער די ווירקליכקייט איז א בי־טערער שפּאָס איבער דעם אידעאַל. גאָר ניט קלערענדיג אפילו, גיבען מיר אָפּ דעם מערדער אין דעם הענקער׳ס הענט; דער מענש, וואָס איז אריינגעפאַלען אין געפענגניס, טראָגט פון איהר ארויס, אָנשטאָט מאָראַלער אויסבעסערונג, א פארשטאַרקטען האַס צו דער געזעלשאַפט. די דערנידעריגענדיגע פאָרמען פון געצוואונגענער געפענגניס ארבייט דערוועקען אין איהם א ווידערווילען צו אר־בייט בכלל. האָבענדיג אויסגעליטען אַלערליי דערנידערונגען מצד די גליקליכערע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, וואָס ווייסען ווי צו זינדיגען, ניט פארברעכענדיג אנטקעגען די געזעצען, אָדער פון מענשען, וועמען זייערע לעבענס־באדינגונגען האָבען באשיצט פון נסיונות, וואָס פיהרען צו פארברעכענס, — האָבענדיג אויסגעלי־טען אַלערליי דערנידערונגען מצד אזעלכע מענשען, לערנט זיך

דער פֿארברעכער אויס טיף צו האַסען אָט די גליקליכע מענשען, וואָס האָבען איהם דערנידעריגט, און ער דריקט אויס זיין האַס אין דער פֿאָרם פון אַלץ נייע און נייע פֿארברעכענס.

אויב די שטראָף איינריכטונגען פון מערב איירָאָפּאַ זיינען נים אימשטאנד כאָטש ביז צו אַ געוויסען גראַד זיך צו דערנעהנטערן צו יענע אידעאַלען, די פֿארווירקליכונג פון וועלכע איז פֿאַר זיי נעווען די איינציגע עקזיסטענץ־בארעכטיגונג, — איז וואָס בלייבט שוין איבער צו זאָגען וועגען די שטראָף־איינריכטונגען פון רוס־לאנד? די אונגעהויערע לאַנגע טערמינען פון געפֿאנגענשאַפֿט פֿאַר'ן פּראָצעס; די עקעלהאַפֿטע אומגעבונג פון די געפענגניסען; די צונויפשפּארונג פון הונדערטער ארעסטאנטען אין קליינינקע, שמוציגע קאַמערן; די הימעל־שרייענדיגע אונמאָראַליטעט פון די געפענגנים וועכטער, וואָס זיינען פּאַקטיש אַלמעכטיג, און וועמעס גאַנצע טעטיגקייט באַשטעהט אין איינשרעקען, אונטערדריקען און ארויסדריקען פון די ארעסטאַנטען די מיזעראַבעלע גראָשענס, וואָס די מלוכה קאַסע באַשטימט פֿאַר זיי; די געצוואונגענע פוילקייט, ווען קיין ארבייט איז ניטאָ; אַ פולשטענדיגע אונאַכטונג אויף די מאָ־ראַלע נויטען פון די ארעסטאַנטען; אַ מאָראַלע פֿארדאַרבונג פון די ארעסטאַנטען און אַ צינישע פֿאַראַכטונג צו זייער מענשליכער ווירדע, — דאָס זיינען די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון נע־פענגנים לעבען אין רוסלאַנד. די אורזאַך פון אָט די ערשיינונגען ליגט, נאַטירליך, ניט אין דעם, וואָס די פּרינציפּען פון די רוסישע שטראָף איינריכטונגען זיינען וועניגער דערהויבען, איידער עהנ־ליכע פּרינציפּען אין מערב איירָאָפּאַ. פֿאַרקערט, איך בין גענייגט צו מיינען, אַז דער גייסט פון אָט די איינריכטונגען אין רוסלאַנד איז מענשליכער. עס איז קיין ספק ניט, אַז פֿאַר דעם ארעסטאַנט איז וועניגער דערנידעריגענד צו פֿאַרנעמען זיך מיט אַ ניצליכער ארבייט אין סיביר, איידער פֿארברענגען די יאָהרן, קנייפּענדיג אַן אָנגעסמאָלעטע שטריק, אָדער קריכענדיג ווי אַ וועווערקע אין אַ ראָד, וואָס דרעהט זיך כסדר*); און אויב שוין אויסקלייבען צווי־שען צוויי איבלען, האָט דאָס רוסישע סיסטעם דעם פאָרצוג פֿאַר

---

*) דאָס איז ערשט ניט לאַנג אָפּגעשאַפֿט געוואָרן אין ענגלאַנד; דאָס אָנגעסמאָלעטע שטריק איז געבליבען.

דעם מערב־אייראָפּעאישען, וואָס אין רוסישען ווערט אויסגעשלאָסען טויט־שטראָף. צום אומגליק אָבער, ווערן די הומאַנסטע פּרינציפּען אין ביוראָקראַטישען רוסלאַנד ניט צום דערקענען, ווען מען נעמט זיי אָנווענדען אין דער פּראַקטיק. דעריבער, באַטראַכטענדיג די רוסישע געפענגניס און פארשיקונג, ווי זיי זיינען געוואָרן, ניט קוקענדיג אויף דעם גייסט פון געזעץ, מוזען מיר צוגעבען, אינאיינעם מיט אַלע אויספאָרשונגען פון די רוסישע געפענגניסען, אַז זיי זיינען אַ באַליידיגונג פאַר דער מענשהייט.

איינער פון די בעסטע רעזולטאַטען פון דער ליבעראַלער באַוועגונג פון 1859-62 איז געווען די געריכטליכע רעפאָרם. די אַלטע געריכטען מיט זייער פּאַפּירענער פארשלעפעניש, קאָלאָסאַלען כאַבאַר און פארקויפטקייט, זיינען געוואָרן אַ שטיק פארגאַנגענהייט. דאָס געריכט מיט געשוואָרענע, וואָס האָט שוין עקזיסטירט אין אוראַלטען רוסלאַנד, נאָר וואָס די מאָסקווער צאַרען האָבען אונטערדריקט, איז ווידער איינגעפיהרט געוואָרן. דורך דעם געזעץ וועגען דער באַפרייאונג פון די פּויערים זיינען איינגעפיהרט געוואָרן געריכטען פון וואָלאָסטען (דאָרפס־באַצירקען) פאַר קליינע פּויערשע פּראָצעסען. דער נייער סטאַטוט וועגען געריכטען, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרן אין 1864, פיהרט איין פרידענס־ריכטער; אין רוסלאַנד ווערן אַזעלכע ריכטער אויסדערוועהלט פון דער באַפעלקערונג, און אין פּוילען און ליטאַ ווערען זיי באַשטימט פון דער קרוין.

אַלע באַשולדיגונגען, וואָס פיהרן צום אָפּנעמען די בירגערליכע רעכט, זיינען איבערגעגעבען געוואָרן אין יוריסדיקציע פון באַצירק געריכטען, מיט דעם אַנטייל פון געשוואָרענע און מיט אַ פּראָצעס ביי אָפענע טירן. די ווערדיקטען פון אָט די געריכטען האָבען געקאָנט געבראַכט ווערן אין אַפּעלאַציאָנס געריכטען, און די ווערדיקטען פון די געשוואָרענע — אין קאַסאַציאָנס געריכטען. די פּרעלימינערע אויספאָרשונג האָט אָנגעהאַלטען איהר פריהערדיגען געהיימען כאַראַקטער; דאָס הייסט, אין געגענזאַץ צום ענגלישען סיסטעם און אין איינקלאַנג מיט דעם פראַנצויזישען, לאָזט מען ניט צו קיין אַדוואָקאַט צום באַשולדיגטען אין דער צייט פון דער פּרעלימינערער אויספאָרשונג; אָבער אין דערזעלביגער צייט איז געווען גאַראַנטירט די אונאָפּהענגיגקייט פון די געריכטס אויס־

פאַרשער (וואָס די שפּעטערדיגע געזעצען האָבען פולשטענדיג אָפּ־געשאפט). דאָס זיינען בקיצור געוועזען די הויפּט שטריכען פון דעם רעפאָרמירטען געריכט, לויט די געריכטס סטאַטוטען פון 1864. וועגען דעם אַלגעמיינעם גייסט פון אָט דעם געזעץ קאָן מען מיט רעכט זאָגען, אז, מיט דער אויסנאַם פון דער פּראצעדור פון פּרע־לימינערער אויספאָרשונג, איז ער געוועזען אין פולשטענדיגען איינ־קלאַנג מיט די ליבעראַלסטע אידעען, וואָס זיינען דעמאָלט געוועזען גאַנגבאַר אין דער יורידישער וועלט פון אייראָפּא.

כמעט גלייכצייטיג מיט דער פאַרעפענטליכונג פון דעם נייעם געריכטס־סטאַטוט, זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן (דורך א דעקרעט פון 17טען אפּריל 1863) די שענדליכסטע רעשטען פון דער אַלטער קרימינעלער געזעצגעבונג: די עפענטליכע באַשטראָפונג מיט'ן קנוט און דאָס שטעמפּלען די פאַרברעכער. אָט די ענדערונג איז אין א באַדייטענדער מאָס אַרויסגערופען געוואָרן פון דער געזעל־שאַפטליכער מיינונג פון לאַנד, וועמען די שענדליכע ירושה פון דעם באַרבאַרישען אַלטערטום האָט שטאַרק אויפגערעגט. די עמ־פערונג איז געוועזען אַזוי שטאַרק, אז אין איינציגע ערטער האָבען די גובערנאַטאָרן זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיגען ווערדיקטען וועגען באַשטראָפען מיט'ן קנוט. און איניגע גובערנאַטאָרן (קוקעל איז געוועזען איינער פון זיי) האָבען מתרה געוועזען דעם הענקער, אז אויב ער וועט זיך ניט באַשרענקען מיט א כלומר'שטער באַשטראָפונג, קוים באַריהרנדיג דעם פאַרברעכער'ס קערפּער מיט'ן קנוט (אָט דער פּראָפעסיאָנעלער צווייג פון דער קונסט איז די הענקער געוועזען גוט באַקאַנט), וועט ער אַליין פאַר דעם שווער באַשטראָפט ווערן. די קערפּערליכע באַשטראָפונג איז אויף אַזא אופן אָפּגעשאַפט גע־וואָרן, כאָטש צום באַדויערן ניט אינגאַנצען: די וואָלאָסט גע־ריכטען האָבען נאָך ניט פאַרלאָרן דאָס רעכט צו באַשטראָפען מיט שמיץ, און שמיץ זיינען אויך געבליבען, אינאיינעם מיט דער בייטש, אין די געפענגניסען אויף קאַטאָרגא. פרויען האָט מען געקאָנט באַ־שטראָפען קערפּערליך נאָר אין דעם פאַל, ווען מען האָט ביי זיי פריהער אינגאַנצען אָפּגענומען אַלע בירגערליכע רעכט.

אָבער, ווי אַנדערע רעפאָרמען פון אָט דער צייט, זיינען דיביידע געזעצגעבערישע רעפאָרמען, וועגען וועלכע מיר האָבען אוי־בען גערעדט, אין א באַדייטענדער מאָס פּאַראַליזירט געוואָרן דורך

ענדערונגען, וואס מען האט שפעטער אין זיי אריינגעטראגען, און אויך דורך זייער ניט דערגענצטקייט. דאס אלטע קרימינעלע גע־זעץ, וואס האט אינגאנצען ניט אנטשפראכען דעם נייעם גייסט, איז געבליבען. צוואנציג יאהר זיינען אריבער פון דער צייט, ווען מען האט צוגעזאגט צו רעווידירען דאס געזעץ; קאמיסיעס זיינען געזעסען איינע נאך דער אנדערער; נאך ערשט ניט לאנג איז אין די צייטונגען ערשינען א ידיעה, אז מען האט ענדליך באשטימט א צייט, ביז וועלכער די פארעלטערטע קרימינעלע געזעצען דארפען רעווידירט ווערן, און אז די בארבארישע געזעצען פון 1845 וועלען אפגעשאפט ווערן. אבער דערווייל בלייבט נאך אלץ אין קראפט דער סטאטוט, וואס איז ארויס פון די טיפענישען פון ניקאלאי דעם ערשטען׳ס קאמיסיע; און אין א פארבעסערטער אויפלאגע פון 1857 שיינט נאך אלץ פאראגראף 799, לויט וועלכען ארעס־טאנטען קאנען באקומען מיט דער בייטש פון 5 ביז 6000 שמיץ, און צוגעשמידט ווערן צו דער טאטשקע אויף א צייט פון איינעם ביז דריי יאהר.*)

נאך טרויעריגער איז געוועזן דאס שיקזאל פון דער געריכטלי־כער רעפארם: זי האט נאך ניט באוויזען אריינצוגעהן אין קראפט, ווי זי איז שוין דערשטיקט געווארן פון מיניסטערשע צירקולארן. פריהער פון אלץ איז זי ניט איינגעפיהרט געווארן אויף דעם גאנצען שטח פון דער אימפעריע, און אין 38 גובערניעס איז איבערגעלא־זען געווארן דאס אלטע געריכטס סיסטעם, און א דאנק דעם איז דארטען ווייטער אנגעגאנגען דער אלטער כאבאר. ביז 1885 איז דאס אלטע סיסטעם אנגעהאלטען געווארן אין גאנץ סיביר; און ווען מען האט ענדליך אין 1864 איינגעפיהרט דעם סטאטוט אין דריי סיבירישע גובערניעס, איז ער געוועזן אזוי פארקריפעלט, אז ער האט פארלארן זיינע בעסטע שטריכען. דאס געריכט פון געשווא־רענע בלייבט נאך אלץ א חלום אויף יענער זייט אוראל. די ליטווישע גובערניעס, פוילען, די באלטישע פראווינצען, ווי אויך איניגע דרום־מזרח׳דיגע און צפון׳דיגע גובערניעס (איינשליסענדיג די ארכאנ־געלסקער) בלייבען נאך אלץ ביי דער אלטער געזעצגעבונג; אין

*) דאס אלטע באשטראפונגס געזעץ איז אנגעהאלטען געווארן ביז דער גאר לעצטער צייט.

ווילנער און מינסקער גובערניעס איז דער נייער סטאטוט פארקריפעלט געוואָרן פון די רעאקציאָנערע טענדענצען פון דער איצטיגער רעגירונג.*)

אין יענע גובערניעס פון רוסלאנד, וואו עס איז איינגעפיהרט געוואָרן דער סטאטוט פון 1864, האָבען די רעאקציאָנערן אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי צו שטערן אויף ווי ווייט מעגליך דער ווירקונג פון דעם סטאטוט, ניט אָפּשאפענדיג איהם פאקטיש. די גע־ריכטס־אויספאָרשער האָט מען איננאנצען ניט געגעבען קיין מעגליכקייט צו באנוצען זיך מיט דער אונאָפּהענגיגקייט, וואָס דער נייער סטאטוט גאראנטירט. דאָס האָט מען דערגרייכט אויף א זעהר איינפאכען וועג: מען האָט די געריכטס־אויספאָרשער באַשטימט נאָר ווי „שטעלפארטרעטער"; אויף אזא אופן האָט דאָס יוסטיץ מיניסטעריום געקאָנט זיי איבערפיהרן און אָפּזאָגען, ווי אזוי איהם איז נאָר איינגעפאלען. די מיטגלידער פון די באצירק געריכטען זיינען געשטעלט געוואָרן אַלץ אין א גרעסערע אָפּהענגיגקייט פון דעם יוסטיץ מיניסטער, וועלכער האָט זיי באשטימט, און אויף וועמעס ווילען זיי האָבען געקאָנט אריבערגעפיהרט ווערן פון איין גובערניע אין א צווייטע, דאָס הייסט, צום ביישפיעל, פון פעטערבורג אין . . . אסטראכאן. די פארטיידיגונגס פרייהייט איז געוואָרן א זאך פון דער פארגאנגענהייט; און די וועניגע אדוואָקאטען, וואָס האָבען געפּרואווט ארויסווייזען כאָטש אביסעל אונאָפּהענגיגקייט אין זייערע רעדען, ווען זיי האָבען פארטיידיגט פּאָליטישע פארברעכער, האָט מען אָהן צערעמאָניעס ארויסגעשיקט אין סיביר אויפ'ן באפעהל פון דער דריטער אָפּטיילונג. איננאנצען אומאָפּהענגיגע געשוואָרענע זיינען, פארשטעהט זיך, אוממעגליך אין א לאנד, וואו יעדער פּויער־געשוואָרענער ווייס זעהר גוט, אז יעדער פּאָליציסט קאָן איהם שלאָגען, אפילו ביים טיר פון געריכט. און די ווערדיקטען פון די געשוואָרענע אפילו ווערן ניט גענומען אין אכט, אויב זיי געפעלען מיט עפּעס ניט דעם גובערנאטאָר. ניט קוקענדיג אויפ'ן ווערדיקט „ניט שולדיג", קאָנען די באפרייטע ווידער ארעסטירט ווערן ביים ארויסגאנג פון געריכט און אריינ־

*) גאָר ערשט ניט לאנג, אין 1896, זיינען די געריכטס סטאטוטען פארשפּרייט געוואָרן אויף סיביר.

גענזעצט ווערן אין געפענגניס אויף אן אדמיניסטראטיווען באפעהל. עס איז גענוג אנצואווייזען כאטש אויפ'ן פראצעס פון דעם פויער בארונאוו. ער איז אנגעקומען אין פעטערבורג ווי א דעלעגאט פון זיין וואלאסט, מיט'ן צוועק צו באקלאגען זיך פאר'ן צאר אויף די אומגערעכטיגקייט פון די באאמטע, און איז דערפאר געשטעלט געווארן צום געריכט ווי א „בונטאוושטשיק". דאס געריכט האט איהם ערקלערט אונשולדיג, און פונדעסטוועגען איז ער נאכאמאל ארעסטירט געווארען ביים ארייננאנג צום געריכט און ארויסגע־שיקט געווארן אין קאלא. אויף אן עהנליכען אופן האט מען פארשיקט דעם ראסקאלניק טעטענאוו און א מאסע אנדערע. וועלא זאסוליטש, וועמען די געשווארענע האבען ערקלערט אונשולדיג, איז געשטאנען אין געפאהר ווידער ארעסטירט צו ווערן; און מען וואלט זי אהן ספק ארעסטירט, ווען איהרע חברים וואלטען ניט באוויזען אוועקצופיהרען זי, — דערביי איז איינער פון איהרע באפרייער דער'הרג'עט געווארען אין דעם צוזאמענשטויס, וואס איז פארגעקומען צווישען די באפרייער און דער פאליציי.

די דריטע אפטיילונג, די הויף אריסטאקראטיע און די גובער־נאטארען האבען געקוקט אויף די נייע געריכטען, ווי אויף א מין פעסט, און האבען זיך באצויגען צו זיי מיט פולשטענדיגער פאר־אכטונג. א מאסע פראצעסען ווערען באטראכט אויף אן אדמי־ניסטראטיווען אופן ביי פארמאכטע טירען, ווייל די געריכטס אויספארשער, די ריכטער און די געשווארענע וואלטען, ווייזט אויס, געווען נאר א „שטערונג" פאר דער אדמיניסטראטיווער גערעכ־טיגקייט. די פרעלימינערע אויספארשונג אין אלע פראצעסען, וואו עס ווערט פארדעכטיגט א „פאליטישער עלעמענט", ווערט גע־פיהרט פון זשאנדארם־אפיצירען, אמאל אין דער אנוועזענהייט פון פראקוראר, וואס באגלייט די זשאנדארמען ביי הויז־זוכונגען און אויספארשונגען. אט דער פראקוראר, וואס ווערט צוגעשטעלט צו די זשאנדארמען אין די בלויע מונדירן און וועלכער ווערט אינערליך פאראכטעט פון זיינע חברים, פילט אויס אן אייגענארטיגע מיסיע: אונטער דער מאסקע פון אן אפהיטער פון געזעץ, העלפט ער דער אונגעזעצליכקייט פון דער געהיימער פאליציי. ער גיט צו איהר טעטיגקייט א כלומר'שט געזעצליכען כאראקטער. דער ווערדיקט אין פאליטישע פראצעסען און די מאס פון באשטראפונג הענגט

איינגאנצען אָפּ פון דער אדמיניסטראציע אָדער פון דעם דעפּארטאַ־מענט פון דער מלוכה פּאָליציי (אַ געענדערטער נאָמען פון דער געוועזענער דריטער אָפּטיילונג); אויף אזא אופן ווערן שווערע באַ־שטראָפונגען, — ווי די פארשיקונג אין די פּאלארנע געגענדען פון סיביר, אמאָל אויף דאָס גאנצע לעבען, — ארויפגעלעגט נאָר אויפ'ן גרונט פון זשאנדארמסקע מסירות. בכלל נעמט די רוסישע רעגירונג אָן דעם מיטעל פון אדמיניסטראטיווער פארשיקונג אין אַלע פאלען, ווען עס איז ניטאָ די קלענסטע מעגליכקייט צו באקומען אַ ווערדיקט „שולדיג", אפילו דורך אַ דרוק אויף דאָס געריכט. „מען פארשיקט אייך אויף אַן אדמיניסטראטיווען אופן אין סיביר, ווייל מען קאָן אייך ניט שטעלען צום געריכט, מחמת עס זיינען איינגאנצען ניטאָ קיין באווייזען פון דעם פאַר־ברעך", — אין אזא ציניסער פאָרם ערקלערט מען דעם ארעס־טירטען ווענען זיין שיקזאַל. — „איהר דארפט זיך פרעהען, וואָס איהר האָט אָפּגעשניטען אזוי לייכט", — גיבען צו די באאמטע. און מען פארשיקט מענשען אויף פינף, צעהן, פופצעהן יאָהר אין אַ קליין שטעטעל פון אַ 500 איינוואוינער, ערגעץ וואו לעבען פּאָלארען קרייז. אויף אזא אופן רעכענט מען זיך אָפּ ניט נאָר מיט „פּאָליטישע", מיט מיטגלידער פון געהיימע געזעלשאפטען, נאָר אויך מיט רעליגיעזע סעקטאנטען און בכלל מיט מענשען, וואָס יואגען ארויסצואווייזען אַן אונצופרידענהייט מיט די האנדלונגען פון דער רעגירונג, מיט שרייבער, וועמעס ווערק מען האלט פאַר „געפעהרליך", מיט אַלע „פּאָליטיש־אונפארלעסליכע"; מיט אר־בייטער, וואָס האָבען ארויסגעוויזען אַ צו שטארקע טעטיגקייט אין צייט פון סטרייקס; מיט אַלע מענשען, וואָס האָבען מינדליך באַ־ליידיגט „די הייליגע פערזענליכקייט פון זיין מאיעסטעט, דעם צאַר־אימפּעראַטאָר" (און אזעלכע האָט מען אין פארלויף פון זעקס מאָנאטען אין 1881 אָנגערעכענט 2500 מענשען)... בכלל ווענ־דעט די רעגירונג אָן די אדמיניסטראטיווע פארשיקונג אין פאלען, ווען, באנוצענדיג דעם אָפיציעלען שאבלאָנעם לשון, „מען וואָלט ביי דער געריכטליכער פּראָצעדור געקאָנט ערווארטען „אַן אויפ־רעגונג פון דער געזעלשאפטליכער מיינונג."

וואָס אָנבאטרעפט די פּראָצעסען פון אַ פּאָליטישען כאראַק־טער, זיינען נאָר די רעוואָלוציאָנערע געזעלשאפטען פון דער ערשטער

צייט ארונטערגעפאלען אונטער דאָס געזעץ פון 1864. שפּעטער, ווען די רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, אז די ריכטער זיינען גאָר ניט גענויגט צו פאראורטיילען צו קאטאָרזשנע ארבייטען מענשען, וואָס מען האָט פארדעכטיגט נאָר אין א באקאנטשאפט מיט רעוואָ־לוציאָנערען, זיינען די פּאָליטישע פּראָצעסען איבערגעגעבען גע־וואָרען אין באזונדערע געריכטען, די ריכטער פון וועלכע ווערן באשטימט פון דער רעגירונג ספּעציעל פאר דעם צוועק. אן אויס־נאהם פון דעם כלל איז געוועזן דער פּראָצעס פון ווערא זאסוליטש. ווי באקאנט, איז זי פּראָצעסירט געוואָרען פון געשוואָרענע און ערקלערט געוואָרן פאר אונשולדיג. אָבער, ווי פּראָפעסאָר גראַ־דאָווסקי האָט אין דער צייטונג „גאָלאָס" (וועלכע מען האָט שפּע־טער פארמאכט) געשריבען, „אלע אין פּעטערבורג האָבען גע־וואוסט, אז דער פּראָצעס פון זאסוליטש איז ארייננעפאלען אין א געריכט פון געשוואָרענע נאָר א דאנק א קריג צווישען גראַדאָנאַ־טשאלניק פון איין זייט, און די מיניסטאָרען פון יוסטיץ און אינער־ליכע אנגעלעגענהייטען פון דער אנדערער; נאָר אזעלכע „זשאלוזיע דע מעטיע", וואָס זיינען אזוי כאראקטעריסטיש פאר דער איצ־טיגער לאגע, גיבען אונז א מעגליכקייט כאָטש ווען עס איז אָפּצור־אָטעמען." איינפאכער גערעדט, די הויף קאמארילא האָט זיך צווישען זיך צוקריגט; אייניגע מיטגלידער איהרע האָבען באשלאָ־סען, אז עס איז אָנגעקומען א גינסטיגער מאָמענט צו דיסקרעדי־טירען טרעפּאָוו'ן, וועלכער האָט דעמאָלט געהאט אן אונגעהויערן איינפלוס ביי אלעקסאנדער דעם צווייטען, און דעם יוסטיץ מיניס־טער איז געלונגען צו באקומען דעם אימפּעראטאָר'ס ערלויבניש איבערצוגעבען דעם פּראָצעס פון זאסוליטש אין א געריכט פון געשוואָרענע. ער האָט נאטירליך גאָר ניט אויסגערעכענט, אז מען וועט זי ערקלערן אונשולדיג, אָבער ער האָט געוואוסט, אז דאָס עפענטליכע געריכט וועט אונמעגליך מאכען, אז טרעפּאָוו זאָל וייטער בלייבען פּעטערבורגער גראַדאָנאטשאלניק.

און ווידער מסתמא א דאנק „זשאלוזיע-דע־מעטיע" איז ארויס אין עפענטליכקייט דורך א פּראָצעס דער סקאנדאליעזער פאל פון געהיימראט טאָקאריאָוו, גענעראל־לייטענאנט לאָשקאריאָוו און זייערע מיטהעלפער: דעם פארוואלטער פון רעגירונגס אייגענטום אין מינסקער גובערניע, סעוואסטיאנאָוו, און דעם איספּראווניק

קאַפּהער. אַט די הערדען (טאַקאַריאַוו איז געווען מינסקער גובערנאַטאָר, און לאַשקאַריאָוו — אַ באַאמטער פון מיניסטעריום פאַר אינערליכע אַנגעלעגענהייטען „וועגען פּויערשע ענינים״) האָבען איינפאַך אוועקגעגנב׳עט 2,000 דעסיאַטין ערד, וואָס האָט געהערט צו די פּויערים פון לאָגישין, אַ קליינעם דאָרף פון מינסקער גובערניע, האָבענדיג געקויפט דאָס לאַנד פון דער מלוכה פאַר דעם נאָמינאַלען פּרייז פון 14,000 רובעל, אין אויסצאָהלונגען אויף 20 יאָהר, צו 700 רובעל אַ יאָהר. די בארויבטע פּויערים האָבען אָנגעגעבען אַ קלאַגע אין סענאַט. דער סענאַט האָט אנערקענט, אַז די באַטרעפענדע באַאמטע האָבען ניט קיין רעכט אויף דאָס לאַנד, און האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל, אַז מען זאָל דאָס פאַרכאַפּטע שטיק לאַנד אומקערען. אָבער דער באַפעהל פון סענאַט איז „פאַרלאָרען געגאַנגען״... און דער פאַרוואַלטער פון די מלוכה גיטער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווייס גאָרנישט וועגען דער פאַראָרדנונג פון סענאַט. דערוויייל האָט שוין דער גובערנאַטאָר גענומען אויפמאָנען פון די לאָגישינער פּויערים 5474 רובעל אָרענדע פאַר׳ן יאָהר (אליין האָט ער געצאָהלט נאָר 700 רובעל אַ יאָהר). די פּויערים האָבען זיך אָפּגעזאָגט צו צאָהלען און האָבען אוועקגעשיקט אין פּעטערבורג „דעלעגאַטען״, אָבער זייערע קלאַגען אין מיניסטעריום פון אינערליכע אַנגעלעגענהייטען, וואו לאַשקאַריאָוו איז געווען „אַן אָנגעזעהענע פּערזאָן״, האָבען נאָר געפיהרט צו דעם, אַז מען האָט זיי אַרויסגעשיקט פון הויפּטשטאָט ווי „בונטאָווששיקעס״. ניט קוקענדיג אויף דעם, האָבען די פּויערים זיך פאָרט אָפּגעזאָגט צו צאָהלען, און דעמאָלט האָט דער גובערנאַטאָר טאַקאַריאָוו אַרויסגעפאָדערט מיליטער, כדי מיט זייער הילף אויסצופּרעסען דאָס געלט פון די פּויערים. טאַקאַריאָוו׳ס פריינד, גענעראַל לאַשקאַריאָוו, איז תּיכף, אויפ׳ן באַפעהל פון מיניסטער, אַרויסגעשיקט געוואָרען אין דער שפּיץ פון אַ מיליטערישער אָפּטיילונג, כדי „איינצושטעלען אָרדנונג״ אין לאָגישין. מיט דער מיטווירקונג פון אַ באַטאַליאָן אינפאַנטעריע און 200 קאָזאַקען, האָט ער געשמיסען אַלע איינוואוינער פון דאָרף, ביז זיי האָבען איינגעצאָהלט די אָרענדע, און גלייך נאָכדעם האָט ער פייערליך מודיע געווען אין פּעטערבורג, אַז ער האָט „איינגעשטילט די אומרוהען אין איינער פון די גובערניעס פון צפון־מעריב׳דיגער

נעגענד.״ נאָכמעהר, ער האָט נאָך שכל געהאַט פאַר אָט די „מי־
ליטערישע עקספּעדיציע״ אויסצובעטען דעם אָרדען פון הייליגען
וולאַדימיר פאַר זיינע פריינט, טאָקאַריאָוו און דעם **איספּראַווניק**
קאַפּהער.

אָט דער שרעקליכער פאַל, וואָס איז ברייט באַקאַנט געוואָ־
רען איבער גאַנץ רוסלאַנד, וואָלט קיינמאָל ניט געקומען צום גע־
ריכט, ווען ניט די אינטריגען אין ווינטער פּאַלאַץ. ווען אַלעק־
סאַנדער דער דריטער האָט פאַרנומען דעם טראָן און זיך אַרומגע־
רינגעלט מיט נייע מענשען, האָבען די נייע הויפליים ביי דער
מאַכט געפונען פאַר נויטיג מיט איין קלאַפּ צו פאַרניכטען פּאָטאַ־
פּאָוו׳ס פּאַרטיי, וואָס האָט דאַן געשטרעבט נושא חן צו זיין ביים
צאַר. מען האָט באַדאַרפט דיסקרעדיטירן אָט די פּאַרטיי, און
לאָשקאַריאָוו׳ס פּראָצעס, וואָס האָט פרידליך גערוהט אין די אַרכי־
ווען אין פאַרלויף פון פינף יאָהר, איז אין נאָוועמבער 1881 אָפּגעגע־
בען געוואָרן פאַר אַן אונטערזוכונג אין סענאַט. מען האָט בכיון
נעגעבען דעם פּראָצעס די ברייטסטע פּובליציטעט; און אין פאַר־
לויף פון עטליכע טעג זיינען די פּעטערבורגער צייטונגען געווען
איבערפולט מיט באַשרייבונגען וועגען דעם, ווי די באַאַמטע האָבען
באַרויבט און באַגנב׳עט די פּויערים, ווי מען האָט זקנים־פּויערים
פאַרשמיסען ביז צום טויט, ווי קאָזאַקען האָבען מיט דער הילף פון
נאַגאַיקעס אַרויסגעפּרעסט געלט פון די לאָגישינער פּויערים, וועי־
מעס ערד דער גובערנאַטאָר האָט אַוועקגערויבט. אָבער אויף איין
טאָקאַריאָוו׳ן, וועמען דער סענאַט האָט פאַראורטיילט, וויפיל וועי־
לען זיך געפינען אַזעלכע טאָקאַריאָווס, וואָס שניידען אין פרידען
די פּרוכט פון זייער רויב סאַי אין די מערב׳דיגע, סאַי אין די
מזרח׳דיגע גובערניעס, אין די צפון׳דיגע אַזוי גוט ווי אין די
דרום׳דיגע? זיי ווייסען, אַז זייערע טאַטען וועלען קיינמאָל ניט
קומען פאַר׳ן געריכט, אָדער, יעדענפאַלס, אַז אַ פּראָצעס, וואָס
מען וועט אויפפיהרען קעגען זיי, וועט פאַרשוויגען ווערן אויף דעמ־
זעלבינען אופן, ווי טאָקאַריאָוו׳ס פּראָצעס איז פאַרשוויגען געוואָרן
אין פאַרלויף פון פינף יאָהר אויפ׳ן באַפעהל פון יוסטיץ־מיניסטער.

פּאָליטישע פּראָצעסען זיינען גאַר אינגאַנצען אַרויסגענומען
פון דער יוריסדיקציע פון די געוועהנליכע געריכטען. עטליכע
ספּעציעלע ריכטער, וואָס ווערן פאַר דעם צוועק באַשטימט, שטעהען

אונטער דער קאָמאנדע פון סענאט, און זיי באשטימען די מאַסען פון שטראָף פאר פאָליטישע פארברעכער, ווען נאָר די רעגירונג האָט קיין חשק ניט זיך אפצורעכענען מיט זיי אויף א װעלכען עס איז אנדערן, איינפאכערן אופן. א סך פּאָליטישע פּראָצעסען ווערן אונטערזוכט פון קריגסגעריכטען, אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דאָס געזעץ פאָדערט פולשטענדיגע עפענטליכקייט אין קריגסגעריכטען, קומען די פארהאנדלונגען פון פּאָליטישע פּראָצעסען אין אָט די געריכטען פאָר בסודי סודות.

עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז פולשטענדיגע און ריכטיגע באריכטען פון די פּאָליטישע פּראָצעסען ערשיינען קיינמאָל ניט אין די רוסישע צייטונגען. פריהער האָבען די צייטונגען געמוזט רעפּראָדוצירן „רעדאגירטע״ באריכטען פון „פּראַוויטעלסטווענני וועסטניק״; איצט אָבער האָט די רעגירונג איינגעפונען, אז אפילו אזעלכע באריכטען מאכען א צו שטארקען איינדרוק אויף די לעזער, ארויסרופענדיג אלעמאָל סימפּאטיע צו די פאראורטיילטע; דעריבער דרוקט מען אפילו אזעלכע באריכטען אויך מעהר ניט. לויט דעם געזעץ, וואָס איז פארעפענטליכט געוואָרן אין סעפּטעמבער 1881, האָבען די גענעראל־גובערנאטאָרן און גובערנאטאָרן א רעכט צו פאָדערן, „אז די אלע פּראָצעסען, וואָס קאָנען אויפרעגען די מוחות, זאָלען געפיהרט ווערן ביי פארמאכטע טירן.״ לויט דעמזעלביגען געזעץ, טאָרן ביים פּראָצעס ניט זיין אָנוועזענד אפילו באאמטע פון יוסטיץ מיניסטעריום, און עס ווערן צוגעלאָזען נאָר „די פרוי אָדער מאן פון די אָנגעקלאָגטע (וואָס זיינען אָפּטמאָל אליין ארעסטירט), אָדער דער פּאָטער, אָדער די מוטער, אָבער בשום אופן ניט מעהר ווי איין קרוב אויף יעדען אָנגעקלאָגטען.״ דאָס ווערט, ווייזט אויס, געטאָן, כדי די רעדען פון די באשולדיגטע אָדער וועלכע עס איז פאקטען, וואָס זיינען ניט שעהן פאר דער רעגירונג, זאָלען ניט דערגעהן צום עולם. אין דער צייט פון דעם פּראָצעס פון די „איין־און־צוואנציג״ אין פּעטערבורג, ווען צעהן מענשען זיינען פאראורטיילט געוואָרן צום טויט, איז נאָר דער מוטער פון איינעם, סוכאנאָוו, ערלויבט געוואָרן צו זיין אין געריכט. די פארהאנדלונגען פון א סך פּראָצעסען זיינען פאָרגעקומען אזוי, אז קיינער האָט אפילו ניט געוואוסט, וואו און ווען דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען. אזוי, צום ביישפּיל, האָט מען א

לאנגע צייט ניט געוואוסט, וואָס עס איז געוואָרן פון דעם ארמיי־אָפיציר באַגאַראַדסקי (דעם זוהן פון דעם פארוואלטער פון „טרו־בעצקאָי באסטיאָן" אין „פעטראָפּאוולאָווסקאיא קרעפּאָסט"), ווע־מען מען האָט פאראורטיילט צו קאטאָרזשנע ארבייט פאר פאר־קערן מיט די רעוואָלוציאָנערען; וועגען דעם אורטייל האט מען זיך נאָר צופעלינ דערוואוסט פון דעם באשולדיגונגס אקט אין אנאנ־דערן, שפּעטערדיגען פּאָליטישען פּראָצעס. אין „פּראוויטעל־סטווענני וועסטניק" ווערט ניט זעלטען ערקלערט, אז דער צאר האָט גנעדיגסט מילדער געמאכט דעם אורטייל פון געריכט און האָט פארביטען טויט שטראָף אויף קאטאָרזשנע ארבייט; אָבער דעם עולם בלייבט אומבאקאנט דער געריכטליכער פּראָצעס גופא, וואָס האָט געפיהרט צום אורטייל, ווי אויך דער כאראקטער פון די פארברעכען, פאר וועלכע די באשולדיגטע זיינען פאראורטיילט געוואָרן. נאָכמעהר, אפילו די לעצטע טרייסט פון די צום טויט פאראורטיילטע, די עפענטליכקייט פון דער הינריכטונג, איז ביי זיי אָפּגענומען געוואָרן. איצט הענגט מען אין געהיים, אין די פיר ווענט פון דער פעסטונג, אָהן דער אָנוועזענהייט פון אומגעווינשטע עדות. א געוויסע ערקלערונג, פארוואָס די רעגירונג האָט אזוי מורא פאר עפענטליכע הינריכטונגען, קאָן זיין דער פאָלגענדער פאקט: וועגען ריסאקאָוו'ן האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז ווען מען האָט איהם אוועקגעשטעלט אויפ'ן עשאפאָט, האָט ער געוויזען דעם עולם זיינע צוקריפּעלטע הענט, און איבער דעם קלאָ־פּען פון די פּויקען האָט ער אויסגעשריען, אז מען האָט איהם גע־מאטערט נאָכ'ן פּראָצעס. מען זאָגט, אז א גרופּע ליבעראלען האָ־בען דערהערט זיין אויסגעשריי; און אָפּלייקענענדיג פון זייער זייט וועלכע ניט איז סימפּאטיע צו די טעראָריסטען, האָבען זיי פונדעסטוועגען געהאלטען פאר זייער פליכט צו פארעפענטליכען דאָס געשעהענע אין דער אונלעגאלער ליטעראטור און ציהען די אויפמערקזאמקייט פון דער געזעלשאפט אויף דעם שענדליכען צו־ריקקער צו דער לאנג פארשוואונדענער פארגאנגענהייט. איצט, א דאנק דער געהיימקייט פון הינריכטונגען, וועט די געזעלשאפט גאָרנישט ניט וויסען, וואָס עס קומט פאָר אין די קאזעמאטען פון „פעטראָפּאוולאָווסקאיא קרעפּאָסט" צווישען דעם פּראָצעס און דער הינריכטונג.

דער פּראָצעס פון די פּערצעהן טעראָריסטען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען ווערא פיגנער און לודמילא וואָלקענשטיין, האָט זיך געענדיגט מיט טויט־אורטייל פאר אכט פון די אָנגעקלאָגטע, און איז געפיהרט געוואָרן אין געהיים, אזוי אז לויט די ווערטער פון א קאָרעספּאָנדענט פון איין ענגלישער צייטונג, האָט קיינער ניט געוואוסט וועגען די זיצונגען פון געריכט, אפילו אין די הייזער, וואָס זיינען געשטאנען בשכנות צו דער געביידע פון געריכט. אין עולם זיינען אינגאנצען געווען ניין פּערזאָן, הויפּליים, וואָס האָבען זיך געוואָלט איבערצייגען אין דער ריכטיגקייט פון די קלאגען, אז איינע פון די העלדינען אין דעם פּראָצעס איז א זעלטען שעהנע. א דאנק דעם אויבענדערמאָהנטען ענגלישען קאָרעספּאָנדענט איז באקאנט געוואָרן, אז צוויי פון די אָנגעקלאָגטע, שטראָמבערג און ראָגאטשאָוו, זיינען הינגעריכטעט געוואָרן אין דער שטרענגסטער געהיימניס. אָט די ידיעה איז דערנאָך אָפיציעל באשטעטיגט געוואָרן. אין „פּראַוויטעלסטווענני וועסטניק" איז ערקלערט געוואָרן, אז פון די אכט צום טויט פאראורטיילטע זיינען זעקס „באַגנאדיגט" און שטראָמבערג און ראָגאַטשאָוו זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרן. אָט דאָס זיינען אַלע ידיעות, וואָס זיינען דערגאנגען צום עולם וועגען דעם פּראָצעס; קיינער האָט אפילו ניט געוואוסט, וואו די הינריכטונג איז פּאָרגעקומען. וואָס אָנבאַטרעפט די „באַגנאַדיגטע", וואָס האָבען געדארפט געשיקט ווערן אויף אייביגע קאַטאָרזשנע ארבייט, האָט מען זיי ניט געשיקט אויף קאַטאָרגע, נאָר זיי זיינען ערגעץ וואו פארשוואונדען. מען רעכענט, אז מען האָט זיי פארשפּארט אין די נייע פּאָליטישע געפענגנים פון שליסעלבורגער פעסטונג. אָבער וואָס מיט זיי איז אין דער אמת'ן געשעהן, בלייבט א געהיימניס. עס זיינען אומגעגאנגען קלאנגען, אז איינע פון די שליסעלבורגער ארעסטאנטען האָט מען צושאָסען פאר א פיקטיווע אָדערווירקליכע „איבערטרעטונג פון דער געפענגנים דיסציפּלין." און וואָס איז געשעהן מיט די אנדערע? קיינער ווייס ניט. עס ווייסען אפילו ניט זייערע מוטערס, וואָס מיהען זיך אַלץ אומזיסט אויסצוגעפינען עפּעס וועגען זייערע זיהן און טעכטער...*)

*) איצט איז באַקאַנט, אַז זיי זיינען געווען אין שליסעלבורג, וואו

אויב אזעלכע געריכטליכע גרוילטאטען ווערן אפגעטאן אונ־טער דעם צודעק פון „רעפארמירטע געריכטליכע סטאטוטען", וואס קאן מען שוין ערווארטען פון „ניט רעפארמירטע" געפענגניסען?

---

אין 1861 האט מען באפוילען אלע גובערנאטארען צו מאכען אן אלגעמיינע רעוויזיע פון די געפענגניסען. די רעוויזיע איז געווי־סענהאפט אויסגעפירט געווארן, און דער רעזולטאט דערפון איז געווען דער שלוס, — אין גרונד גענומען, שוין א לאנג באקאנטער, — געמליך, אז די געפענגניסען, ווי אין רוסלאנד גופא, אזוי אויך אין סיביר, געפינען זיך אין אן עקעלהאפטען צושטאנד. די צאהל פארשפארטע אין יעדערער פון זיי איז ניט זעלטען געווען צוויי מאל און דריי מאל אזוי פיל, ווי די באטרעפענדע געפענג־ניס האט געקאנט אריינעמען נאכ'ן געזעץ. די געפענגנים גע־ביידען זיינען געווען אזוי אלט און אין אזא רואינירטען צושטאנד, שוין ניט ריידענדיג וועגען דער אונערהערטער שמוציגקייט, אז פאר־ריכטען די געביידען איז געווען אונמעגליך, מען האט זיי געדארפט פון דאס ניי איבערבויען.

דאס איז געווען, אזוי צו זאגען, דער דרויסענדיגער איינדרוק פון די געפענגניסען; די ארדנונגען אינווענדיג זיינען געווען נאך טרויעריגער. דאס געפענגנים סיסטעם איז געווען דורך און דורך צופוילט, און מען וואלט געדארפט רעפארמירן די געפענגנים בא־אמטע אפשר נאך שטרענגער, איידער די געפענגנים געביידען. אין דער זאבאיקאלער פראווינץ, וואו עס פלעגען זיך דאמאלט צו־נויפקלייבען כמעט אלע קאטארזשניקעס, האט דער רעוויזיאנס קאמיטעט איינגעזעהן, אז א באדייטענדע צאהל געפענגנים גע־ביידען האט זיך פארוואנדעלט אין רואינען, און אז דאס גאנצע סיסטעם פון פארשיקונג פאדערט גרינדליכע רעפארמען. בכלל זיינען די קאמיטעטען אויף דעם גאנצען שטח פון רוסלאנד גע־קומען צום שלוס, אז סאי די טעאריע, סאי די פראקטיק פון גע־פענגנים סיסטעם נויטיגען זיך אין א פאלשטענדיגער רעווידירונג

---

זיי זיינען אפגעזעסען פינף און צוואנציג יאהר (זעה די מעמוארען אין זשורנאל „בילאיע"), אבער איך לאז איבער די שורות אומפארענדערט, ווייל זיי באווייזען, אין וואס פאר אן אונוויסענהייט מען האט דעמאלט געהאלטען די רוסישע געזעלשאפט.

און רעאָרגאניזאציע, אז עס איז ווייניג צו באשרענקען זיך מיט איבערבויען די געפענגניסען, נאָר מען מוז אויך פון דאָס ניי איבערבויען דאָס גאנצע געפענגניס סיסטעם און באנייען די גאנצע געפענגניס אדמיניסטראציע, פון דער העכסטער ביז צו דער נידעריגסטער. די רעגירונג האָט פונדעסטוועגען פאָרגעצויגען צו בלייבען ביי די אַלטע אָרדנונגען. זי האָט אויפגעבויט עטליכע נייע געפענגניסען, וואָס האָבען אינגיכען ווידער ניט געקאָנט ארייננעמען די פון יאָהר צו יאָהר אַלץ וואקסענדע צאָהל ארעסטירטע. די קאטאָרזשניקעס האָט מען גענומען אָפּגעבען אויף פּריוואטע אַרבייטען אָדער פאַרדינגען צו די גאָלדמינען־אייגענטימער אין סיביר; עס איז איינגעאָרדענט געוואָרן א נייע קאָלאָניע פאַר פארשיקטע אויף סאכאַלין, מיט דעם צוועק צו קאָלאָניזירן דעם אינזעל, אויף וועלכען קיינער האָט זיך ניט געוואָלט באזעצען פרייוויליג; מען האָט אָרגאניזירט די הויפּט פארוואלטונג פון געפענגניסען, — דאָס איז, דוכט זיך, אַלץ. די אַלטע אָרדנונג איז געבליבען אין קראַפט, די אַלטע זינד — ניט אויסגעוואָרצעלט. מיט יעדען יאָהר ווערן די געפענגניסען אַלץ מעהר און מעהר פארעלטערט; דער געפענגניס שטאַט, וואָס ווערט צוגעקליבען פון שיכור'ע, גראָבע באאמטע, בלייבט אַלץ דערזעלביגער אין עצם. יעדען יאָהר פאָדערט דאָס יוסטיץ מיניסטעריום געלט אויף צו פארריכטען די געפענגניסען, און די רעגירונג פארקירצט אַלץ די רעכענונג פון נויטיגע הוצאות אויף א העלפט און אפילו נאָך מעהר; ווען, צוםביישפּיל, פאַר דער צייט פון 1875 ביז 1881 האָט דאָס מיניסטעריום געפאָדערט איבער זעקס מיליאָן רובעל אויף די נויטיגסטע פארריכטונגען, האָט די רעגירונג ערלויבט אויסצוגעבען נאָר צוויי און א האַלב מיליאָן רובעל. צוליב דעם ווערן די געפענגניסען פארוואנדעלט אין שטענדיגע צענטרען פון אָנשטעקענדיגע קראַנקהייטען און ווערן אויף אַזוי פיל פארעלטערט, אַז, אורטיילענדיג נאָך די לעצטע באריכטען פון דעם געפענגניס קאָמיטעט, פאָדערן וועניגסטענס צוויי דריטעל פון זיי א גרינדליכע איבערבויאונג. און אויב מען וואָלט פאַנאַנדערגעזעצט די ארעסטאנטען, ווי די געפענגניס געזעצען פאָדערן, וואָלט רוסלאַנד געמוזט אויסבויען נאָך אמאָל אַזוי פיל געפענגניסען, ווי זי האָט איצט. צום 1־טען יאַנואַר 1884 זיינען אין רוסלאַנד געווען 73,796 ארעסטאנטען,

בעת אָרט איז (אין אייראָפּעאישען רוסלאַנד) געווען נאָר פאַר 54,253 מענשען. אין איינינע געפענגניסען, וואָס זיינען אויסגע־רעכענט געוואָרען פאַר 250־200 מענשען, שפּאַרט מען אריין 800־700 אַרעסטאַנטען. אין די עטאַפּ געפענגניסען, אויפ'ן וועג קיין סיביר, אין וועלכע מען פאַרהאַלט די אַרעסטאַנטען פּאַרטיעס אויף אַ לענגערע צייט, צוליב די טייך פאַרפלייצונגען, איז די איבער־פילונג נאָך אַ שרעקליכערע. איבריגענס, באַהאַלט די הויפּט־פאַר־וואַלטונג פון געפענגניסען גאָר ניט דעם אמת. אין דעם באַריכט פאַר 1882, אויסצוגען פון וועלכע זיינען געבראַכט געוואָרען אין רוסישע צענזורירטע אויסגאַבען, ווערט אָנגעוויזען, אַז ניט קו־קענדיג אויף דעם, וואָס אין אַלע געפענגניסען פון דער אימפּעריע איז פאַראַן אָרט נאָר פאַר 76,000 מענשען, זיינען אין זיי ביז צום 1־טען יאַנואַר 1882 געזעסען 95,000 מענשען. לויט דעמזעל־בינען באַריכט זיינען אין פּעטראָקאָווער געפענגניס אויף אַ פּלאַץ, וואָס האָט געדאַרפט פאַרנומען ווערן פון איין אַרעסטאַנט, גע־ווען פינף. אין צוויי פּוילישע גובערניעס און זיבען רוסישע איז די צאָהל אַרעסטאַנטען געווען צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי דאָס האָט ערלויבט אַ קובישע אויסמעסטונג פון דעם אָרט, וואָס איז געמאַכט געוואָרען נאָך אַ מינימאַלער אויסרעכענונג פער מענשען; און אין עלף גובערניעס איז דיזעלביגע איבערפילונג געווען אין פּראָפּאָרציע פון 3 צו 2.*) צוליב דעם איז די טיפוס עפּידעמיע אין איינינע געפענגניסען געווען אַ שטענדיגער גאַסט.**)

כדי צו געבען אַ באַגריף וועגען דער איבערפילונג פון די רוסישע געפענגניסען, וועט דאָס בעסטע זיין צו ברענגען דאָ עט־ליכע אויסצוגען פון פּרוי ק. (געבאָרענע קוטוזאָוואַ), וועלכער עס איז אויסגעקומען צו דערפיהלען אויף זיך אַליין דעם טעם פון רוסישען געפענגנים רעזשים, און וועלכע האָט וועגען דעם דער־צעהלט אין דעם זשורנאַל „אָבשטשעיע דיעלאָ", וואָס איז אַרויס־

*) יעהרליכער באַריכט פון הויפּט דעפּאַרטאַמענט פון געפענגניסען פאַר 1882, זעה „וועסטניק יעוורָאָפּי", 1883, באַנד 1.

**) וו. ניקיטין, „געפענגנים און פאַרשיקונג", פּעטערבורג, 1880; „אונזערע שטראָף איינריכטונגען", „רוסקי וועסטניק", 1881; באַריכ־טען פון מעדיצינישען דעפּאַרטאַמענט פון אינערליכען מיניסטעריום פאַר 1883.

געגעבען געוואָרן אין געגנד. דער פרוי ק.'ס שולד איז באשטאנען אין דעם, וואָס זי האָט געפיהרט א שול פאר פויערשע קינדער, ניט בעטענדיג פריהער קיין ערלויבנים ביים מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג. אזוי ווי איהר פארברעך איז ניט געוועֹן פון קיין קרי־מינעלען מין, און זי איז נאָך חוץ דעם געווען די פרוי פון אן אויס־לענדער, האָט גענעראל גורקאָ זיך באשרענקט מיט דעם, וואָס ער האָט זי ארויסגעשיקט אין אויסלאנד. דאָ ברענג איך איהר איי־גענע באשרייבונג פון איהר רייזע פון פעטערבורג ביז צו דער פריי־סישער גרענעץ. קאָמענטארן אויף איהרע ווערטער זיינען איבע־ריג, און איך קאָן נאָר פון מיין זייט באשטעטיגען, אז די באשריי־בונג איז ביז צו די קלענסטע דעטאלען פולשטענדיג אין איינ־קלאנג מיט דער ווירקליכקייט.

„איך בין ארויסגעשיקט געוואָרן, — שרייבט פרוי ק., — אין ווילנא צוזאמען מיט 50 אנדערע ארעסטאנטען, מענער און פרויען. פון דער אייזענבאהן סטאנציע האָט מען אונז אריבערגעפיהרט אין געפענגנים און געהאלטען אין פארלויף פון צוויי שעה, שפעט ביינאכט, אויפ'ן הויף פון געפענגנים, אונטער א שלאקסרעגען. ענדליך האָט מען אונז פארטריבען אין א פינסטערען קאָרידאָר, וואו מען האָט אונז איבערגעצעהלט. צוויי סאָלדאטען האָבען מיך א כאפ געטאָן און גענומען באגעהן זיך מיט מיר אויף דעם אונ־פארשעמטסטען אופן; איך בין איבריגענס געווען ניט די איינ־ציגע אין דעם פרט, ווייל ארום מיר, אין דער פינסטער, האָבען זיך געהערט געשרייען פון פרויען. נאָך א סך קללות און מיאוס'ער זידלעריי האָט מען אָנגעצונדען פייער, און איך האָב זיך דערזעהן אין א גאנץ גרויסען קאמער, אין וועלכען מען האָט קיין טריט ניט געקאָנט טאָן און זיך ניט אָנשטויסען דערביי אויף פרויען, וואָס זיינען געשלאָפען אויפ'ן דיל. צוויי פרויען, וואָס האָבען פארנומען איין בעט, האָבען אויף מיר רחמנות געהאט און פאָרגעשלאָגען צוצולייגען זיך צו זיי... אויפכאפענדיג זיך אויף מאָרגען אין דער פריה, האָב איך נאָך אלץ ניט געקאָנט קומען צו זיך פון די סצענען, וואָס איך האָב איבערגעלעבט נעכטען; אָבער די ארעסטאנטינס, מערדערינס און גנב'טעס, האָבען ארויסגעוויזען אזוי פיל גוטסקייט צו מיר, אז איך האָב זיך ביסלעכווייז דער־פיהלט בעסער. דעם פאָלגענדען אָוועגט האָט מען אונז ארויסגעע־

טריבען פון טורמע אויף איבערצעהלען, און געצוואונגען אונטער א גוס־רעגען זיך אויסצושטעלען אין אָרדנונג פּאַר'ן געהן אין וועג. איך ווייס ניט, ווי אזוי מיר איז געלונגען אויסצומיידען די פּויסטען פון די געפענגנים וועכטער, ווארים די אַרעסטאַנטען האָבען שלעכט פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַר אַן אָרדנונג זיי דאַרפען זיך אויסמוס־טירן, און אַזעלכע עוואָלוציעס זיינען דורכגעמאַכט געוואָרן אונ־טער א האַגעל פון פויסטען און זידלערייען. די, וואָס האָבען דער־קלערט, אַז מען טאָר זיי ניט שלאָגען, האָט מען געשמידט די הענט, און אַזוי האָט מען זיי געשיקט צו דער סטאַנציע, — געגען דעם געזעץ, לויט וועלכען אַרעסטאַנטען דאַרפען געשיקט ווערן ניט־געשמידטערהייד אין פאַרמאַכטע געפענגנים פוהרן.

„אָנגעקומען אין קאָוונא, האָבען מיר פאַרבראַכט א גאַנצען טאָג אין אומגעהן פון איין פּאָליציי באַצירק אין צווייטען. אין אָווענט האָט מען אונז אָפּגעפיהרט אין די פּרויען געפענגנים, וואו די אויפזעהערין האָט זיך געזידעלט מיט דעם עלטסטען וועכטער, דראָהענדיג אויסצוהאַקען איהם די ציין. די אַרעסטאַנטקעס האָבען מיך פאַרזיכערט, אַז זי פיהרט טאַקי ניט זעלטען דורך אַזעלכע דראָהונגען... דאָ איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען א גאַנצע וואָך צווישען גנב'טעס, מערדערינס און פרויען, וואָס מען האָט אַרעסטירט „דורך א טעות". אומגליק פאַראייניגט מענשען. דעריבער האָט יעדע פון אונז געזעהן צו פאַרלייכטערן דאָס לעבען פון די אַנדערע; זיי זיינען אַלע געווען זעהר גוט צו מיר און האָבען אויף אַלערליי אופנים געזוכט מיך צו טרייסטען. דעם פאָריגען טאָג האָב איך גאָרנישט ניט געגעסען, ווייל אין טאָג פון אָנקומען אין געפענגנים באַקומען די אַרעסטאַנטען ניט זייער ברויט'ל. איך בין געפאַלען אין חלשות פון מאַטקייט, און די אַרעסטאַנטקעס האָבען מיר געגעבען עסען און האָבען בכלל אַרויס־געוויזען צו מיר אַן אויסערגעוועהנליכע גוטסקייט. די געפענגנים אויפזעהערין האָט אויף איהר אייגענער אַרט דערפילט איהרע פליכטען: זי האָט זיך אַזוי אונפאַרשעהמט געזידעלט, באַנוצענ־דיג אַזעלכע אויסדרוקען, וועלכע אפילו א מאַן וואָלט שיכור'ערהייט זעהר זעלטען געוואַגט אַרויסצוברענגען פון מויל... נאָך א וואָך זיין אין קאָוונא, בין איך אַרויסגעשיקט געוואָרען צופוס אין די נעקסטע שטאָט. נאָך דריי טעג גאַנג זיינען מיר אָנגעקומען אין

מאריאמפאָל; מיינע פּ׳ס זיינען געווען אין וואונדען, און די זאָ־קען זיינען דורכגעזאַפּט געוואָרן מיט בלוט. די סאָלדאטען האָבען מיך געראַטען, איך זאָל בעטען אַ פוהר, אָבער איך האָב ליבערשט געליטען פיזישען וועהטאָג, איידער אויסהערן די זידלעריי און שמו־ציגע אָנצוהערענישען מצד די קאָנוואָי באַאמטע. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך האָב דאָס ניט געוואָלט, האָבען די סאָלדאטען מיך אוועקגעפיהרט צום קאָנוואָי אָפיציר, וועלכער האָט ערקלערט, אַז אויב איך האָב געקאָנט געהן אין פאַרלויף פון דריי טעג, וועל איך קאָנען געהן נאָך איין טאָג. אויפ׳ן אנדערען טאָג זיינען מיר אָנגעקומען אין וואָלקאָוויסק, פון וואַנען מען האָט אונז געזאָלט אָפּשיקען צו דער פּרייסישער גרענעץ. מיך און נאָך פינף ארעס־טאַנטינס האָט מען צייטווייליג אריינגעזעצט אין די איבערשי־קונגס געפענגנים. די פרויען אָפּטיילונג איז געווען האלב צו־שטערט, און מען האָט אונז אריינגעזעצט צווישען די מענער... איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, ווייל איך האָב אפילו ניט געהאַט וואו זיך אוועקצוזעצען, סאַידען אויף דעם אויסערגעוועהנליך שמו־ציגען דיל; אָבער אויפ׳ן דיל איז אפילו קיין שטרוי ניט געווען, און דער געשטאַנק, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען פון דיל, האָט מיך באַלד געמאַכט צום ברעכען... דער סאָרטיר איז געווען עפּעס עהנליכעס צו אַ גרויסער לוזשע, איבער וועלכער עס איז געווען אריבערגעוואָרפען אַ האלב־צובראָכענער לייטער; דער לייטער האָט זיך איינגעבראָכען איבערגעבראָכען אונטער דער משא פון איינעם פון די ארעסטאַנטען, וואָס איז אויף אַזאַ אופן אריינגעפאַלען אין דעם שטינקענדיגען שמוץ. דערזעהענדיג אָט דעם סאָרטיר, האָב איך פאַרשטאַנען די אורזאַך פון דעם שרעקליכען געשטאַנק אין דער איבערשיקונגס געפענגנים: די לוזשע איז דערגאַנגען ביז אונטער דער געביידע, און דער דיל פון דער געביידע איז געווען אינגאַנצען דורכגעזאַפּט מיט עקסקרעמענטען.

„דאָ איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען צוויי טעג און צוויי נעכט, די גאַנצע צייט אָפּשטעהענדיג ביים פענסטער... ביי דער נאַכט האָט זיך פּלוצלונג געעפענט די טיר, און אין קאַמער זיינען מיט שרעקליכע געשרייען אריינגעשטויסען געוואָרן שיכור׳ע פּראָ־סטיטוטקעס. גלייך נאָך זיי האָט מען אריינגעפיהרט אַ משוגע׳נעם, אינגאַנצען אַ נאַקעטען. די ארעסטאַנטען האָבען זיך דערפרעהט

מיט איהם, ווי מיט א געגענשטאנד פאר שפאס, זיי האבען איהם צורייצט ביז ווילדקייט, און ער איז ענדליך אומגעפאלען אויפ'ן דיל אין קאנוואולסיעס מיט שוים אויף די ליפען. אויפ'ן דריטען טאג האט א אידישער סאלדאט, וואס האט געדינט ביי דער איבערשי־קונגס געפענגנים, מיך אריינגענומען אין זיין צימער, א קליין קאמערל, און איך בין דארטען געשטאנען צוזאמען מיט זיין פרוי... א סך ארעסטאנטען האבען מיר דערצעהלט, אז זיי זיינען ארעסטירט געווארן „דורך א טעות", זיינען אפגעזעסען 7—8 מאנאטען, און מען האט זיי ניט ארויסגעשיקט כלומרשט דערפאר, וואס מען האט ניט באקומען געוויסע דאקומענטען. מען קאן זיך פארשטע־לען זייער לאגע, נאך א זיבען־מאנאט'דיגען אפזיין אין דער עקעל־האפטער אומגעבונג, ניט האבענדיג אפילו קיין מעגליכקייט צו בייטען די וועש. זיי האבען מיך גערעטען אונטערצוקויפען דעם אויפזעהער, און דעמאלט וועט מען מיך באלד צושטעלען צו דער פרייסישער גרענעץ. אבער איך בין שוין געווען אין פארלויף פון זעקס וואכען אין וועג, קיין געלט האב איך ניט געהאט, און מיינע בריף זיינען, ווייזט אויס, ניט דערגאנגען צו מיינע קרובים... ענדליך האט מיך א סאלדאט ערלויבט צו געהן אין דער באנליי־טונג פון זיין פרוי צו דער פאסט, און איך האב געשיקט א רעגיסט־רירטען בריף אין פעטערבורג". פרוי ק. האט געהאט איינפלוס־רייכע קרובים אין דער הויפטשטאדט, און אין עטליכע טעג ארום איז אנגעקומען א דעפעש פון גענעראל־גובערנאטאר, אז מען זאל זי תיכף אפשיקען אין פרייסען. „מיינע פאפירען, — דערצעהלט פרוי ק., — האבען זיך באלד געפונען, מען האט מיך ארויסגעשיקט אין איידקונען און ארויסגעלאזען פריי".

מען מוז צוגעבען, אז דאס בילד איז שוידערליך, אבער עס איז אין איהם ניטא קיין שאטען פון איבערטרייבונג. פאר יעדען רוס, וואס האט געהאט א „געפענגנים ערפאהרונג", קלינגט יעדעס ווארט פון דער אויבענגעבראכטער דערצעהלונג ווי דער ריינער אמת, יעדע סצענע ווייזט אויס נארמאל אין די ווענט פון דער רוסישער גע־פענגנים... זידלעריי, שמוץ, ברוטאליטעט, קלעפ, כאבאר, הונ־גער, — דאס אלץ קאן מען געפינען אין יעדער געפענגנים: פון קאוונא ביז קאמטשאטקא און פון ארכאנגעלסק ביז ערזערום.

ווען איך וואָלט געהאַט מעהר פּלאַץ, וואָלט איך געקאָנט ברענגען אַ מאַסע עהנליכע דערצעהלונגען.

אזוי זיינען די געפענגניסען פון מערב רוסלאַנד. אָבער זיי זיינען ניט בעסער אין מזרח און אין דרום. אַ קאָרעספּאָנדענט, וואָס איז גראָד געווען אין פּערמער געפענגנים, דערצעהלט וועגען איהר אזוי אין דער צייטונג „פּאָריאַדאָק": „דער געפענגנים אויפ־זעהער דאָ איז געווען איינער אַ גאַווריליאָוו. דאָס שטענדיגע „געבען אין מאָרדע", שמיץ, איינשפּאַרן אין די קאַלטע פינסטערע קאַר־צערן און פאַרהונגערן די אַרעסטאַנטען, — דאָס זיינען די כאַראַק־טעריסטישע שטריכען פון אָט דער געפענגנים. פאַר יעדער קלאַגע גיט מען די אַרעסטאַנטען „אַ באָד" (דאָס הייסט, מען שמייסט), אָדער מען פאַרשפּאַרט אין טונקעלען קאַרצער... די שטערבליכ־קייט אין געפענגנים איז שרעקליך גרויס". אין דער וולאַדימירער געפענגנים זיינען געווען אזוי פיל פאַרזוכען צו אַנטלויפען, אז מען האָט געהאַלטען פאַר נויטיג צו מאַכען וועגען דעם אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג. די אַרעסטאַנטען האָבען ערקלערט דעם רעוויזאָר, אז צוליעב דעם, וואָס די סומען פאַר שפּייז זיינען אונבאַדייטענד, געפינען זיי זיך אין אַ צושטאַנד פון כראָנישען הונגער. זיי האָבען אַ סך מאָל געפּרואווט אָנגעבען וועגען דעם קלאַגען „דורך די באַ־אַמטע", אָבער פון דעם איז גאָרנישט ניט אַרויסגעקומען. ענדליך האָבען זיי באַשלאָסען אָנצוגעבען אַ קלאַגע אין מאָסקווער ראַיאָן געריכט, אָבער דער געפענגנים אויפזעהער האָט זיך דערוואוסט וועגען דער געפלאַנטער קלאַגע און האָט ביי די אַרעסטאַנטען אָפּגע־נומען די „ביטע", וואָס זיי האָבען זיך געקליבען אַוועקצושיקען. מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען דעם פראָצענט פון שטערבליכ־קייט אין אַזעלכע געפענגניסען; איבריגענס, די רוסישע געפענג־נים ווירקליכקייט איבערשטייגט אַפילו אַלץ, וואָס די רייכסטע פאַנטאַזיע קאָן אויסטראַכטען.

די קאַטאָרגא אָפּטיילונג פון דער ציווילער געפענגנים איז אויסגעבויט געוואָרן אין 1872 פאַר 120 מענשען. אָבער שוין צום סוף פון יענעם יאָהר זיינען דאָרט געווען 240 מענשען, צווישען זיי 90 טשערקעסען, — אָט די אומגליקליכע קרבנות פון רוסישער ערָאָבערונג, וואָס בונטעווען זיך קעגען די קאָזאַקישע נאַהאַיקעס און ווערען הונדערטערווייז אַרויסגעשיקט אין סיביר. אָט די קאַ־

טאָרנאָ געפענגניס באַשטעהט פון דריי קאַמערן, אין איינעם פון וועלכע (27 פוס לאַנג, 19 פוס ברייט און 10 פוס הויך) זיינען איינגעשפּאַרט 31 אַרעסטאַנטען. פּונקט אַזאַ איבערפילונג געפינט מען אין די אַנדערע צוויי קאַמערן, אַזוי, אַז צוזאַמען קומט אויס פון 202 ביז 260 פוס שטח אויף אַ מענשען. מיט אַנדערע ווערטער, דאָס איז אַזוי, ווי מען וואָלט אַ מענשען געצוואונגען צו לעבען אין אַ קבר 8 פוס לאַנג, 6 פוס ברייט און 5 פוס הויך. עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די אַרעסטאַנטען שטאַרבען אויס, ווי פליגען אין הערבסט. פון דעם סוף 1872 ביז דעם 15טען אַפּריל 1874 זיינען אין געפענגניס אָנגעקומען 377 רוסען און 138 טשערקעסען; זיי האָבען געמוזט אויסשטעהן אין דער אַנטי־סאַניטאַרישער אומגעבונג פון דורכדרינגענדיגער פייכטקייט און קעלט, ניט האָבענדיג אַפּילו קיין קאָלדרע. אין פאַרלויף פון 15 מאָנאַט זיינען אויסגעשטאָרבען 90 רוסען און 86 טשערקעסען, דאָס הייסט, 24% פון דער גאַנצער צאָהל רוסישע אַרעסטאַנטען און 62% פון אַלע טשערקעסען, שוין ניט רעדענדיג, נאַטירליך, וועגען די, וואָס זיינען געשטאָרבען אַרויסקומענדיג פון געפענגניס, אויפ'ן וועג קיין סיביר. די אורזאַכען פון אָט דער שרעקליכער שטערבליכקייט זיינען ניט געווען קיין רעזולטאַט פון אַ וועלכער עס איז ספּעציעלער עפּידעמיע; די אַרעסטאַנטען האָבען געליטען פון די פאַרשידענסטע פאָרמען פון סקאָרבוט וואָס איז ניט זעלטען געוואָרן געפעהרליך און האָט זיך אָפּטמאָל געענדיגט מיט טויט*).

עס איז קיין ספק ניט, אַז קיין איין פּאָלאַרע עקספּעדיציע איז ניט געווען באַגלייט פון אַזאַ שטערבליכקייט, ווי די וואָס קומט פאָר פון זיין איינגעשפּאַרט אין איינער פון די רוסישע צענטראַל געפענגניסען. וואָס אַנבאַטרעפט די פערמער איבערשי־קונגס געפענגניס פאַר אַרעסטאַנטען, וואָס ווערן אַרויסגעשיקט

*) אפילו ניט אונטערנעמענדיג קיין רייזע אין סיביר, קאָן מען זיך דערקונדיגען, אַז די אויבענגעבראַכטע פאַקטען זיינען ריכטיגע. זיי זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען אין אַן אָפיציעלער אויסגאַבע (וועלכע מען קאָן געפינען אין בריטישען מוזעאום), נעמליך, אין „זשורנאַל סודעבנאַי מעדיציני", וואָס ווערט אַרויסגעגעבען פון דעם מעדיציניזשען דעפּאַרטאַמענט פון מיניסטעריום פון אינערליכע אנגעלעגענהייטען; זעה דעם זשורנאַל פאַר 1874, באַנד III.

אין סיביר, ווערן אין דערזעלביגער אָפיציעלער אויסגאבע גע־בראכט וועגען דעם די אונגלויבליכסטע ידיעות; עס ווייזט זיך ארויס, אז די געפענגנים איז נאָך א סך ערגער אפילו פון דער קאטאָרגא אָפּטיילונג. פון די ווענט רינט; עס פעהלט אינ־גאנצען א ווענטילאציע; אין די זומער מאָנאטען ווערט זי אויף אזוי פיל איבערגעפילט, אז אויף יעדען ארעסטאנט קומט אוים אינגאנצען 124 קובישע פוס שטח (דאָס הייסט, א קבר 8 פוס לאנג, 5 פוס ברייט און 3 פוס הויך) *).

דער גייסטליכער פון דער ערשטער כארקאָווער צענטראלער געפענגנים האָט ערקלערט אין 1868 אין פארלויף פון א דרשה (זעה „כארקאָווסקיא יעפּארכיאלניא וועדאָמאָסטי" פאר 1869), אז אין צייט פון פיער מאָנאטען זיינען פון די 500 מענשען, וואָס זיינען געוועזען אין דער געפענגנים, געשטאָרבען פון סקאָרבוט 2 0 0 מ ע נ ש ע ן. פון 330 ארעסטאנטען, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען אין 1870, זיינען 150 געשטאָרבען דעמזעלביגען יאָהר, און 45 — אין פארלויף פון דעם נעקסטען האלב־יאָהר, ביי דערזעלביגער אַלגעמיינער צאָהל ארעסטאנטען **).

די קיעווער געפענגנים איז געוועזן די פארשפרייטערין פון טיפוס עפּידעמיע. אין פארלויף פון נאָר איין מאָנאט (אין 1881) זיינען דאָרט ארעסטאנטען געשטאָרבען אין די הונדערטער; און אין קאמערן וואָס זיינען נאָר וואָס באפרייט געוואָרען פון גע־שטאָרבענע, האָט מען אריינגעטריבען ניי־אָנגעקומענע, כדי זיי זאָ־לען אויך שטארבען. וועגען דעם אלעם איז באריכטעט געוואָרן אין די רוסישע צייטונגען. אין א יאָהר ארום (דעם 12טען יוני, 1882), האָט א צירקולאר פון דער הויפּט פארוואלטונג פון גע־

*) דאָרטען, באנד III.

**) זעה דר. לעאָנטאָוויטש אין „ארכיוו סודעבנאָי מעדיציני אי גיגיעני" פאר 1871, באַנד III; אויך דאָס „זאַמעלבוך", וואָס ווערט ארויסגעגעבען פון מעד. דעפּארט. פון מיניסטעריום פאר אינערליכע אנ־געלעגענהייטען פאר 1873, באַנד III, זייט 127; איך האַלט פאַר ניט איבריג צו באַמערקען, אַז סאַי דער „אַרכיוו", סאַי דאָס „זאַמעלבוך" זיינען פארבאָטען געוואָרן „פאַר אַ שעדליכע ריכטונג". אַפּילו די אָפּי־ציעלע סטאַטיסטיק קומט אַרוים „שעדליך" פאַר דער רוסישער ביוראָ־קראַטיע.

פענגניסען אזוי ערקלערט די אורזאכען פון אַט דער עפּידעמיע:
1) די געפענגנים איז געווען שרעקליך איבערפילט, כאָטש עס איז געווען אַ פולשטענדיגע מעגליכקייט אריבערצופיהרן אַ סך ארעסטאַנטען אין אַנדערע געפענגניסען; 2) די קאַמערן זיינען זעהר פּייכט, די ווענט זיינען באַדעקט מיט שימעל, און די דילען זיינען אין אַ סך ערטער דורכגעפוילט; 3) די סאָרטירען געפינען זיך אין אַזאַ צושטאַנד, אַז די ערד אַרום זיי איז אָנגעזאַפּט מיט „עקסקרעמענטען", א. אַז. וו., א. אַז. וו. צום שלוס פון באַריכט ווערט געזאָגט, אַז אַ דאַנק דיזעלבינגע אַנטיסאַניטאַרישע באַדינגונגען, ווערן אַנדערע געפענגניסען באַדראָהט פון דערזעלבינגער עפּידעמיע.

מען וואָלט געקאָנט אָננעמען, אַז פון יענער צייט אָן זיינען איינגעפיהרט געוואָרן איינינגע אויסבעסערונגען, אַז שריט זיינען גענומען געוואָרן קעגען אַזעלכע עפּידעמיעס. דאָס וואָלט מען יעדענפאַלס געמעגט ערווארטען, אורטיילענדיג נאָך די אָפּיציעלע ידיעות פון דעם סטאַטיסטישען קאָמיטעט*). אָבער געוויסע פאַקטען צווינגען צו באַציהען זיך מיט פּאַרדאַכט צו דער ריכטיגקייט פון אָפּיציעלע ציפערן. אַזוי זיינען אין דריי גובערניעס (פּערמער, טאָבאָלער און טאָמסקער) אָנגעגעבען געוואָרן פאַר'ן יאָהר 1883 איינגאַנצען 431 טויטע ארעסטאַנטען פון אַלע קאַטעגאָריעס. אָבער אויב מיר ווילען אַריינקוקען אין אַנאַנדער אויסגאַבע פון דעמזעלבינגען מיניסטעריום, אין מעדיצינישען באַריכט פאַר דעמזעלבינגען יאָהר 1883, וועט זיך אַרויסווייזען, אַז אין דיזעלבינגע דריי גובערניעס, אין די געפענגנים שפּיטאָלען, זיינען געשטאָרבען 1,017 ארעסטאַנטען**). און אפילו אין 1883, כאָטש די געפענגניסען האָבען פון עפּידעמיעס ניט געליטען, ווערט די שטערבליכקייט אין די צוויי כאַרקאָווער צענטראַלע געפענגניסען אָנגעוויזען בערך 104 אויף 846 אַרעסטאַנטען, ד. ה. 123 אויף אַ טויזענט; און דיזעלבינגע באַריכטען ווייזען, אַז סקאָרבוט און טיפוס

---

*) זאַמעלבוך פון ידיעות וועגען רוסלאַנד פאַר 1883. ס.־פּעטערבורג, 1886.

**) באַריכט פון מעדיצינישען דעפּאַרטאַמענט פאַר 1883. ס. פּעטערבורג, 1886.

זיינען נאָך אַלץ געווען שטענדיגע געסט אין די מערסטע רוסישע געפענגניסען, באזונדערס אין די, וואָס ליגען אויפ'ן וועג קיין סיביר.

די הויפט געפענגנים אין פעטערבורג, דער אזוי גערופענער „ליטווישער שלאָס", איז אביסעל ריינער פון אנדערע, אָבער בכלל איז דאָס א געביידע פון אַלטען פאסאָן, א פייכטע און פינסטערע, וואָס עס איז שוין לאַנג צייט געווען אראָפּצורייסען ביז'ן גרונט. די קרימינעלע ארעסטאַנטען גיט מען ארבייט, די פּאָליטישע אָבער האַלט מען אין איינצעל־פארהאפטונג און געצוואונגענער אונטעטיגקייט; און איינינגע פון מיינע פריינד, העלדען פון דעם „פּראָצעס פון 193", וועמען עס איז אויסגעקומען צו פארברענגען צו צוויי יאָהר און מעהר אין די ווענט פון יענער געפענגנים, האָבען זי מיר באשריבען, ווי איינע פון די ערגסטע. די קאָמערן זיינען קליין, פינסטער און פייכט; דער געפענגנים אויפזעהער, מאקאראָוו, איז געווען איינפאַך א ווילדע חיה. וועגען די רעזולטאטען פון איינצעל־פארהאפטונג אין אָט דער געפענגנים רעד איך אין אַן אנדער אָרט. דאָ וועל איך נאָר באמערקען, אז די געוועהנליכע סומע אויף קויפען שפּייז פאר די ארעסטאַנטען איז ז י ב ע ן ק אָ פּ י ק ע ס א טאָג (ארעסטירטע פון די פּריווילעגירטע שטאַנדען באַקומען צעהן קאָפּיקעס א טאָג), בעת א פונט שווארץ ברויט קאָסט פיער קאָפּיקעס...

אָבער מיט וואָס אונזער רעגירונג באריהמט זיך, א געפענגנים, וועלכע מען ווייזט די אויסלענדער, — איז דאָס נייע „הויז פון פּרעלימינערער פארהאפטונג" אין סאַנקט־פּעטערבורג. דאָס איז די אזוי גערופענע „מוסטערהאפטע געפענגנים", — די איינציגע פון איהר מין אין רוסלאַנד, — וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן נאָכ'ן פּלאַן פון די בעלגישע געפענגניסען. איך בין מיט איהר באַקאַנט פון פערזענליכער ערפאהרונג, ווייל איך בין אין איהר אָפּגעוועזן דריי מאָנאַט, ביז מען האָט מיך אריבערגעפיהרט אין די געפענגנים ביים מיליטערישען שפּיטאָל. דאָס איז אפשר די איינציגע געפענגנים פאר קרימינעלע ארעסטאַנטען אין רוסלאַנד, וואָס צייכענט זיך אויס מיט איהר ריינקייט. יע, אויף שמוץ אין אָט דער געפענגנים קאָן מען זיך ניט באַקלאָגען... דער בעזים און גאַנצע שטראָמען וואסער, דאָס בערשטעל און די שמאטע ווערען דאָרטען אונאויפהערליך באַנוצט. אָט די געפענגנים אין

א מין „אויסשטעלונג", און די ארעסטאנטען מוזען זי אויפהאל־טען אין א בלענדענדיגען גלאנץ. א גאנצען פרימארגען קערן זיי, וואשען און פאלירן די אספאלט דילען, טייער באצאהלענדיג פאר זייער גלאנץ. די אטמאספער פון דער געפענגניס איז אנ־געזאפט מיט קליינע טיילכלאך אספאלט (איך האב איינמאל צוגע־דעקט דאס גאז־לעמפעל אין מיין קאמער מיט א פאפירענעם אבא־זשור, און שוין אין עטליכע שעה ארום האב איך געקאנט צייכנען מיט׳ן פינגער אוזארען אויפ׳ן שטויב, מיט וועלכען דאס לעמפעל איז באדעקט געווארן); און אט אזא לופט מוז מען דאס אטעמען! די דריי אויבערשטע עטאזשען ווערן אנגעזאפט מיט די אויסדאמפונגען פון די נידעריגערע; און אזוי ווי די ווענטי־לאציע איז א שלעכטע, ווערן די ארעסטאנטען אין אווענט, ווען אלע טירען זיינען פארמאכט, כמעט דערשטיקט. עטליכע קאמי־טעטען, איינער נאכ׳ן אנדערן, זיינען באשטימט געווארן מיט דער ספעציעלער אויפגאבע — צו געפינען מיטלען, ווי אויסצובעסערן די ווענטילאציע. דער לעצטער פון אט די קאמיטעטען, אונ־טער דעם פארזיץ פון שטאטס־סעקרעטאר גראט, האט ערקלערט אין זיין באריכט (אין יוני, 1881), אז עס איז נויטיג איבערצובויען די גאנצע געביידע (וואס האט אפגעקאסט צוויי מאל אזוי פיעל, ווי עהנליכע געפענגניסען אין בעלגיען און דייטשלאנד), ווייל די ראדיקאלסטע אויסבעסערונגען וועלען ניט בעסער מאכען די ווענ־טילאציע. די קאמערן אין אט דער געפענגניס זיינען צעהן פוס לאנג און 5 פוס ברייט; און צו איין צייט איז צווישען די גע־צוואונגענע רעגעלען געווען — צו עפענען די פארטקעס אין די טי־רען פון די קאמערן, כדי מיר זאלען ניט דערשטיקט ווערן. שפע־טער האט מען אט דעם רעגעל אפגעשאפט, און די פארטקעס גע־האלטען צוגעמאכט, איבערלאזענדיג צו אונז אליין, צו מאטערן זיך מיט דער טעמפעראטור, וואס האט זיך געוואקעלט צווישען א שטיקענדער היץ און א סיבירער קעלט. ווען ניט דער פארקער מיט חברים דורך איבערקלאפען זיך, וואלט איך אפשר באדויערט, וואס איך בין דעמאלט ניט געווען אין מיין פינסטערן און פייכטען קאזעמאט אין פעטראפאוולאווסקאיא קרעפאסט. מיר דוכט זיך, אז איך וועל קיינמאל ניט פארגעסען די קינדער, וועלכע מיר איז איינמאל אויסגעקומען צו באגעגענען אין קארידאר פון דעם הויז

פון פרעלימינערער פארהאפטונג. פונקט ווי מיר, האָבען זיי מאָנאַ־טען און אפילו יאָהרען לאנג געוואַרט אויף זייער פּראָצעס; זייערע געל־גרויע, אויסגעצערטע פּנים'ער, זייערע דערשראָקענע, פאַר־לאָרענע בליקען האָבען גערעדט בעסער איידער גאנצע בענד פון באַ־ריכטען און אויספאָרשונגען וועגען דער „גוטער ווירקונג פון איינ־צעל־פארהאַפטונג" אין א מוסטערהאַפטער געפענגניס. וועגען דער אדמיניסטראַציע פון אָט דער געפענגניס, מיין איך, איז גענוג צו זאָגען, אז אפילו די רוסישע צענזורירטע אויסגאבען האָבען אָפען אָנגעוויזען, ווי די געפענגניס באַאמטע האָבען צוגענומען פאר זיך וואָס עס איז געווען באַשטימט פאר די ארעסטאַנטען. אין 1882 איז וועגען דעם באשטימט געוואָרן אַן אויספאָרשונג, פון וועלכער עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז די ווירקליכקייט האָט ווייט אי־בערגעטראָפען די טונקעלע קלאַנגען. אָבער דאָס זיינען אלץ קליינינגקייטען אין פארגלייך מיט דעם, ווי מען באַגעהט זיך אין אָט דער געפענגניס מיט די ארעסטאַנטען. גראָד אין אָט דער געפענגניס האָט גענעראַל טרעפּאָוו געהייסען שמייסען באָגאָליובאָוו'ען, ווייל דער לעצטער האָט ניט אראָפּגענומען זיין היטעל פאר דעם אַל־מעכטיגען סאטראפּ; און ער האָט געהייסען בינדען און שלאָגען די אנדערע ארעסטאַנטען, וואָס האָבען פּראָטעסטירט קעגען אזא גוואַלדטאַט, און נאָכדעם האָט מען די פּראָטעסטאנטען אריינגע־זעצט אויף פינף טעג אין די קארצערס, וואָס זיינען געווען באדעקט מיט עקסקרעמענטען, און וואו די טעמפּעראַטור האָט אָפטמאָל דערגרייכט 45 גראַד צוליב דער שכנות מיט דעם וואַש־הויז. נע־מענדיג דאָס אלץ אין באַטראַכט, זעהט מען קלאָר, וואָס פאר א ביטערע איראָניע עס איז דער לויב־געזאנג פון דעם ענגלישען פאנעגיריסט, דעם גייסטליכען לענסדעל, וואָס האָט געשריבען: „די, וואָס ווילען זיך איבערצייגען אין דעם, ו ו אָ ס רוסלאנד ק אָ ן דערגרייכען, דארפען באזוכען דאָס הויז פון פרעלימינערער פארהאַפטונג". אָ יע, דאָס אימפּערישע רוסלאַנד ק אָ ן בויען געפענגניסען, אין וועלכע מען באַרויבט און מען שמייסט די ארעס־טירטע, און די געביידען גופא פון אָט די געפענגניסען מוז מען איבערבויען פינף יאָהר נאָכדעם, ווי מען האָט זיי אויפגעשטעלט.

---

די שטראָפען, וואָס אונזערע קרימינעלע געזעצען באשטימען,

קאָנען אין אַלגעמיין איינגעטיילט ווערן אין פיער קאַטעגאָריעס. צו דער ערשטער געהערט די קאַטאָרזשנע אַרבייט, מיט דער אָפּ־נעמונג פון אַלע ציווילע רעכט. דעם פאַראורטיילטען׳ס אייגענטום געהט איבער צו זיינע יורשים. ער ווערט באַטראַכט ווי אַ ציוויל געשטאָרבענער, און זיין פרוי האָט דאָס רעכט ווידער חתונה צו האָבען. יעדער שיכור׳ער געפענגנים וועכטער קאָן איהם שמייסען מיט ריטער וויפיל ער וויל נאָר. נאָכ׳ן אָפּזיין אויף קאַטאָרזשנע אַרבייטען אין די סיבירער מינען אָדער אויף די פאַבריקען, פאַר־שיקט מען איהם ערגעץ וואו אין סיביר. די צווייטע קאַטעגאָריע איז די פאַרשיקונג מיט אָפּנעמען אַלע ציווילע רעכט, אָהער בלויז די רעכט, וואָס געהערען איהם לויט זיין געזעלשאַפטליכען שטאַנד. אין דער ווירקליכקייט מיינט אָט די שטראָף אַ לעבענסלאַנגע פאַר־שיקונג אין סיביר. צו דער דריטער קאַטעגאָריע געהערען אַלע אַרעס־טאַנטען, וואָס זיינען פאַראורטיילט געשיקט צו ווערן אין די „אַרעס־טאַנטסקע ראָטעס", ניט פאַרלירענדיג דערביי זייערע ציווילע רעכט. ענדליך, אין די פערטע קאַטעגאָריע (אויסלאָזענדיג די ווענינער באַ־דייטענדע שטראַפען) געהען אריין מענשען, וואָס ווערען פאַרשיקט אין סיביר אָהן אַ פראָצעס, אַדמיניסטראַטיוו, אויף אַ גאַנץ לע־בען, אָדער אויף אַן אונבאַשטימטען טערמין.

פריהער פלעגט מען די קאַטאָרזשניקעס שיקען גלייך אין סי־ביר: אין די מינען, וואָס האָבען געהערט צו „זיין מאַיעסטעט׳ס קאַבינעט", דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, וואָס זיינען גע־ווען דאָס פּריוואַטע אייגענטום פון דער אימפּעראַטאָרשער פאַמי־ליע. אייניגע פון אָט די מינען זיינען אָבער געווען אויסגעאַרבייט; וועגען די אַנדערע האָט מען אויסגעפונען (אָדער די אַדמיניסטראַ־ציע האָט געפונען פאַר באַקוועם אויסצוגעפינען), אַז זייער אויס־אַרבייטונג אין די הענט פון דער מלוכה באַצאָהלט זיך ניט, און מען האָט זיי דעריבער פאַרקויפט צו פּריוואַטע פּערזאָנען, וואָס האָבען געמאַכט אויף זיי אונגעהויערע פאַרמעגענס. צוליעב דעם אַלעמען האָט דאָס אייראָפּעאישע רוסלאַנד אליין געמוזט זאָרגען וועגען דעם שיקזאַל פון איהרע קאַטאָרזשאַנעס. מען האָט אויס־געבויט אין רוסלאַנד עטליכע צענטראַלע געפענגניסען, וואו די פאַראורטיילטע זיצען אָפּ אַ דריטעל אָדער אַ פערטעל פון זייער טערמין, און דערנאָך פאַרשיקט מען זיי אויף סאַכאַלין. די נע־

זעלשאפט איז געוועהנט צו באטראכטען די קאטארזשניקעס, ווי דעם שעדליכסטען מין פארברעכער; אָבער אין רוסלאנד איז אזא באציהונג צו זיי קוים געקעכט. מאָרד, רויב, גנבה מיט איינברעכען, — אָט די אַלע פארברעכען ווערן באשטראָפט מיט קאטאָרגא; אָבער מיט קאטאָרגא באשטראָפט מען אין רוסלאנד אויך פאר א פארזוך אויף זעלבסטמאָרד, און פאר גאָט־לעסטערונג, וואָס איז אָפטמאָל נאָר אַן ארויסווייזונג פון אייגענארטיגע רעלי־גיעזע איבערצייגונגען; אויפ׳ן זעלבען אופן ווערט באשטראָפט פאר „אויפשטאנד", אָדער, ריכטיגער, דאָס, וואָס מען רופט אין רוסלאנד אַזוי אויפשטאנד, ד. ה. דאָס איינפאכע ניט פאָלגען וועלכע עס איז באפעלען פון די באאמטע. קאטאָרגא ווערט אויך באשטימט פאר אַלערליי פּאָליטישע פארברעכען, ווי אויך פאר זיין א „וואגא־בונד". אפילו צווישען מערדער זיינען פאראן ניט יועניג מענ־שען, וואָס זיינען באגאנגען א מאָרד ביי אַזעלכע אומשטענדען, אַז, ווען דער פּראָצעס וואָלט געקומען צו געשוואָרענע, אָדער אין די הענט פון אַן עהרליכען אדוואָקאט, וואָלטען זיי געווים ערקלערט געוואָרן ניט שולדיג. יעדענפאלס ווערן וועניגער פון א דריטעל פון די, וואָס מען פארשיקט יעהרליך אויף קאטאָרגא, דאָס הייסט, אינגאנצען פון 700 ביז 800 מענער און פרויען, פאראורטיילט ווי מערדער. די איבעריגע, — כמעט אין א גלייכער פּראָפּאָרציע, — זיינען אָדער „וואגאבונדען", אָדער מענשען, וואָס ווערן פאר־אורטיילט פאר א וועלכען עס איז פון די אויבען אויסגערעכענטע פארברעכען.

דאָס אויפבויען פון צענטראַלע געפענגניסען איז ארויסגע־רופען געוואָרן פון א פארלאנג צוצוגעבען דער שטראָף א מעגליכסט שטרענגען כאראקטער. מען האָט באשלאָסען, אַז מיט די ארעס־טאנטען מוז מען זיך באגעהן אויפ׳ן גרויזאמסטען אופן, און אויב זיי וועלען ניט אויסהאלטען און וועלען שטארבען אין גרויסע צאָהלען, — איז אויך ניט אזא אומגליק! מיט אָט דעם צוועק ווערן פאר פארוואלטער און אויפזעהער אין אָט די געפענגניסען באשטימט מענשען מיט דעם גרויזאמסטען כאראקטער, מעהר־סטענטיילס פון דעמיסיאָנירטע מיליטער לייט; דערביי ווערן די ארעסטאנטען אָפּגעגעבען אין פולשטענדיגען רשות פון אָט די דעספּאָטען, מיט א באפעהל פון אויבען — ניט קוקען אויף דער מאָס

און דעם כאראקטער פון די באשטראפונגען. די געפענגנים וועכ־טער האבען גערעכטפערטיגט דעם צוטרוי פון די העכערע באאמ־טע: די צענטראלע געפענגניסען האבען באמת זיך פארוואנדעלט אין טארטור־קאמערן; און די שרעקען פון סיבירער קאטארגא זיינען א קינדער־שפיל אנטקעגען דעם לעבען אין די „צענטראלען".
די אלע, וועמען עס איז אויסגעקומען צו זיין אין זיי א געוויסע צייט, ערקלערן, אז דער טאג, ווען דער ארעסטאנט ווערט פון „צענטראל" ארויסגעשיקט אין סיביר, האלט ער פאר דעם גליק־ליכסטען טאג פון זיין לעבען.

אויב איהר וועט קומען אין אט די געפענגניסען, ווי אן „עהרען באזוכער", וואס זוכט שטארקע עמפינדונגען, וועט איהר זיין זעהר אנטוישט. איהר וועט נאר הערזעהן א שמוציגע גע־ביידע, וואס איז פול אנגעפאקט מיט ליידיג ארומגעהענדיגע ארעסטאנטען, וואס וואלגערן זיך פויל אויף די נארעס, וועלכע גע־הען אין דער לענג פון די ווענט און זיינען מיט קיין זאך ניט צוגע־דעקט, אויסער א דיקען שיכט שמוץ. מען קאן אייך ערלויבען אריינצוקוקען אין די קאמערן פאר „אפגעזונדערטע" אדער פאלי־טישע ארעסטאנטען; אבער אויב איהר וועט אנהויבען פאנאנ־דערפרעגען די איינוואוינער פון געפענגנים, וועט איהר כמעט אלע מאל הערן פון זיי דעם סטערעאטיפען ענטפער, אז זיי זיינען „מיט אלץ צופרידען". כדי צו באקאנען זיך מיט דער ווירקליכקייט פון געפענגנים, דארף מען אליין זיין אין דער פעל פון דעם ארעס־טאנט. דערצעהלונגען פון מענשען, וואס האבען דאס אליין דורכ־געמאכט, זיינען פאראן ניט פיעל; דאך זיינען אזעלכע דער־צעהלונגען פאראן, און איינעם פון די שטארקסטע פון זיי ברענג איך דא אונטען. ער איז אנגעשריבען געווארן פון אן אפיציר, וואס איז פאראורטיילט געווארן צו קאטארזשנע ארבייט פאר א באליידיגונג אין א מאמענט פון אויפרעגונג; דער אפיציר איז שפעטער באגנאדיגט געווארן פון צאר נאך עטליכע יאהר פאר־האפטונג. זיין דערצעהלונג איז פארעפענטליכט געווארן אין א קאנסערוואטיווען זשורנאל („רוסקאיא ריעטש", יאנואר, 1882), אין דער צייט, ווען, אונטער'ן איינפלוס פון דעם קורצען רעזשים פון לאריס־מעליקאוו, האט מען א סך גערעדט וועגען דער נויטיגקייט פון א געפענגנים רעפארם, און עס האט עקזיסטירט א

געוויסע פרייהייט פון פרעסע; די דאָזיגע דערצעהלונג האָט ניט ארויסגערופען קיין באַשטרייטונגען, און די ערפאהרונגען פון אונזערע פריינד באַשטעטיגען פולשטענדיג די ריכטיגקייט פון דעם אויטאָר'ס באַשרייבונגען.

אייגענטליך איז די באַשרייבונג פון דער מאַטעריעלער לאַגע, אין וועלכער די אַרעסטאַנטען פון אָט דער צענטראַלער געפענגניס קומט אויס צו לעבען, קיין נייס ניט, ווייל די לאַגע איז כמעט דיזעלביגע אין אַלע רוסישע געפענגניסען. אזוי ווי ער ווייזט אָן, אז די געפענגניס איז געבויט געוואָרן פאַר 250 מענשען און האָט געהט אין זיך פיער הונדערט, וועלען מיר זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף איהר סאַניטאַרישען צושטאַנד. די שפּייז איז אויך געווען ניט בעסער און ניט ערגער ווי אין אַנדערע געפענגניסען. זיבען קאָפּיקעס אַ טאָג איז ניט צו פיעל פאַר אַן אַרעסטאַנט, באַזונדערס ווען מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז דער געפענגניס פּאַרוואַלטער און עלטסטער אויפזעהער זיינען „פאַמיליען פאָטערס", וואָס ווילען אפילו פון אָט דעם בעטלערישען טייל אָפּרייסען עפּעס פאַר זיך. אַ פערטעל פונט שוואַרץ ברויט אויף פרישטיק; זופּ געקאָכט פון אָקסענעם האַרץ און לעבער, אָדער פון זיבען פונט פלייש, 20 פונט צופוילטע האָבערנע גרויפּען און 20 פונט זויערקייט, — דאָס איז דאָס געוועהנליכע אַרעסטאַנטישע עסען, און אַ סך רוסישע אַרעסטאַנטען זיינען מיט דעם פולשטענדיג צופרידען. די מאָראַלע לעבענס־באַדינגונגען זיינען ווייט ניט אזוי צופרידענשטעלענדיג. אַ גאַנצען טאָג האָבען ניט די אַרעסטאַנטען וואָס צו טאָן, און אָט די אונטעטיגקייט ציהט זיך וואָכען, מאָנאַטען, יאָהרען. אמת, ביי דער געפּענגניס זיינען פאַראַן װערקשטאַטען (פון וועמעס אַרבייט די געפענגניס באַאַמטע ווערען רייך). אָבער פאַר די איבעריגע אַרעסטאַנטען איז ניט נאָר ניטאָ קיין אַרבייט, נאָר אפילו קיין האָפנונג אויף אַרבייט, אויסער אַמאָל, ווען עס פאַלט אַ שניי, ווערט דער פאַרוואַלטער צווינגען איין גרופּע אַרעסטאַנטען צונויפשאַרן דעם שניי אין קופּעס, און אַנאַנדער טייל אַרעסטאַנטען — צואוואַרפען אָט די קופּעס. די טויטליכע איינטאָניגקייט פון אַרעסטאַנטישען לעבען ווערט אונטערבראָכען נאָר פון באַשטראָפונגען. אין דער געפענגניס, וועלכע איך האָב אין זינען, צייכענען זיך די באַשטראָפונגען אויס מיט

זייער פארשידענארטיגקייט און קאמפּליצירטקייט. פאר רויכערן און אנדערע עהנליכע פארברעכען האט מען דעם ארעסטאנט גע־צוואונגען צו שטעהן צוויי שעה אויף די קניה, אויף די שטיינערנע פּליטעס, אין אזא ארט פון געפענגניס, וואס מען האט ספּעציעל פאר דעם צוועק באשטימט, און וואו עס פּלעגען אומגעהן ווינ־טערדיגע צוגווינטען. אנאנדער שטראף פאר עהנליכע זאכען זיינען געווען די קארצערן, איינער פון זיי א ווארעמער, דער אנ־דערער — א קאלטער, אין קעלער, מיט א טעמפּעראטור, ביי וועל־כער וואסער פריהרט. אין ביידע קארצערן פּלעגט די ארעסטאנטען אויסקומען צו שלאפען אויפ'ן שטיינערנעם דיל, און דערביי איז די לענג פון פארהאפטונג אינגאנצען אפּגעהאנגען פון דעם פאר־וואלטער'ס קאפּריז.

„איינִיגע פון אונז, — זאגט דער אויבענדערמאנטער אויטאר, — זיינען געהאלטען געווארן אין די דאזיגע קארצערן אין פארלויף פון צוויי וואכען; נאך אט דעם טערמין האט מען איינִיגע שוין גע־מוזט בוכשטעבליך ארויסשלעפּען פון דארטען, און דערנאך פלעגען זיי אוועקגעהן אהין, וואו עס איז ניטא קיין טרויער און קיין זיפצען". וואס איז דער וואונדער, אז אין פארלויף פון פיער יאהר, וואס דער אויטאר האט פארבראכט אין אט דער געפענגניס, האט די שטערב־ליכקייט אין איהר דערגרייכט 30% א יאהר? „מען דארף ניט מיינען, — זאגט דער אויטאר ווייטער, — אז די מענשען, וואס זיינען אזוי שווער באשטראפט געווארן, זיינען געווען דורכאויס פארברעכעריש; מיר האבען באקומען אזעלכע שטראפען, אויב מיר האבען באהאלטען א שטיקעל ברויט, וואס איז איבערגעבליבען נאך מיטאג אדער אווענטברויט, אדער אויב מען האט ביי אן ארעס־טאנט געפונען א שוועבעלע". אונגעהארכזאמע האט מען בא־שטראפט אויף אנאנדער אופן. איינער, צום ביישפּיעל, איז געווען איינגעשפּארט אין פארלויף פון ניין מאנאטען אין אן איינ־צעלנעם פינסטערן קאמער (וואס איז ביים בויען באשטימט גע־ווען פאר די, וואס ליידען פון אויגען קראנקהייטען), און איז פון דארטען ארויסגעקומען א בלינדער, האבענדיג פארלארן אויך זיין פארשטאנד. אבער דאס זיינען אלץ קלייניגקייטען אין פאר־גלייך מיט דעם, וואס דער אויטאר דערצעהלט אונז ווייטער.

„אין די אווענטען, — זאגט ער, — פּלעגט דער פארוואלטער

געוועהנליך ארומקוקען די געפענגנים און זיך אפּגעבען מיט זיין באליעבטער באשעפטיגונג, — שמייסען די ארעסטאנטען. מען פלעגט ברענגען א זעהר שמאלען בענקעל, און באלד פלעגען אי־בער דער גאנצער געפענגנים אפּהילכען געשרייען, בעת דער פאר־וואלטער פלעגט, רויכערענדיג א ציגאר, צוקוקען און צעהלען די שמיץ. ריטער פלעגט מען באנוצען פון אויסערגעוועהנליכער גרויס, און מען פלעגט זיי צוערשט איינווייקען אין וואסער, אז זיי זאלען ווערן בויגזאמער. נאך דעם צעהנטען שמיץ פלעגען די געשרייען געוועהנליך אפּגעשטעלט ווערן, און מען האט נאר גע־הערט קרעכצען. געשמיסען האט מען געוועהנליך אין גרופּען, צו פינף, צעהן און מעהר מענשען, און ווען די עקזעקוציע האט ענדליך אויפגעהערט, האט מען איהר ארט אלע מאל געקאנט בא־שטימען נאך א גרויסער לוזשע בלוט. אונזערע שכנים פון ארי־בער די געפענגנים ווענט, ווען זיי פלעגט אויסקומען אין דער צייט פארבייצוגעהן, האבען זיך געאיילט אריבערצוגעהן אויף די אנ־דערע זייט גאס, צלמ'ענדיג זיך פאר שרעק. נאך אזא סצענע פלעגט א צוויי־דריי טעג שטיל ווערן; דאס שמייסען האט, ווייזט אויס, געווירקט בארוהיגענדיג אויף דעם פארוואלטער'ס נערוועז. אבער באלד האט ער זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט. ווען ער פלעגט זיין שטארק שיכור, און זיין לאנגע וואנצע פלעגט דער־ביי מאכטלאז אראפּהענגען, אדער ווען ער פלעגט קומען אהיים פון יאגד מיט א ליידיגען יאגדטאש, האבען מיר שוין געוואוסט, אז אין אווענט וועט מען שמייסען". מיר ווילען ניט ברענגען נאך אנדערע אזעלכע עמפּערענדיגע סצענען פון דעם לעבען פון אט דער געפענגנים, מיר וואלטען אבער געוואלט ציהען די אויפ־מערקזאמקייט פון די אויסלענדישע רייזענדע אויף די פאלגענדיגע איינצעלהייט אין אונזער אויטאר'ס דערצעהלונג:

„איינמאל, — זאגט ער, — איז צו אונז געקומען דער גע־פענגנים אינספּעקטאר. ער האט א קוק געטאן אויפ'ן קעסעל מיט עסענוואַרג און האט געפרעגט: צי זיינען מיר צופרידען מיט'ן עסען? און צו האבען מיר בכלל וועלכע עס איז קלאגען? די ארעסטאנטען האבען ניט נאר געענטפערט, אז זיי זיינען מיט אלץ צופרידען, נאר זיי האבען אויסגערעכענט אזעלכע שפּייז, וועלכע מיר האבען קיינמאל אפילו ניט אנגעזעהן. און דאס איז

גאנץ נאטירליך, — באמערקט דער אויטאר, — ווייל וואלטען געווען קלאגען, וואלט דער אינספעקטאר געמאכט איניגע פאר־וואורפען דעם פארוואלטער און וואלט זיך אוועקגעפאהרן, בעת די איבערגעבליבענע ארעסטאנטען וואלטען געמוזט באצאהלען פאר זייער דרייסטקייט מיט שמיץ און קארצער".

די געפענגניס, וועגען וועלכער עס ווערט אויבען גערעדט, געפינט זיך לעבען פעטערבורג. די לעזער קאנען זיך לייכט פאר־שטעלען, וואס עס קומט פאר אין די וויטערע פראווינציעלע גע-פענגניסען. איך האב שוין אויבען גערעדט וועגען פערמער און כארקאווער געפענגניסען; אורטיילענדיג נאך די ידיעות פון „גאלאס", איז די צענטראלע סימבירסקער געפענגנים א נעסט פון גנבה און רויב. נאר אין צוויי פון אלע צענטראלע געפענגניסען, אין ווילנער און סימבירסקער, באשעפטיגט מען די ארעסטאנטען מיט נוצליכער ארבייט. אין טאבאלסק האבען די באאמטע, נאך א לאנגען ישוב הדעת וועגען דעם, מיט וואס מען קאן באשעפטיגען די ארעסטאנטען, אויסגעגראבען דאס געזעץ פון 27טען מערץ, 1870, לויט וועלכען די ארעסטאנטען דארפען זיך באשעפטיגען מיט אריבערטראגען זאמד, שטיינער אדער קאנאנען קוילען פון איין ארט אויפ'ן אנדערן און צוריק. די טאבאלסקער באאמטע האבען א געוויסע צייט אנגעווענדעט דאס געזעץ, וועלענדיג געבען די ארעסטאנטען באשעפטיגונג און פארהינדערן די פארשפרייטונג פון סקארבוט. אבער אין אנדערע קאטארזשנע געפענגניסען זיינען נאר ווייניג ארעסטאנטען פארנומען מיט קליינע ארבייטען און פאר־ריכטונגען, די מעהרהייט אבער פארברענגען זייער לעבען אין אב־סאלוטען ליידיגגעהן. „אלע ארעסטאנטען געפינען זיך אין דער־זעלביגער עקעלהאפטער לאגע, ווי אין די אלטע צייטען", — זאגט איין רוסישער פארשער *).

איינע פון די ערגסטע קאטארזשנע געפענגניסען איז געווען די בעלגאראדער, אין כארקאווער גוברניע, און גראד אט די גע־פענגנים איז אויסגעקליבען געווארן פאר די פאליטישע פארברע־כער, וואס זיינען פאר'משפט אויף קאטארזשנע ארבייט; דא האט מען זיי געהאלטען פון 1874 ביז 1882, ווען מען האט זיי ארויס־געשיקט אין סיביר. די דריי ערשטע גרופען פון אונזערע פריינד —

*) טאלבערג אין „וועסטניק יעווראפי", נומער 5, 1879.

אין דאַלגושין און דמאָכאָווסקי׳ס פּראָצעס, אין מאָסקווער פּראָצעס פון 50 און אין דעם פּראָצעס פון 193 — זיינען פארשיקט געוואָרן אין אָט די געפענגנים. די שרעקליכסטע קלאַנגען זיינען ארומ־געגאַנגען וועגען אָט דער געפענגנים: א קבר, אין וועלכען עס זיי־נען געווען באַגראָבען זיבעציג פּאָליטישע פארברעכער, וואָס האָבען ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו פארקערן אויף א וועלכען עס איז אופן מיט דער אויסערליכער וועלט און האָבען אין דערזעל־ביגער צייט ניט געהאט קיין באַשעפטיגונגען. זיי האָבען געהאט מוטערס, שוועסטער, וואָס האָבען, ניט קוקענדיג אויף די שטענ־דיגע אָפּזאָגען, אונאויפהערליך געקלאַפּט אין די טירען פון יעדען פּעטערבורגער באַאמטען, בעטענדיג אַן ערלויבניש צו זעהן, — כאָטש נאָר אויף עטליכע מינוט, — זייערע זיהן און ברידער. די איינוואוינער פון בעלגאָראָד האָבען געוואוסט, אַז מען באַגעהט זיך מיט די אַרעסטאַנטען אויפ׳ן שענדליכסטען אופן. אָבער אין אַלגעמיין האָט מען ווייניג געוואוסט וועגען דעם, וואָס איז פּאָר־געקומען אין געפענגנים, זעלטען נאָר פלעגט דערגעהן עפּעס א קלאַנג, אַז עמיצער איז געשטאָרבען אָדער אראָפּ פון זינען. אָבער אפילו די מלוכה סעקרעטען האָבען מיט דער צייט אויפגעהערט צו זיין געהיימניסען. צוערשט האָט מען ערלויבט איין מוטער צו זעהן זיך מיט איהר זוהן איינמאָל א מאָנאַט, אין פארלויף פון נאָר איין שעה אין דער אנוועזענהייט פון דעם געפענגניס פארוואַלטער. און זי האָט קיין סך ניט געקלערט און האָט זיך באַזעצט אונטער די סאַמע ווענט פון אָסטראָג צוליעב אָט די זעלטענע און קורצע שעה׳ן פון זעהן זיך מיט׳ן באַליעבטען זוהן. באַלד נאָכדעם איז מען אין 1880 אין פּעטערבורג געקומען צום שלום (נאָכ׳ן אויפ־רייס אין ווינטער פּאַלאַץ), אַז עס האָט מעהר ניט קיין זין צו פאר־מאַטערן די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען אין בעלגאראד, אָפּזאָגענדיג זיי אין זייער רעכט — פּארשיקט צו ווערן אויף קאַטאָרזשנע אר־בייט אין סיביר. אויף אַזאַ אופן זיינען אין אָקטאָבער, 1880, דריי־סיג אונזערע חברים אריבערגעפיהרט געוואָרן פון בעלגאראד אין מצענסק. אַזוי ווי זיי האָבען צוליעב שוואַכען געזונט ניט גע־קאָנט באַלד געשיקט ווערן אין ווייטען וועג צו די נערטשינסקע מינען, האָט מען זיי אויף א געוויסע צייט איבערגעלאָזען אין מצענסק, ביז זיי וועלען אביסעל קומען צו זיך. דעמאָלט איז דער

לאנג באהאלטענער אמת ענדליך ארויסגעקומען. די ידיעות ווע־
גען די געפענגנים באדינגונגען אין בעלגאראד זיינען ערשינען
אין דער רוסישער רעוואלוציאנערער פרעסע און זיינען טיילווייז
אריינגעדרונגען אפילו אין די פעטערבורגער צייטונגען; אויסער
דעם זיינען פון האנט צו האנט געגאנגען העקטאגראפישע עראי־
נערונגען פון די, וואס זיינען אפגעווען זייער שטראף אין דער
בעלגאראדער געפענגנים. פון די עראינערונגען האט זיך דער עולם
דערוואוסט, אז מען האט די ארעסטירטע געהאלטען פון דריי ביז
פינף יאהר אין איינצעל־פארהאפטונג, געשמידט, אין פינסטערע,
פייכטע קאמערן, 10 פוס לאנג און 6 פוס ברייט; אז מען האט
זיי געהאלטען אין אבסאלוטער אונטעטיגקייט, פולשטענדיג איזא־
לירט פון וועלכען עס איז פארקער מיט דער אויסערליכער וועלט
און מיט מענשען. אזוי ווי די רעגירונג האט פאר זייער אויפהאל־
טונג באשטימט אינגאנצען פינף קאפיקעס א טאג, האבען זיי
זיך גענעהרט מיט ברויט און וואסער; איבריגענס, דריי אדער
פיער מאל א וואך האט מען זיי געגעבען א קליינע טאש מיט
הייסען געקעכטס, געקאכט פון א הויפען האבערנע גרויפען מיט
א צומיש פון דער טייוועל וויים וואס. א צעהן־מינוטיגער שפא־
ציר איבער'ן הויף האט, אין דער מיינונג פון די באאמטע, פול־
שטענדיג באפרידיגט דעם ארעסטאנט'ס באדערפניש אין פרישער
לופט. זיי האבען ניט געהאט ניט קיין בעטען, ניט קיין קישענס,
ניט קיין מאטראצען, ניט קיין קאלדרעס; שלאפען האט מען גע־
מוזט אויפ'ן הוילען דיל, אונטערלעגענדיג אונטער'ן קאפ עפעס
פון די קליידער און צודעקענדיג זיך מיט דעם ארעסטאנטען כא־
לאט. אונערטרעגליכע איינזאמקייט, אבסאלוטע שטילקייט און
געצוואונגענע אונטעטיגקייט! ערשט נאך דריי יאהר פון אזא
מאטערניש האט מען זיי ערלויבט צו לייענען איניגע ביכער.

וויסענדיג, נאך א מעהר ווי צוויי־יאהריגער ערפאהרונג, די
שווערקייט פון איינצעל־פארהאפטונג, מעג איך פריי זאגען, אז
אין דער פארם, ווי זי ווערט פראקטיצירט אין רוסלאנד, איז זי
איינע פון די גרויזאמסטע מאטערנישען. דעם ארעסטאנט'ס גע־
זונט, ווי שטארק ער זאל ניט האבען געווען ביים אריינגעהן אין
געפענגנים, ווערט אויף אייביג אונטערגעגראבען פון דער איינ־
צעל־פארהאפטונג. די מיליטערישע וויסענשאפט זאגט אונז, אז

אין יעדען באַלאַגערטען גארניזאָן, ווען מען גיט אַרויס אין פאַר־לויף פון עטליכע מאָנאַטען ווענינגער פּראָוויאַנט, שטייגט די שטערבליכקייט אונגעהויער. אַט די באַמערקונג איז נאָך ריכ־טיגער אין באַצוג צו מענשען, וואָס געפינען זיך אין איינצעל־פאַרהאַפטונג. דער מאַנגעל אין פרישער לופט, די אַפּוועזענהייט פון די נויטיגע איבונגען פון קערפּער און גייסט, דאָס געצוואונ־גענע שווייגען, די אַפּוועזענהייט פון יענער גרויסער מאַסע איינ־דרוקען, וועלכע מיר נעמען אַריין אויף דער פרייהייט אונבאַ־וואוסטזיניג יעדע שעה, און שוין דער פאַקט אַליין, וואָס די גאַנצע גייסטיגע אַרבייט באַשטעהט אויסשליסליך אין טעטיגקייט פון דער פאָרשטעלונג, — אַט די אַלע באַדינגונגען צוזאַמענגענומען מאַכען די איינצעל־פאַרהאַפטונג פאַר איינע פון די גרויזאַמסטע און ריכ־טיגסטע פאָרמען פון לאַנגזאַמער ערמאָרדונג. אויב עס געלינגט איינצושטעלען אַ פאַרקער מיט אַ שכנ'ישען קאַמער (דורך לייכט איבערקלאַפּען זיך אויפ'ן וואַנט), איז דאָס שוין אַזאַ ערלייכטע־רונג, וואָס איהר אונגעהויערע באַדייטונג קאָנען פולשטענ־דיג אָפּשאַצען נאָר די, וועמען עס איז אויסגעקומען אין פאַרלויף פון אַ יאָהר אָדער צוויי צו זיין פולשטענדיג אָפּגעזונדערט פון דער איבעריגער וועלט. אָבער אַזאַ ערלייכטערונג ווערט אַמאָל אַ נייער קוואַל פון ליידען, ווייל אייערע אייגענע גייסטיגע לייד־דען פאַרגרעסערן זיך נאָך מיט דער איבערצייגונג, וואָס וואַקסט יעדען טאָג, אַז דער פאַרשטאַנד פון אייער שכן הויבט אָן זיך צו פאַרטונקלען; אין די פראַזען, וואָס ער קלאַפּט אויס, הויבט איהר אָן צו דערקענען שרעקליכע געשפּענסטער, וואָס דריקען זיין אויסגעמאַטערטען מאָרך. דאָס איז די געפענגניס־פאַר־האַפטונג, וועלכע עס מאַכען דורך די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען אָפּטמאָל אין פאַרלויף פון דריי־פיער יאָהר, וואַרטענדיג אויפ'ן פּראָ־צעס. אָבער זייער לאַגע ווערט באַדייטענד פאַרערגערט, ווען זיי פאַלען אַריין אין די כאַרקאָווער צענטראַלע געפענגניס. ניט נאָר זיינען אין איהר די קאַמערן טונקעלער און נאַסער, ניט נאָר איז אין זיי דאָס עסען ערגער, איידער וואו ניט איז אַנדערש, נאָר, אוי־סערדעם אַלעמען, האַלט מען זיי בכיון אין אַבסאָלוטער אונטעטיג־קייט. מען גיט זיי ניט קיין ביכער, ניט קיין שרייב־געצייג, ניט קיין אינסטרומענטען פאַר האַנט אַרבייט. זיי האָבען ניט קיין מענ־

ליכקייט צו פארנעמען מיט עפּעס זייער אויסגעמאַטערטען מוח, קאָנצענטרירן אויף עפּעס די אונגעזונטע טעטיגקייט פון מאַרך; און וואָס שוואַכער עס ווערן די פיזישע קרעפטען פון די אַרעסטאַנ־טען, אַלץ מעהר נעמט זייער גייסטיגע טעטיגקייט אָן אַן אוננאָרמאַ־לען כאַראַקטער; דער מענש פאַלט אַמאָל אַריין אין אַ פינסטערע פאַרצווייפלונג... מענשען קאָנען אַריבערטראָגען די אונגלויבליכ־סטע פיזישע ליידען; אין דער געשיכטע פון מלחמות, פון רע־ליגיעזען מאַרטירערטום און אויף די שפּיטאָל־בעטלאַך, ווערט איהר געפינען אַ מאַסע ביישפּיעלען פון דעם. אָבער די גייסטיגע ליי־דען, ווען זיי דויערן עטליכע יאָהר כסדר, זיינען אינגאַנצען אונ־ערטרעגליך, און אונזערע פריינד האָבען דאָס אויף זיך אַליין ער־פאַהרן. צוערשט פאַרשפאַרט אין פעסטונגען אָדער אין הייזער פון פּרעלימינערער פאַרהאַפטונג, דערנאָך אַריבערגעפיהרט אין די צענטראַלע געפענגניסען, זיינען זיי שנעל אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און אָדער זיי זיינען באַלד געשטאָרבען, אָדער זיי זיינען פון זינען אַראָפּ. ניט אַלעמאָל קומט די פּסיכישע צושטערונג פאָר אין אַזאַ שאַרפער פאָרם, ווי ביי דער פרוי מ—סקאַיאַ, אַ יונגע טאַלאַנטפולע קינסטלערין, וואָס האָט פאַרלאָרען דעם פאַרשטאַנד מיט אַמאָל, נאָכדעם ווי זשאַנדאַרמען האָבען זי פאַרגוואַלטיגט. די מעהרהייט געהען אַראָפּ פון זינען נאָך אַ שווערן לאַנגזאַמען פּראָצעס, דער פאַרשטאַנד לעשט זיך אויס מיט יעדער שעה אַלץ מעהר אין דעם אָפּגעשוואַכטען קערפּער.

אין יוני 1878 איז דאָס לעבען פון די אַרעסטאַנטען אין כאַר־קאָווער געפענגניס געוואָרן אַזוי אונערטרעגליך, אַז זעקס פון זיי האָבען באַשלאָסען צו שטאַרבען אַ הונגער־טויט. אין פאַרלויף פון אַ גאַנצער וואָך האָבען זיי זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען וועלכע עס איז שפּייז, און ווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט געהיי־סען אָנווענדען אַ קינסטליכע נאַהרונג, זיינען אין דער געפענגניס פאָרגעקומען אַזעלכע סצענען, אַז די געפענגניס באַאַמטע האָבען געמוזט זיך אָפּזאָגען פון דורכפיהרן דעם פּלאַן. כדי צו ברעכען זייער עקשנות, האָט מען די אַרעסטאַנטען צוגעזאָגט אייניגע הנחות, ווי, צום ביישפּיעל, די ערלויבניש אַרויסצוגעהן אויף שפּאַ־ציר און דאָס אַראָפּנעמען די קייטען פון קראַנקע; קיינער פון די צוזאָגען איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרן. ערשט שפּעטער,

ווען עטליכע מענשען זיינען געשטאָרבען, און צוויי (פּלאָטניקאָוו און באָגאָליובאָוו) זיינען פון זינען אראָפּ, האָבען די ארעסטאַנ־טען באקומען אַן ערלויבניש צו זעגען האָלץ אין געפעננגים הויף, אינאיינעם מיט צוויי טאָטערן, וואָס האָבען קיין וואָרט רוסיש נים פארשטאַנען. ערשט נאָך דרינגענדע פאָדערונגען, פאר וועל־כע מען האָט באצאָהלט מיט וואָכען אין פינסטערן קארצער, האָבען זיי באקומען ארבייט אין די קאַמערן, אָבער דאָס איז געשעהן ערשט צום סוף פון זייער דריטען יאָהר אין געפענגנים.

אין אָקטאָבער, 1880, איז די ערשטע פארטיי, וואָס איז באַ־שטאַנען פון דרייסיג מענשען, מעהרסטענס פאראורטיילטע אין 1874, ארויסגעשיקט געוואָרן אין מצענסקער איבערשיקונגס גע־פענגנים ביז מען וועט זיי אָפּשיקען אין סיביר. ווינטער איז אָנגעקומען די צווייטע פארטיי פון פערציג מענשען, וואָס זיינען פאראורטיילט געוואָרן אין דעם פּראָצעס פון 193. מען האָט זיי אַלע געזאָלט שיקען אין נערטשינסק, אויף די קארער גאָלדמינען. זיי האָבען אַלע גוט געוואוסט, וואָס פאר אַ שיקזאַל זיי ערווארט דארטען, און דאָך האָבען זיי גערעכענט דעם טאָג, ווען זיי האָבען פארלאָזען דעם בעלגאראדער גיהנום, פאר זייער טאָג פון באַ־פרייאונג. נאָכ'ן לעבען אין אָט דער צענטראַלער געפענגנים האָ־בען די קאטאָרזשנע ארבייטען אין סיביר אויסגעזעהן ווי אַ גן־עדן.

איך האָב ביי מיר אַן ערצעהלונג, אָנגעשריבען פון אַ פּערזאָן, וואָס האָט געקריגען די ערלויבניס צו זעהן זיך מיט איינעם פון די אַרעסטאַנטען אין מצענסקער איבערשיקונגס געפענגנים, און מיר איז ניט אויסגעקומען צו לייענען עפּעס ריהרענדערעס, ווי אָט די איינפאכע ערצעהלונג. זי איז אָנגעשריבען געוואָרן אונטער דעם פרישען איינדרוק פון זעהן זיך אין מצענסק מיט אַ באַליבטען ברו־דער, ווּעמען דעם אויטאָר איז ענדליך געלונגען צו זעהן ערשט נאָך אַ סך יאָהרען, וואָס דער ברודער איז געווען איינגאַנצען פארשוואונ־דען פון דער לעבעדיגער וועלט. מיט אַ ריהרענדער גוטסקייט שרייבט דער אויטאָר פון די עראינערונגען נאָך עטליכע שורות וועגען די שרעקען פון בעלגאראָדער געפענגנים. „איך וועל ניט רעדען וועגען אָט די שרעקען, — ווערט געזאָגט אין די עראינע־רונגען, — ווייל איך אייל מיך צו דערצעהלען וועגען יענעם שטראַל

פון פרייד, וואָס איז אריינגעדרונגען אין דאָס פינסטערע לעבען פון דעם ארעסטאַנט," — און נאָכדעם זיינען גאַנצע זייטען פון די עראינערונגען פארנומען מיט דעטאַלירטע באַשרייבונגען פון יענער פרייד, וואָס עס האָט געגעבען דאָס קורצע זעהן זיך אין מצענסק מיט מענשען, וואָס זיינען אין פארלויף פון אַ סך יאָהרען געווען לעבעדיג באַגראָבענע.

„אַלטע און יונגע, עלטערן, פרויען, שוועסטער און ברידער, — זיי אַלע זיינען זיך צונויפגעקומען אין מצענסק פון אַלע עקען רוס־לאַנד, פון די פאַרשידענסטע געזעלשאַפטליכע קלאַסען, די געמיינ־שאַפטליכע פרייד ביים זעהן זיך און דער געמיינשאַפטליכער טרויער ביים שיידען זיך האָט זיי פאַראייניגט אין איין גרויסער פאַמיליע. וואָס פאַר אַ ליבע, טייערע צייט דאָס איז געווען!"

„אַ ליבע, טייערע צייט!" — וואָס פאַר אַ טיפער טרויער עס קלינגט אין דעם אויסרוף, וואָס האָט זיך ארויסגעריסען פון טיפען הארצען, ווען מיר ווען נעמען אין באַטראַכט, אז דאָס האָט מען זיך געזעהן מיט ארעסטאַנטען, וואָס האָבען געזאָלט פאַרלאָזען רוסלאַנד אויף אייביג, אריבערגעהן אַ וועג פון 7000 וויאָרסט און פארשפאַרט ווערן אין לאַנד פון טרערען און טרויער — סיביר. „אַ ליבע, טייערע צייט!" און דער אויטאָר פון די עראינערונגען באַשרייבט די איינצעלהייטען פון דעם זעהן זיך; ער דערצעהלט וועגען דער שפייז, וואָס זיי האָבען געבראַכט די ארעסטאַנטען, כדי צו דערהאַלטען זייערע כחות נאָך אַ זעקס־יאָהריגער פאַרהאַפטונג; וועגען די פאַרשידענע ארבייטס אינסטרומענטען, וואָס מען האָט זיי געשאָנקען פאַר זייער צייט־פאַרטרייב; וועגען די זאָרגפעלטיגע צוגרייטונגען צו דער ווייטער און לאַנגער רייזע דורך סיביר; וועגען די שטיקלאַך מאַטעריאַל פאַר די פיס אונטער די קייטען, אז די לעצטע זאָלען ניט אָנרייבען די פיס די פינף חברים אונזערע, וואָס האָבען געדאַרפט דורכמאַכען דעם גאַנצען וועג געשמידעטע; און ענדליך קומט אַ באַשרייבונג פון אַ לאַנגער רייה פוהרען מיט צוויי ארעסטאַנטען און צוויי זשאַנדאַרען אויף יעדערער, דאָס אָנקומען אויף די אייזענבאַהן סטאַנציע, און דער טרויער ביים שיידען זיך מיט געליבטע מענשען, קיינער פון וועלכע עס האָט זיך ביז איצט נאָך ניט אומגעקערט, און אַ סך זיינען שוין ניטאָ.

די אויבענגעבראַכטע ביישפּילען גיבען שוין אַ באַגריף וועגען

די רוסישע קרימינעלע געפענגניסען. א סך זייטען וואָלט מען נאָך געקאָנט אָנפילען, נעמענדיג ביישפּילען פון אלערליי געפענגניסען, אָבער דאָס וואָלט נאָר געווען א ווידערהאָלונג. סאי די אלטע, סאי די נייע געפענגניסען אונטערשיידען זיך מיט קיין זאך ניט איינע פון די אנדערע. אלע אונזערע שטראָף איינריכטונגען זיינען אויס־געצייכענט כאראקטעריזירט געוואָרן מיט די ווערטער פון דיזעל־ביגע עראינערונגען, וואָס איך האָב שוין אויבען באנוצט.

„צום שלום, — זאָגט דער אויטאָר פון יענע עראינערונגען, — מוז איך צוגעבען, אז ענדליך האָט מען פאר דער געפענגניס באשטימט א נייעם פּארוואלטער. דער אלטער האָט זיך געקריגט מיט'ן קאסיר: זיי האָבען זיך ניט געקאָנט צוטיילען אויף א פרידליכען אופן מיט די הכנסות פון די ארעסטאנטסקע פּאָרציעס, און ענדליך האָט מען זיי ביידען פּארטריבען פון דאָרט. דער נייער פּארוואלטער איז ניט אזא ווילדע חיה ווי זיין פּאָרגעגנער. איך האָב אָבער געהערט, אז אונטער איהם הונגערן די ארעסטאנטען נאָך מעהר, און אז ער שעהמט זיך ניט צו פּארפאָהרן זיי מיט'ן פויסט אין פיזיאָנאָמיע". דער אויבענגעבראכטער אויסצוג סו־מירט אויסגעצייכענט די „געפענגניס רעפאָרמען" אין רוסלאנד. איין אויסוואורף פּארטרייבט מען פון דינסט, אָבער אויף זיין אָרט זעצט מען ארויף אַנ'אנדערן, אמאָל נאָך אַן ערגערן. ניט מיט פּארבייטען איין אויסוואורף אויף א צווייטען, נאָר דורך א גרינד־ליכער רעפאָרם פון דעם גאנצען סיסטעם קאָן מען דערגרייכען א ווענדונג. עס איז אויסבעסערונג אויף אָט דעם געביט. צו דעמזעל־ביגען שלום איז אויך געקומען די ספעציעלע רעגירונגס קאָמיסיע, וואָס האָט ניט לאנג צוריק באטראכט די פּראגע. עס וואָלט אָבער געווים געווען די גרעסטע זעלבסט־טוישונג צו מיינען, אז עס זיי־נען מעגליך ווענדונגען אויסבעסערונגען ביי דעם עקזיסטירענ־דען סיסטעם פון מלוכה פּארוואלטונג. ווענינגסטענס א האלב טוץ רעגירונגס קאָמיסיעס זיצען ביים פּארהאנדלען די אויבענדערמאָנ־טע פראגען, און זיי זיינען אלע געקומען צום שלום, אז די רעגירונג מוז זיך אנטשליסען אויף זעהר גרויסע הוצאות, אנדערש וועלען אין אונזערע געפענגניסען הערשען די אלטע פיהרונגען. נאָך מעהר ווי אין גרויסע הוצאות, נויטיגען זיך אונזערע געפענגניסען אין ערליכע און פעהיגע מענשען, אָבער נאָך אזעלכע מענשען יאָגט

זיך ניט די איצטיגע רוסישע רעגירונג, כאָטש זיי זיינען פאַראַן, און ניט ווייניג. איך וועל אָנווייזען, פאַר אַ ביישפּיל, אויף איינעם אַזאַ עהרליכען מענשען, דעם פּאָלקאָווניק קאָנאָנאָוויטש, דעם קאָ־מענדאַנט פון די קארער גאָלד־מינען. ניט אריינצוהענדיג די מלוכה קאַסע אין נייע הוצאות, האָט דער פּאָלקאָווניק קאָנאָנאָוויטש געפונען אַ מיטעל צו פאַרריכטען און ברענגען אין אָרדנונג די אַלטע און האַלב־צופוילטע געפענגנים געביידען, מאַכענדיג זיי מעהר־ווענינג באַקוועם צו באַוואוינען; מיט אונבאַדייטענדע סומען האָט ער אויסגעבעסערט די שפּייזען פון די אַרעסטאַנטען. אָבער עס איז גענוג געווען אַ צופעליגער לויב פון אַ טוריסט, וואָס האָט באַזוכט די קאַרער קאָלאָניע פון פאַרשיקטע, און אַן עהנליכער לויב אין אַ בריף, וואָס איז איבערגעכאַפּט געוואָרען אויפ׳ן וועג פון סיביר, צו מאַכען פּאָלקאָווניק קאָנאָנאָוויטש פאַר אַ באַרדעכטיגע פערזאָן אין די אויגען פון אונזער רעגירונג. ער איז באַלד אָנט־לאַסען געוואָרען, און זיין יורש האָט באַקומען דעם באַפעהל אומ־צוקערן זיך צום אַלטען שטרענגען רעזשים. אויף די פּאָליטישע פאַרברעכער, וואָס זיינען געווען פאַרהעלטניסמעסיג פריי, נאָכדעם ווי זיי זיינען אָפּגעווען זייערע טערמינען, האָט מען צוריק אָנגעטאָן די קייטען; צוויי פון זיי האָבען אָבער ניט געוואָלט אונטערוואַר־פען זיך דעם באַרבאַרישען באַפעהל און האָבען פאַרגעצויגען צו באַגעהן זעלבסטמאָרד. אויף קאַרא איז איינגעשטעלט געוואָרן די „אָרדנונג", וואָס די רעגירונג האָט געוואָלט. אַנאַנדער סיבירער באַאַמטער, גענעראַל פּעדאַשענקאָ, איז געוואָרן אומבאַליבט ביי דער רעגירונג דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַ־שטעטיגען דעם טויט־אורטייל, וואָס אַ קריגס־געריכט האָט אַרויס־גענעבען פאַר דעם פּאָליטישען אַרעסטאַנט שטשעדרין. די אָנ־קלאַגע אויף שטשעדרינ׳ען איז געווען, וואָס ער האָט אַ פּאַטש גע־טאָן אַן אָפיציר, בעת יענער האָט באַליידיגט צוויי זיינע חברות אין געפענגנים, באָגאָמאָלעץ און קאָוואַלסקאַיאַ.

אַזעלכע זאַכען זיינען גאַנץ נאַטירליך אין רוסלאַנד. באַשעפ־טיגט איהר זיך מיט פאַרשפּרייטען בילדונג, אָדער מיט פאַרבעסערן דאָס לעבען פון די אַרעסטאַנטען, אָדער מיט אַ וועלכער עס איז אַנדערער הומאַניטאַרער אַרבייט, וועט איהר אונפאַרמיידליך מוזען אַרויסרופען די אונצופרידענהייט און דעם פאַרדאַכט פון דער

רעגירונג; און אויב עס וועט זיך ארויסשטעלען, אז איהר זייט דער שולדיגער, וועט מען אייך הייסען אנגעבען אין דעמיסיע. לע־בען פעטערבורג איז פאראן א קאלאָניע פאר איינגערע און עלטערע קינדער. פאר אָט די קינדער האָט איינער א העדר גערד (אן איי־ניקעל פון באריהמטען שאָטלענדער, וואָס האָט געהאָלפען אלעק־סאנדער דעם ערשטען אין רעפאָרמירן אונזערע געפענגניסען) אָפּ־געגעבען זיין גאנצע ענערגיע. ער האָט זיך דער ארבי״ט אָפּגעגע־בען מיט'ן גאנצען הארצען, און מען קאָן איהם מיט רעכט אָנרופען א צווייטער פעסטאַלאָצי. אונטער זיין גוטען איינפלוס זיינען פארברעכערישע קליינע גנבים און אנדערע קינדער, וועמען די גאס און די תפיסה האָבען פארדאָרבען, געוואָרן מענשען אין פולען זינען פון וואָרט. ארויסשיקען א איינגעל פון די אלגעמיינע ווערק־שטאטען אָדער פון קלאס, — דאָס איז געווען די ערנסטעסטע שטראָף, וואָס מען האָט פראקטיצירט אין דער קאָלאָניע; עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס איינגיכען איז זי געוואָרן א מוסטער־האפטע. אָבער די רוסישע רעגירונג נויטיגט זיך ניט אין מענשען ווי גערד. האָט מען איהם אנטלאסען פון זיין שטעל, און די קאָ־לאָניע, וועלכע ער האָט פארוואלטעט אויף אזא הומאנעם אופן, האָט זיך פארוואנדעלט אין א געוועהנליכע רוסישע געפענגניס, מיט דעם געוועהנליכען שטראָף סיסטעם, איינשליסענדיג שמיץ און קארצער.

די אויבענגעבראכטע ביישפילען ווייזען אָן גענוג קלאָר אי אויף די חסרונות פון דעם סיסטעם, ווי אויך אויף דעם, וואָס מען קאָן ערווארטען פון אונזערע באאמטע. מיינען, אז א וועלכע עס איז רעפאָרם איז מעגליך אין אונזערע געפענגניסען, וואָלט אונטער די איצטיגע אומשטענדען געווען אַן אויגענשיינליכער אונזין. אונ־זערע געפענגניסען זיינען נאָר אָן אָפּשפּיגלונג פון אונזער גאנצען לעבען אונטער דעם איצטיגען רעזשים; און אזוי וועלען זיי בליי־בען, ביז וואנען אונזער רעגירונגס סיסטעם און דאָס גאנצע לעבען אונזערע וועלען אויף א גרינדליכען אופן ניט געענדערט ווערן; דאן, און נאָר דאן, וועט „רוסלאנד קאָנען באווייזען, וואָס זי איז אימשטאנד צו טאָן"; אָבער דעמאָלט וועלען מיר, האָף איך, גע־פינען א בעסערן מיטעל אין דעם קאמף מיט פארברעכערן, איידער די אזוי גערופענע „אויסגעצייכענטע געפענגניסען."

קאפיטעל 3.

## די פעטראפּאוולער פעסטונג.

אן אונבאשרענקטע מאנארכיע איז ניט מעגליך אָהן א טאוער אָדער א באסטיל. די פעטערבורגער רעגירונג איז ניט קיין אויס־נאם פון דעם כּלל, און זי האָט איהר אייגענע באסטיל — די „פעט־ראפּאוולאָווסקאיא קרעפּאָסט״. פון דרויסען האָט זי ניט אזא פינס־טערן אויסזעהן, ווי עס האָט געהאט די פּאריזער באסטיל. איהרע נידריגע שטיינערנע באסטיאָנען, וואָס קומען ארויס אויף דער נעוואַ, האָבען א גאַנץ מאָדערנעם אויסזעהן. אין די ווענט פון דער פעסטונג געפינען זיך דער מינץ־הויף, די קאטעדראל מיט די קברים פון די מיטגלידער פון דער קייזערליכער פאמיליע, עטליכע געביידעס, וואָס ווערן פארנומען פון אינזשינערען און מיליטע־רישע באאמטע, און גרויסע ארסענאלען אין נייעם קרוינווערק אויף דער צפון׳דיגער זייט. בייטאָג זיינען די טויערן פון דער פעסטונג אָפען פאר דעם געוועהנליכען גאסען פארקער.

אָבער א געפיהל פון בלוט־פארגליווערענדיגען שרעק כאפּט ארום די איינוואוינער פון פעטערבורג, ווען זיי קוקען זיך איין אין די גרויע באסטיאָנען פון דער פעסטונג, וואָס ליגען אויף יענער זייט נעוואַ, אנטקעגען דעם קייזערליכען פּאלאַץ; און פינסטערע געדאנ־קען באהערשען זיי, ווען דער צפון ווינט דערטראָגט צו זייער אויער די דיסהארמאָנישע קלאנגען פון די פעסטונג גלאָקען, וואָס קלינגען יעדע שעה אויס א מעלאנכאָלישע מעלאָדיע. א הונדערט־יאָהריגע טראדיציע פארבינדט די פעסטונג און אפילו איהר נאָמען מיט דעספּאָטיזם און ליידען. טויזענטער, צעהנדליגער טויזענטער פון פאָלק, מעהרסטענטיילס אוקראינער, האָבען דאָ אוועקגעלייגט זייער לעבען, לייגענדיג דעם פונדאמענט פון די באסטיאָנען אויפ׳ן ניד־ריגען, זומפּיגען אינזעל יעני־סארי. מיט׳ן נאָמען פון דער פעסטונג

זיינען ניט פארבונדען קיין עראינערונגען וועגען א וועלכער עס איז הערליכער פארטיידיגונג; איהר רוהם בארוהט אינגאנצען אויף די ליידען, וואס די אין איהר פארשפארטע שונאים פון זעלבסטהער־שאפט האבען דא דורכגעמאכט.

אין אט דער פעסטונג האט פעטער דער ערשטער געפלאגט און געמאטערט די שונאים פון דער נייער מיליטערישער אימפעריע, אין וועלכע ער האט אויף א געוואלטזאמען אופן געוואלט פארוואנד־לען רוסלאנד. דא האט ער געהייסען פארמאטערען זיין זוהן אלעקסעי, און מעגליך, אז ער האט איהם מיט זיינע אייגענע הענט געטויט, ווי איינגע היסטאריקער באהויפטען. דא האבען, אין דער צייט פון דער הערשאפט פון די קייזערינען, די אלמעכטיגע הויפ־לייט באגראבען זייערע פערזענליכע שונאים, און געמאכט אז א סך משפחות זאלען זיך פארטראכטען: וואוהין זיינען פאר־שוואונדען זייערע אייגענע? האט מען זיי דערטרונקען אין דער נעווא, אדער מען האט זיי באגראבען לעבעדיגערהייד אין די שטיי־נערנע זעק פון דער פעסטונג? דא האט מען פארשפארט די העל־דען פון דער ערשטער און איינציגער אפענער רעוואלוציע אין פעטערבורג, די דעקאבריסטען, און דערביי האבען איינגע פון זיי, צום ביישפיעל, באטענקאוו, פארבראכט דא צוועלף יאהר. דא האט מען געמאטערט און דערנאך אויפגעהאנגען קאראקאזאוו'ן. און פון יענער צייט אן האט א גאנצער דור מענער און פרויען, בא־גייסטערט מיט א הייסער ליעבע צום געדריקטען פאלק, אינספי־רירט פון פרייהייטס אידעען, וואס זיינען צו אונז אריינגעדרונ־גען פון מערב, אדער וואס זיינען אויסגעוואקסען אויפ'ן באדען פון אלטע פאלקס־טראדיציעס, — א גאנצער דור פון אידעאליס־טישער יוגענט האט זיך אנגעקליבען אין די ווענט פון דער פעס־טונג: איינגע פון זיי זיינען פארשוואונדען אין איהר אויף אייביג, און אנדערע האבען געענדיגט זייער לעבען אויף איהר גלאסים — אויף דער תליה. פאר הונדערטער אנדערע איז די פינסטערע פעסטונג געווען נאר א צייטווייליגע וואוינונג, פון וועלכער מען האט זיי אין גאנצען אוועקגעפיהרט אין די שנייאיגע וויסטען פון סיביר. א גאנצער דור, אויף וועלכען מען האט גע־קוקט מיט האפנונג, ווי אויף די ליטעראַרישע און וויסענשאפט־ליכע פארשטעהער פון רוסלאנד, איז צוועקלאז פארמוטשעט און

דערשטיקט געוואָרען! וויפיל פון זיי מאטערן זיך נאָך ביז איצט אין פעסטונג? וואָס פאַר א טרויעריגע, פיינליכע עקזיסטענץ ציהען זיי דאָרטען? וואָס וועט זיין זייער ווייטערדיגער שיקזאל?... קיינער קאָן אויף די פראגען ניט געבען קיין ענטפער. א געפיהל פון עפּעס אן אבערגלויבערישען שרעק איז פארבונדען מיט דער פארשטעלונג גופא פון אָט דער קאָלאָסאלער מאסע שטיין, איבער וועלכער עס וועהט די אימפּעראטאָרשע פאָהן. דאָס איז אונזער באַסטיל.

די פעסטונג מיט איהרע זעקס באַסטיאָנען און זעקס קור־טינען, צוויי ראַוועלינען און א גרויסען קרוינווערק פון רויטע ציגעל, וואָס ניקאָלאַי דער ערשטער האָט געבויט אויף דער צפון זייט, פארנעמט איבער הונדערט דעסיאטין. אינוועניג אין איהרע יוענט זיינען פאראַן א סך וואוין־ערטער פאַר אַלערליי ארעסטאַנ־טען. קיינער, אויסער דעם קאָמענדאנט פון דער פעסטונג, ווייס ווי ניט אלע*).

צווישען די אנדערע געביידען פון דער פעסטונג דערהויבט זיך א דריי־עטאַזשיגע געביידע, וואָס מען האָט איינמאָל אין

*) פאַר מענשען, וואָס זיינען ניט באַקאַנט מיט דער פעסטונג טער־מינאָלאָגיע, וועלען אפשר זיין ניט איבריג די פאָלגענדע ערקלערונגען. יעדע פעסטונג האָט די פאָרם פון אַ פיעלעקיגער פיגור: אויף די אַרויס־טאַרטשענדיגע ווינקלען געפינען זיך די באַסטיאָנען, דאָס הייסט, פינף־עקיגע פּלעצער, וואָס זיינען איינגעשלאָסען צווישען צוויי לאַנגע און צוויי קורצע ווענט און האָבען אויך נאָך אַנדערע, אינערליכע געביידען — אַ רודוט, אַ צוויי־עטאַזשיגע, פינף־עקיגע רייה פון זייליגע קאַזעמאַטען, וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער פאַרטיידיגונג פון באַסטיאָן, אין פאַל די אויסערליכע ווענט ווערען צושטערט. יעדע צוויי באַסטיאָנען זיינען פאַראייניגט מיט א קורטין. אזוי ווי די קורטין און די צוויי אינער־ליכע ווינקלען פון די באַסטיאָנען זיינען די שוואַכסטע טיילען פון די באַפעסטיגונגען, ווערען זיי אָפט מאסקירט פון א דרייעקיגער געביידע אויסערהאַלב דער פעסטונג (וואָס איז אָבער אַרומגערינגעלט פון דעמ־זעלביגען גלאַסים); אָט די באַפעסטיגונג רופט מען ראַוועלין. עס באַ־שטעהט פון צוויי ווענט, וואָס באַשיצען די קורטין און די ווינקלען פון באַסטיאָן, מאַכענדיג אונמעגליך צוצוטרעטען צום באַסטיאָן, ביז וואַנען דער ראווועלין גופא איז ניט איינגענומען געווארן. די פעטראפּאוולאָווס־קאַיאַ קרעפּאָסט האָט נאָר צוויי ראַוועלינען: טרובעצקאָי אויף דער מערב'דיגער זייט און אַלעקסעיעווסקי — אויף דער מזרח'דיגער.

שפּאס אָנגערופען „דער פּעטערבורגער אימפּעראַטאָרשער אוניווער־סיטעט”, ווייל אהער האָט מען געשיקט, נאָך די אוניווערסיטעטישע אומאָרדנונגען פון 1861, הונדערטער סטודענטען. א מאסע יונגע לייט האָבען דאָ פארבראכט עטליכע מאָנאטען, איידער מען האָט זיי פארשיקט „אין מעהר אָדער ווענינער דערווייטערטע גובער־ניעס פון דער אימפּעריע”; א דאנק אזא „צארישען חסד” איז, פארשטעהט זיך, זייער וויסענשאפטליכע קאריערע אויף אייביג צעשטערט געוואָרען.

אין דער פעסטונג איז אויך פאראן די אזוי גערופענע יעקאַ־טערינינער קורטין, וואָס קומט ארויס צו דער נעוואַ; אונטער איהרע שווערע אמבראזורען ביי די שטיינערנע ווענט, צווישען די צוויי פעסטונג באסטיאָנען, וואקסען מאי־בוימער. דאָ האָט טשערנישעווסקי אין 1864 אָנגעשריבען זיין בעריהמטען ראָמאַן „וואָס זאָל מען טאָן?” וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעמאכט א גאנצע רעוואָלוציע אין די באציהונגען פון די סטודענטען צו פרוי־ען, וואָס האָבען געקעמפט פאר דאָס רעכט צו באקומען וויסענ־שאפטליכע קענטניסען גלייך מיט די מענער. פון דער טיפעניש פון קאזעמאט פון אָט דער קורטין האָט טשערנישעווסקי געלע־רענט די יוגענט צו זעהן אין דער פרוי ניט א הויז־קנעכט, נאָר א חבר און פריינד; און דאָס, וואָס ער האָט געלערענט, איז אומזיסט ניט פארלאָרען געגאנגען.

דאָ איז אויך געוועזען פארשפארט ד. א. פּיסאַרעוו, דער פארט־זעצער פון טשערנישעווסקי׳ס ארבייט. ניט האָבענדיג קיין מעג־ליכקייט צו באשעפטיגען זיך מיט אקטיווער טעטיגקייט אויף דער פריי, האָט ער זי פאָרטגעזעצט אין דער פעסטונג: דאָ האָט ער אָנגעשריבען איינע פון די גלענצענדסטע און פּאָפּולערסטע דאר־לעגונגען פון „אָפּשטאַמונג פון מינים”. אויף אזא אופן זיינען אומגעבראכט געוואָרען צוויי מעכטיגע טאלאַנטען, אין דער צייט ווען זיי האָבען דערגרייכט די פולע קראַפט פון זייער אנטוויקלונג. טשערנישעווסקי איז פארשיקט געווארען אין סיביר, וואו מען האָט איהם אָפּגעהאלטען צוואנציג יאָהר, צוערשט אין די מינען, און דערנאָך, אין פארלויף פון דרייצעהן יאָהר, אין ווילויסק, א קליי־נינקע שטעטעלע, וואָס ליגט ניט ווייט פון די פּאָלארע געגענטען. א ביטע וועגען זיין באפרייאונג, וואָס איז אונטערגעשריבען גע־

װאָרן פֿון מיטגלידער פֿון אַן אינטערנאַציאָנאַלען ליטעראַרישען קאָנגרעס, האָט ניט געמאַכט קיין איינדרוק. די רוסישע רעגירונג האָט אַזוי שטאַרק מורא געהאַט פֿאַר טשערנישעװסקי'ס איינפֿלוס אין רוסלאַנד, אַז זי האָט איהם ערלויבט זיך אומצוקערן פֿון סיביר און זיך באַזעצען אין אַסטראַכאַן ערשט דאַן, װען עס האָט שוין גאָר קיין רעד ניט געקאָנט זיין װעגען טשערנישעװסקי'ס פֿריהער־דיגער ליטעראַרישער אַרבייט: דעם גרויסען שרייבער'ס געזונט איז איינגאַנצען צושטערט געװאָרן פֿון צװאַנציג יאָהר לעבען אין נויט און אין גייסטיגע ליידען; אַ לעבען, װאָס איז אויף אַן אונפּרוכטבאַרען אופֿן פֿאַרשװענדט געװאָרן צװישען האַלב־װילדע. דעם סענאַט'ס פּראָצעס איבער טשערנישעװסקי'ן איז אין דער אמת'ען געװען אַ פֿאַריסעאישע קאָמעדיע; עס איז גענוג אָנצו־װייזען, אַז צװישען די באַװייזען פֿון זיין שולד האָבען פֿיגורירט זיינע אַרטיקלען, װאָס די צענזור האָט אַלע דורכגעלאָזען, און זיין ראָמאַן, װאָס ער האָט אָנגעשריבען אין דער פֿעסטונג. מיט פּי־סאַרעװ'ען איז מען זיך באַגאַנגען נאָך איינפֿאַכער: מען האָט איהם געהאַלטען אין פֿעסטונג, אַזוי לאַנג װי מען האָט עס באַטראַכט פֿאַר נויטיג... ער איז דערטרונקען געװאָרן עטליכע מאָנאַטען נאָכדעם, װי מען האָט איהם באַפֿרייט.

אין פֿאַרלויף פֿון 1870 און 1871 זיינען אין די קורטינען געװען פֿאַרשפּאַרט יונגע לייט פֿון ביידע געשלעכטער, װעמען מען האָט באַשולדיגט, אַז זיי געהערן צו ניעטשאַיעװ'ס קרייזען, װאָס זייער לאָזונג איז געװען: „אין פֿאָלק!" זיי האָבען געלערנט די רוסישע יוגענט צו טראָגען די לעהרע פֿון סאָציאַליזם אין די טי־פֿענישען פֿון די פֿאָלקס־מאַסען, טיילענדיג אין דערזעלביגער צייט מיט'ן פֿאָלק זיין שװער לעבען פֿון אַרבייט. אינגיכען אָבער, אין 1873, איז געעפֿענט געװאָרן אַ נייע, אַ גראַמערע און אַ זיכערערע געפֿענגניס אין די װענט פֿון פֿעסטונג, נעמליך דער טרובעצקאָי באַסטיאָן. פֿון יענער צייט אָן װערט די יעקאַטערינינער קורטין אויסשליסליך מיליטערישע געפֿענגניס, באַשטימט פֿאַר פּעטער־בורגער אָפֿיצערן, װאָס זיינען פֿאַר'משפּט געװאָרן צו זיצען אין פֿעסטונג פֿאַר עובר זיין אויף די מיליטערישע דיסציפּלין. אָבער די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען, װאָס װאַרטען אויפ'ן פּראָצעס װערן געהאַלטען אין טרובעצקאָי באַסטיאָן. די גראַמע און הויכע

קאזעמאטען פון דער קורטין זיינען איבערגעמאכט, באצירט און בכלל געמאכט געווארן מעהר־ווענינ באקוועם. אזוי ווי מען קאן פון דאנען צוקומען צום טרובעצקאי באסטיאן, קומען איצט אהער קרובים זעהן זיך מיט די ווענינ ארעסטאנטען, וואס באקומען אזא פריווילעגיע. דא זיצט אויך א ספעציעלע קאמיסיע, וואס מאכט די פרעלימינערע אויספארשונגען אין מלוכה פראצעסען און קריגט ארויס קאנפעסיעס. סאלאוויאוו, וואס איז געהאנגען געווארן אין 1879, איז, ווייזט אויס, געוועזן דער לעצטער „פאליטישער", וואס איז געזעסען אין קורטין. איבריגענס, אייניגע באוואוינער פון טרובעצקאי באסטיאן פיהרט מען אויף עטליכע טעג אריבער אין קורטין, כדי אפצוזונדערן זיי, פאר עפעס אומבאקאנטע צוועקען, פון די איבריגע חברים. מיר איז באקאנט איין פאל אזא מיט סאבוראוו'ען. מען האט איהם אוועקגעפיהרט אין קורטין און איינגעשלעפערט מיט מעדיקאמענטען, כדי איהם צו פאטאגראפירן... אזוי, וועניגסטענס, האט מען איהם געזאגט, ווען מען האט איהם געבראכט צו זיך. יעדענפאלס, שפיעלט שוין די יעקאטערינינער קורטין מעהר ניט די ראל פון א פאליטישער געפעננגיס. דער טרובעצקאי באסטיאן, וואס געפינט זיך דא דערביי, איז פאר דעם צוועק איבערגעבויט געווארען אין 1872.

דא האלט מען די „פאליטישע" ניט זעלטען צו צוויי־דריי יאהר, ביז וואנען עס ווערן ארויסגעגעבען די אנטשיידונגען פון די פארשידענע געהיימע קאמיסיעס, וואס קאנען זיי שטעלען צום פראצעס, אדער איינפאך ארויסשיקען זיי אין סיביר „אויף אן אדמיניסטראטיווען אופן" אהן קיין שום פראצעס.

דער טרובעצקאי באסטיאן, אין וועלכען מיר איז אויסגעקומען צו פארברענגען מעהר ווי צוויי יאהר, איז שוין מעהר ניט איינגעהילט אין אזא געהיימניספולקייט, ווי אין 1873, ווען ער איז צום ערשטען מאל געמאכט געווארן פאר א הויז פון פרעלימינערער פארהאפטונג פאר פאליטישע. די צוויי און זיבעציג קאמערן, אין וועלכע די ארעסטאנטען ווערן אויפגעהאלטען, פארנעמען צוויי עטאזשען פון דעם רעדוט, א פינף־ווינקעלדיגע געביידע מיט א הויף אינוועניג; איינער פון די פאסאדען פון אט דער געביידע איז די וואוינונג פון דעם באסטיאן'ס פארוואלטער; דא געפינט זיך אויך דער וואך־צימער. די קאמערן פון באסטיאן

זיינען גאַנץ גראָם; יעדערער פון זיי שטעלט מיט זיך פאָר א קאַזעמאַט מיט זיילען, באַשטימט פאַר א גרויסער פעסטונג קאַנאָן. יעדערער האָט עלף טריט (אַרום 25 פוס) אין דיאַגאָנאַל, האָב איך אויף אַזא אופן יעדען טאָג געקאָנט מאַכען א זיבען־וויאָרסטיגען שפּאַציר איבער מיין קאַמער, ביז מיינע קרעפטען זיי־גען איינגעזונצען ניט אונטערגעגראָבען געוואָרן פון דער לאַנגער פאַרהאַפטונג.

ליכט איז אין זיי פאַראַן זעהר ווייניג. די אַמבראַזור, וואָס פאַרבייט דאָס פענסטער, איז כמעט פון דערזועלביגער גרויס, ווי די פענסטער פון געוועהנליכע געפענגניסען. אָבער די קאַמערן געפינען זיך אין דעם אינוועניגסטען טייל פון באַסטיאָן (דאָס הייסט אין רעדוט), און די פענסטער קומען אַרויס אויף די הויכע ווענט פון באַסטיאָן, וואָס געפינען זיך פון זיי אויף א דיסטאַנץ פון 15—20 פוס. אויסער דעם זיינען די ווענט פון רעדוט, וואָס האָבען געדאַרפט ביישטעהן אנטקעגען קאַנאָנען־קוילען, געוועזען כמעט פינף פוס דיק, און דער צוטריט פון ליכט ווערט נאָך מעהר געשטערט פון טאָפּעלטע ראַמען מיט קליינע שויבען און אַן איי־זערנער גראַטע. און דער פּעטערבורגער הימעל, ווי באַקאַנט, צייכענט זיך ניט אויס מיט קיין באַזונדערער קלאָרקייט. די קאַ־מערן זיינען טונקעל *), — און דאָך האָב איך אין איינעם פון זיי, — אמת, דעם ליכטיגסטען אין דער גאַנצער געביידע, — אָנגע־שריבען צוויי בענד פון מיין אַרבייט וועגען דעם אייז־פּעריאָד, און, באַנוצענדיג זיך מיט די קלאָרע זומער טעג, האָב איך גע־צייכענט די לאַנדקאַרטען, וואָס זיינען צוגעגעבען צו יענער אַרבייט. דער נידריגסטער עטאַזש איז זעהר טונקעל, אפילו זומער. די אויסוועניגסטע וואַנט פאַרהאַלט דאָס גאַנצע ליכט, און איך גע־דענק, אז אפילו אין לויטערע טעג איז גאַנץ שווער געוועזען צו שרייבען; איינגענטליך האָט מען דאָ געקאָנט אַרבייטען נאָר דע־מאָלט, ווען די זונענשטראַלען זיינען אָפּגעשלאָגען געוואָרן פון די

*) די קאַמערן אין געוועהנליכע געפענגניסען, ווי צום ביישפּיל, אין דער ליאָנער, אין פראַנקרייך, כאָטש זיי האָבען פענסטער פון דער־זעלביגער גרויס, קאָנען בנוגע זייער ליכטיגקייט ניט פאַרגליכען ווערן מיט די קאַזעמאַטען פון דער פעסטונג.

אויבערשטע טײלען פון בײדע װענט. בײדע עטאַזשען פון דעם גאַנצען צפונ׳דיגען פּאַסאַד זײנען זעהר טונקעל.

דער דיל אין די קאַמערען איז באַדעקט מיט געפּאַרבטען װאָילאָק; די װענט זײנען געמאַכט אויף אַ באַזונדערן אופן — זײ זײנען טאָפּעלטע; די װענט גופא זײנען אויך באַדעקט מיט װאָילאָק, אָבער אויף אַ שטרעקע פון אַרום פינף צאָל געהט דאָ אַ דראָטענע נעץ, װאָס איז באַדעקט מיט אַ דיקען לײװענט און איז פון אויבען אַרומגעקלעפּט מיט אַ געלען פּאַפּיר. אָט די מאַ־כינאַציע איז אויסגעטראַכט געװאָרן מיט׳ן צװעק צו שטערן די אַרעסטאַנטען זיך דורכצורעדען מיט די שכנ׳ישע קאַמערן, דורך איבערקלאַפּען זיך אויפ׳ן װאַנט. אין די בײדע מיט װאָילאָק באַדעקטע קאַמערן הערשט די שטילקײט פון קברים. איך װײס פון אַנדערע געפענגעניסען; אין זײ דערגעהט דאָס אויסערליכע לעבען און דאָס לעבען פון דער געפענגנים גופא צום אויער פון אַרעס־טאַנט דורך די טויזענטער פאַרשידענסטע קלאַנגען, אַפּגעריסענע פראַזען און װערטער, װאָס דערפליהען צו איהם צופעליג; דאָך פיהלט ער זיך דאָרטען װי אַ טײלכעל פון עפּעס װאָס לעבט. די פעסטונג אָבער איז אַן אמת׳ער קבר. צו איך קומט ניט צו קײן אײנציגער קלאַנג, אויסער די טריט פון דעם סאָלדאַט אויפ׳ן װאַך, װאָס גנב׳עט זיך, װי אַ יעגער, פון אײן טיר צו דער אַנדערער, כדי אַרײנצוקוקען אין די טיר־פענסטערלעך, װאָס מיר האָבען אָנ־גערופען „יודא׳ס”. אײגענטליך זײט איהר קײנמאָל ניט אַלײן, שטענדיג פיהלענדיג אַ באַאָבאַכטענדיג אויג, און אין דערזעלביגער צײט זײט איהר דאָך פולשטענדיג אײנזאַם. װעט איהר פּרואװען אָנהויבען רעדען מיט דעם װעכטער, װאָס ברענגט אײך קלײדער פאַר׳ן שפּאַציר אויפ׳ן געפענגנים הויף, װעט איהר איהם פרעגען אַפילו װעגען װעטער, װעט איהר קײן ענטפער ניט באַקומען. דער אײנציגער מענש, מיט װעלכען איך פלעג יעדען אינדערפריה רע־דען אַ פּאָר װערטער, איז געװען דער פּאָלקאָװניק, װאָס פלעגט קומען פאַרשרײבען די אײנפאַכע אײנקויפונגען, װאָס מען האָט נעדאַרפט מאַכען, װי, צום בײשפּיל, טאַבאַק, פּאַפּיר א. אז. װ. אָבער ער האָט קײנמאָל ניט געװאַגט אָנצוהויבען מיט מיר אַ שמועס, װיסענדיג, אַז אויף איהם גופא גיט אַכטונג דער װעכטער. די אַבסאָלוטע שטילקײט װערט געשטערט נאָר דורכ׳ן קלינגען

פון דעם פעסטונג זייגער, וואָס קלינגט אוים אַלע פערטעל שעה „האָספּאָדי פּאָמילוי”, אַלע שעה — „קאָל סלאַוועז נאַש האָספּאָד וו סיאָנע”, און צו דערצו נאָך אַלע צוועלף שעה — „באָזשע צאַריאַ כראַני”. די קאַקאָפאָניע, וואָס די גלאָקען מאַכען אָן, בייטענדיג שטענדיג דעם טאָן ביי די שאַרפע ענדערונגען פון דער טעמפּעראַטור, איז באמת שרעקליך, און עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס נערוועזע מענשען האַלטען אָט דאָס קלינגען פאַר איינע פון די פיינליכסטע זייטען פון דער פאַרהאַפטונג אין פעסטונג.

די קאַמערן ווערן באַהייצט פון קאָרידאָר מיט דער הילף פון גרויסע אויוועֶנס, און די טעמפּעראַטור איז אַלעמאָל זעהר הויך; דער צוועק איז, ווייזט אוים, צו פאַרהינדערן פייכטקייט אויף די ווענט. כדי אויפצוהאַלטען אַזאַ טעמפּעראַטור, ווערן די אויוועֶנס פאַרמאַכט צו־פריה, ווען די קוילען האָבען נאָך ניט באַוויזען גוט דורכצוברענען, און צוליב דעם ליידען די געפאַנגענע אָפטמאָל פון שרעקליכען טשאַד. ווי די מעהרסטע רוסלענדער איינוואוינער, בין איך געוואוינט צו א גאַנץ הויכער צימער־טעמפּעראַטור, אבער איך האָב אויך ניט געקאָנט שלום מאַכען מיט אַזאַ היץ, און נאָך וועניגער — מיט'ן שטאַד, און ערשט נאָך א לאַנגען קאַמף האָב איך אויסגעפיהרט, אז מען זאָל מיין אויוועֶן פאַרמאַכען שפּעטער. מען האָט מיך געוואָרענט, אז אין אַזאַ פאַל וועלען מיינע ווענט פייכט ווערן, און, ווירקליך, אינגיכען האָבען זיך די ווינקלען פון געוועלב באַדעקט מיט פייכטקייט און דער פּאַפּיר אויף דער אויסערליכער וואַנט איז נאַס געוואָרן, ווי מען וואָלט איהם שטענדיג באַגאָסען מיט וואַסער. אָבער אַזוי ווי איך האָב געמוזט אויסקלייבען צווישען פייכטע ווענט און א טעמפּעראַטור פון א באָד, האָב איך פאַרגעצויגען דאָס ערשטע, כאָטש איך האָב פאַר דעם געמוזט באַצאָהלען מיט א לונגען־קראַנקהייט און רעמאַטעס. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אז אייניגע פון מיינע פריינד, וואָס זיינען געזעסען אין דעמזעלביגען באַסטיאָן, זיינען געוועזען טיף איבערצייגט, אז מען האָט זייערע קאַמערן אויף עפּעס אַן אומבאַקאַנטען אופן אָנגעפילט מיט שטיקענדיגע, גיפטיגע גאַזען. אָט דער קלאַנג איז געוועזען ברייט פאַרשפּרייט און איז אפילו דערגאַנגען צו אויסלענדער, וואָס האָבען געוואוינט אין פעטערבורג; דער קלאַנג איז נאָך מערקווירדיגער

מיט דעם, וואָס מען האָט זיך ניט באַקלאָגט, אַז מען האָט זיי גע־פּרואווט פאַר׳סמ׳ען אויף א וועלכען עס איז אַנדערען אופן, צום ביישפּיעל, דורך שפּייז. מיר דוכט, אַז דאָס, וואָס איך האָב אויבען געזאגט, ערקלערט די אָפּשטאַמונג פון דעם קלאַנג: כּדי אָנ־צוהאַלטען די אויוועגס אין אַן אנגעברענטען צושטאַנד אין פאַר־לויף פון א מעת־לעת, האָט מען זיי פאַרמאַכט זעהר פריה, און די אַרעסטאַנטען האָבען געמוזט יעדען טאָג דערשטיקט ווערן פון טשאַד. נאָר מיט דעם קאָן איך ערקלערן די שטיקעניש אין האַלז, פון וועלכער איך פלעג מוזען ליידען כּמעט יעדען טאָג, און נאָך וועלכער עס פלעגט געוועהנליך קומען א פולשטענדיגע מאַטקייט און אַלגעמיינע שוואַכקייט. איך האָב זיך באַפרייט פון אָט די אָנפאַלען, ווען איך האָב זיך דערשלאָגען, אַז מען זאָל ביי מיר איינגאַנצען ניט עפענען דעם לופטציהער.

ווען גענעראַל קאָרסאַקאָוו איז געווען קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג, איז די שפּייז אין אַלגעמיין געווען גוט; כאָטש זי איז ניט געווען באַזונדערס נאַרהאַפטיג, האָט מען זי אָבער גוט געמאַכט. שפּעטער אָבער האָט זי זיך שטאַרק פאַרערגערט. קיין פּראָוויזיע פון דרויסען האָט מען ניט אַריינגעלאָזען, מען האָט ניט געטאָרט אַריינברייגנען אפילו קיין פרוכט; אַן אויסנאַם איז גע־מאַכט געוואָרן נאָר פאַר די „קאַלאַטשי״, וואָס גוטהערציגע סוחרים גיבען די אַרעסטאַנטען אויף ווייהנאַכטען און פּסח, נאָך אַן אַלטען רוסישען מנהג, וואָס איז נאָך ביז איצט פאַרבליבען. אונזערע קרובים האָבען אונז געקאָנט ברענגען נאָר ביכער. די פון די פאַרשפּאַרטע, וואָס האָבען קיין קרובים ניט געהאַט, האָבען זיך געמוזט צופרידענשטעלען מיט איבערלייענען פיעל מאָל דיזעלבּיגע ביכער פון דער פעסטונג ביבליאָטעק, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען צופעליגע ביכער, וואָס זיינען אונז איבער־געלאָזען געוואָרען בירושה פון עטליכע דורות אַרעסטירטע, אָנ־הויבענדיג פון 1826. דאָס געבען פרישע לופט האָט מען דער־פיהרט ביז צו א מעגליכען מינימום. אין פאַרלויף פון די ערשטע זעקס מאָנאַטען פון מיין פאַרהאַפטונג האָב איך געהאַט 30—40 מינוט שפּאַציר אין טאָג; אָבער שפּעטער, ווען די צאָהל פאַר־שפּאַרטע אין אונזער באַסטיאָן האָט דערגרייכט כּמעט ביז 60 מענשען, און אַזוי ווי אויף שפּאַציר איז געווען נאָר איין געפּענג־

ניס הויף, און אונטער 60° געאָגראַפּישער ברייט ווערט טונקעל שוין ארום 4 אזייגער אין אָוועגט, האָט מען אונז געגעבען נאָר 20 מינוט אויף שפּאַציר יעדען אנדערען טאָג זומער און צוויי מאָל א וואך ווינטער. מען דארף נאָך צוגעבען, אז א דאנק די שווערע אויסדאַמפּונגען פון אמאָניאַק, וואָס זיינען ארויסגעקו־מען פון קוימען פון דעם מינץ־הויף, — א קוימען, וואָס האָט זיך דערהויבען איבער אונזער הויף, און דערפאר פלעגען די אויס־דאמפּונגען אריינפאלען אין הויף, ווען עס פלעגט בלאָזען א ווינט פון מזרח, — איז דאָ די לופט אמאָל געווען איגגאַנצען פאַר'סם'ט. איך האָב דעמאָלט ניט געקאָנט אריבערטראָגען דאָס שטענדיגע הוסטען פון די סאָלדאטען, וואָס האָבען א גאַנצען טאָג געמוזט אריינאָטעמען דעם גיפטיגען רויך, און האָב געוועהנליך געבעטען, מען זאָל מיך אוועקפיהרן צוריק אין מיין קאמער.

אָבער אָט די אלע אומבאַקוועמליכקייטען זיינען געווען קליי־ניגקייטען אין אונזערע אויגען, און קיינער פון אונז האָט זיי ניט געהאַלטען פאר באזונדערס וויכטיג. מיר האָבען אלע זעהר גוט געוואוסט, אז פון דער געפענגנים קאָן מען קיין סך ניט ערווארטען, און אַז די רוסישע רעגירונג האָט קיינמאָל ניט ארויסגעוויזען קיין צערטליכקייט צו די, וואָס האָבען געפּרואווט ארָאָפּוואַרפען איהר אייזערנעם יאָך. נאָך מעהר, מיר האָבען געוואוסט, אז דער טרו־בעצקאָי באַסטיאָן איז א פּאַלאַץ, אין פאַרגלייך מיט יענע געפענג־ניסען, אין וועלכע עס מאַטערן זיך יעהרליך הונדערטער טויזענ־טער פון אונזערע לאַנדסלייט, ווערענדיג אונטערוואָרפען צו די אלע שרעקען, וואָס איך האָב אויבען באשריבען.

קורץ, די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון זיין פאַרשפּאַרט אין טרובעצקאָי באַסטיאָן זיינען ניט געווען באזונדערס שלעכט, כאָטש אין אלגעמיין זיינען זיי, נאַטירליך, געווען גענוג שטרענג. מען דארף ניט פארגעסען, אז וועניגסטענס א העלפט פון די, וואָס זיינען געזעסען אין פעסטונג, זיינען אהין אריינגעפאלען איינפאך צוליעב א מסירה פון עפּעס א שפּיאָן, אָדער פאר זיין באַקאַנט מיט רעוואָלוציאָנערען; מען דארף אויך ניט פאַרגעסען דעם אומ־שטאַנד, אז א באַדייטענדער טייל פון זיי זיינען, נאָך א פאַרהאַפּ־טונג פון 2—3 יאָהר דאָ, גאָר ניט געשטעלט געוואָרן צום פּראָצעס, און אויב זיי פלעגען אפילו געבראַכט ווערן אין געריכט, פלעגט

מען זיי דאַרטען פריישפּרעכען (ווי, צום ביישפּיעל, אין דעם פּראַ־צעס פון 193) און דערנאָך אַרויסשיקען „אויף אַן אדמיניסטראַ־טיווען אופן" אין סיביר אָדער ערגעץ וואו אין א דערפעל אויפ'ן ברעג פון אייז־מער. די אויספאָרשונג ווערט געפיהרט געהיים און קיינעם איז ניט באקאנט, ווי לאַנג זי וועט דויערן; מען ווייס ניט, וועלכע געזעצען וועלען אנגעווענדעט ווערן: אַלגעמיין ציווילע אָדער געזעצען פון קריגס־צייט, און וואָס ערווארט דעם ארעסטירטען, — מען קאָן איהם פריישפּרעכען, מען קאָן איהם אבער אויך אויפהענגען. קיין אדוואָקאט ווערט ניט צוגעלאָזען בעת דער אויספאָרשונג; עס ווערט אפילו פארבאָטען זיך דורכ־צוריידען אָדער דורכצושרייבען מיט די קרובים וועגען די אומ־שטענדען, וואָס האָבען געפיהרט צום ארעסט. אין פארלויף פון דער גאַנצער אומענדליך לאַנגער צייט פון דער אויספאָרשונג גיט מען די ארעסטירטע ניט קיין ארבייט. פעדערן, טינט, בלייפע־דער זיינען שטרענג פארבאָטען אין די ווענט פון באסטיאָן; פאר שרייבען גיט מען נאָר א גריפעל־ברעט; און ווען דער ראט פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט האָט געזוכט צו קריגען פאר מיר אַן ערלויבניש צו ענדיגען א וויסענשאפטליכע ארבייט, האָט ער דאָס געמוזט בעטען ביים אימפעראטאָר אליין. באזונדערס שווער רופט זיך אָפּ אָט די, אָפּטמאָל יאָהרענלאנגע, געצוואונגענע אונ־טעטיגקייט אויף ארבייטער און פויערים, וואָס קאָנען ניט לייענען גאַנצע טעג; דעריבער באמערקט מען דאָ א גרויסען פּראָצענט פון פסיכישע קראנקהייטען. אין די מערב־אייראָפּעאישע געפענג־ניסען האַלט מען א צוויי־דריי יאָהר איינצעל־פארהאפטונג פאר א גענוג שווערע שטראָף, וואָס זאָל קאָנען פיהרן צו משוגעת. אבער אין אייראָפּא איז דער ארעסטאַנט אין זיין קאמער פארנומען מיט א וועלכער עס איז האנט־ארבייט; מען ערלויבט איהם נאָר ניט צו לייענען און שרייבען, אָבער מען גיט איהם אלע נויטיגע אינסטרומענטען אויף אויסצופיהרן א וועלכע עס איז ארבייט. זיין לעבען איז ניט אויסשליסליך פארנומען מיט דער טעטיגקייט פון זיין פאָרשטעלונג אליין; זיין קערפּער, זיינע מוסקולען זיי־נען אויך פארנומען. און דאָך זיינען קאָמפּעטענטע באָאָבאכטער געצוואונגען, דורך ביטערער ערפאהרונג, צו קומען צום שלוס, אז צוויי־דריי יאָהר פון איינצעל־פארהאפטונג זיינען צו געפעהר־

ליך. אין טרובעצקאָי באַסטיאָן איז דאָס לייענען געװען די איינציגע באַשעפטיגונג; אָבער די פאַרשפּאַרטע אין „אַלעקסעיעװ־סקי ראַװעלין" איז אפילו לייענען אויך ניט געװען ערלויבט.

אפילו די װעניגע „מילדקייטען", װאָס װערן איצט צוגעלאָזען ביים זעהן זיך מיט קרובים, האָט מען אויך זיך דערשלאָגען ערשט נאָך אַ שװערן קאַמף. אין אָנהויב איז דאָס זעהן זיך מיט קרובים באַטראַכט געװאָרן ניט װי אַ רעכט פון דעם אַרעסטאַנט, נאָר װי אַ חסד פון די באַאַמטע. מיט מיר האָט איינמאָל פּאַסירט, נאָכ'ן אַרעסט פון מיין ברודער, אַז איך האָב קיינעם פון מיינע קרובים ניט געזעהן אין פאַרלויף פון דריי מאָנאַטען. איך האָב געװאוסט, אַז מיין ברודער, מיט װעלכען איך בין געװען פאַרבונ־דען מיט מעהר װי אַ צובונד פון ברודערליכער ליעבע, איז אַרעסטירט. דורך אַ בריעף פון עטליכע שורות האָט מען מיר גע־לאָזט װיסען, אַז װעגען אַלץ, װאָס האָט אַ שיכות צום אַרויס־געבען מיין אַרבייט, דאַרף איך מיך װענדען צו אַנאַנדער פּערזאָן, און איך האָב גענומען פאַרשטעהן די אורזאַך, דאָס הייסט, אַז מיין ברודער איז אַרעסטירט. אָבער אין פאַרלויף פון דריי מאָנאַ־טען האָב איך ניט געװאוסט, פאַרװאָס מען האָט איהם אַרעס־טירט; איך האָב ניט געװאוסט, אין װאָס ער װערט באַשולדיגט; איך האָב ניט געװאוסט, װאָס פאַר אַ שיקזאַל עס ערװאַרט איהם. און עס פאַרשטעהט זיך, אַז איך װיל קיינעם אויף דער װעלט ניט װינשען צו פאַרברענגען אַזעלכע דריי מאָנאַטען, װי איך האָב פאַרבראַכט, ניט האָבענדיג קיין ידיעות װעגען דעם, װאָס עס קומט פאַר אויסערהאַלב די געפענגנים װענט. װען מען האָט מיר ענדליך ערלויבט צו זעהן זיך מיט מיין שװעסטער, האָט מען איהר שטרענג פאַרװערט צו זאָגען מיר עפּעס װעגען ברודער, אַנ־דערש האָט מען איהר געדראָהט ניט צו לאָזען איהר מעהר זיך זעהן מיט מיר. װאָס אַנבאַטרעפט מיינע חברים, האָבען אַ סך פון זיי קיינעם ניט געזעהן אין פאַרלויף פון די גאַנצע 2—3 יאָהר פון זייער פאַרהאַפטונג. אייניגע פון זיי האָבען ניט געהאַט קיין נאָהענטע קרובים אין פּעטערבורג, און זעהן זיך מיט פריינד איז ניט געװען ערלויבט; אַנדערע האָבען יע געהאַט קרובים, אָבער אַזעל־כע, װעמען מען האָט פאַרדעכטיגט אין ראַקאַנטשאַפט מיט סאָ־ציאַליסטען און ליבעראַלען, און דעריבער האָט מען זיי גערעכענט

פאר ניט ווערט אזא „חסר", ווי זעהן זיך מיט'ן ארעסטירטען ברודער אָדער שוועסטער. אין 1879 און 1880 האָט מען ער־לויבט צו זעהן זיך מיט קרובים אַלע צוויי וואָכען. אָבען מען דארף געדענקען, ווי אזוי מען האָט זיך דערשלאָגען אזא אויסברייטונג פון רעכט. מען האָט עס בַאקומען נאָך א שטארקען קאמף, דורך דעם באריהמטען הונגער־סטרייק, אין צייט פון וועלכען איינינגע פארשפארטע אין טרובעצקאָי באסטיאָן האָבען אין פאר־לויף פון 5—6 טעג זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען וועלכע ניט איז שפייז, און האָבען געענטפערט מיט א פיזישען ווידערשטאנד אויף אַלע פּרוּאווען פון קינסטליכער נאהרונג. שפּעטער, איבריגענס, האָט מען דאָס רעכט, וואָס איז אזוי שווער עראָבערט געוואָרן, צוריק אָפּגענומען. די צאָהל פון זעהונגען מיט קרובים האָט מען שטארק באשרענקט, און אַן אייזערנע דיסציפּלין איז ווידער איינגעפיהרט געוואָרן.

באזונדערס עמפּערענד זיינען די מעטאָדען, וואָס ווערן אנגעווענדט ביים פיהרן די געהיימע אויספאָרשונגען: די אויס־פאָרשער באנוצען זיך מיט די שענדליכסטע מיטלען, כדי ארויס־צורייסען ביים ארעסטירטען אַן אומפּאָרזיכטיגע קאָנפעסיע, באזונדערס, ווען ער באהערשט ניט אינגאנצען זיינע נערוועז. מיין פריינד סטעפּניאק האָט אין זיין ארבייט געגעבען עטליכע מוס־טערן פון אזא באהאנדלען די ארעסטירטע; א מאסע ביישפּילען קאָן מען געפינען אין פארשידענע נומערן פון „נאראָדנאיא וואָליא". די אויספאָרשער שוינען אפילו ניט די הייליגע מוטער־ליכע געפיהלען. אויב די ארעסטירטע האָט געבארן א קינד. — אַן עופה'לע, וואָס האָט אין קאזעמאַט צום ערשטען מאָל דערזעהן דאָס ליכט, — פלעגט מען ביי דער מוטער אפּנעמען דאָס קינד און דראָהען ניט אוועקצוגעבען עס, ביז די מוטער „וועט ניט וועלען זיין אויפריכטיגער", דאָס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, ארויס־געבען איהרע חברים. זי האָט געמוזט עטליכע טעג זיך אָפּזאָגען פון שפּייז אָדער מאכען א פארזוך אויף זעלבסטמאָרד, אז מען זאָל איהר אָפּגעבען דאָס קינד... אויב עס ווערט דערלאָזען אזא שרעק־ליכער חוזק מאכען פון די בעסטע מענשליכע געפיהלען, לוינט דען צו רעדען וועגען די פארשידענע עהנליכע קליינע אָפּקומע־נישען? און דאָך פאלט דאָס ערגסטע אויס ניט אויפ'ן גורל פון

די אַרעסטירטע, נאָר פון די, װאָס געפינען זיך אױסערהאַלב די װענט פון געפענגניס; אױף די, װעמעס גאַנצע שולד באַשטעהט אין דעם, װאָס זײ ליבען הײס זײערע אַרעסטירטע טעכטער, ברידער און שװעסטער! די שױדערליכסטע מעטאָדען פון אײנשרעקען, — העכסט גרױזאַמע און אין דערזעלביגער צײט אַזױנע ראַפּי־נירטע, — װערען פּראַקטיצירט פון די געדונגענע קנעכט פון דער זעלבסטהערשאַפט אױף די קרובים פון די אַרעסטירטע; און איך מוז זאָגען, אז די געבילדעטע פּראָקוראָרען, װאָס זײנען אין דינסט פון דער מלוכה־פּאָליצײ, זײנען נאָך אַמאָל ערגער פון די האַלב־אַנאַלפאַבעטישע זשאַנדאַרמען־אָפיצערען און באַ־אַמטע פון הער „דריטער אָפּטײלונג”.

עס פאַרשטעהט זיך, אז שטענדיגע פאַרזוכען אױף זעלבסט־מאָרד זײנען דער אומפאַרמײדליכער רעזולטאַט; אַמאָל װערען אַזעלכע פאַרזוכען געמאַכט מיט אַ שטיקעל גלאָז פון אַ צובראָ־כענער שויב, אָדער מיט קעפּלאַך פון שװעבעלעך, װאָס װערען זאָרגפעלטיג צונױפגעקליבען און באַהאַלטען אין פאַרלױף פון עט־ליכע מאָנאַטען, אָדער דורך אױפהענגען זיך אױף אַ האַנטוך. פון די באַשולדיגטע אין דעם גרױסען פּראָצעס פון 193 זײנען 9 מענשען משוגע געװאָרען, און 11 האָבען געמאַכט פאַרזוכען אױף זעלבסטמאָרד. איך האָב זיך באַגעגענט מיט אײנעם פון זײ נאָך זײן באַפרײאונג. ער האָט געמאַכט זעקס פאַרזוכען אױף זעלבסט־מאָרד, און איצט האַלט ער בײם שטאַרבען אין אַ שפּיטאָל אין פראַנקרײך.

און דאָך, אױב מיר װעלען געדענקען די טרערן, װאָס װערען פאַרגאָסען איבער גאַנץ רוסלאַנד, אין יעדען פאַרװאָרפענעם דער־פעל, אין פאַרבינדונג מיט׳ן שיקזאַל פון הונדערטער טױזענטער אַרעסטאַנטען, אױב מיר װעלען געדענקען די שרעקען פון אונזערע אָסטראָגען און צענטראַלע געפענגניסען, װעגען די זאַלין־פאַבריקען אין אוסט־קוט, די גאָלד־מינען פון סיביר, װעט בײ אונז פאַר־שװינדען יעדער חשק צו רעדען װעגען די לײדען פון אַ קלײנעם הײפעל רעװאָלוציאָנערען. איך װאָלט גאָר װעגען זײ ניט גערעדט, װען די פאַרטײדיגער פון דער רוסישער רעגירונג װאָלטען זיך ניט גענומען פאַרדרעהען די פאַקטען.

די רוסישע רעגירונג האָט עפּעס נאָך ערגערס פאַר די פּאָ־

ליטישע ארעסטירטע, ווי זייער פארשפארונג אין טרובעצקאָי באַס־טיאָן. נאָכ'ן פראָצעס פון 16 (אין נאָוועמבער 1880), האָט מען זיך אין אייראפא מיט פארגעניגען דערוואוסט, אז פון די פינף פאראורטיילטע צום טויט זיינען דריי באגנאדיגט געווארן פון צאר. איצט ווייסען מיר די אמת'ע באדייטונג פון דער באגנא־דיגונג. אַנשטאָט ווערן ארויסגעשיקט, לויט'ן געזעץ, אין סיביר אָדער אין א צענטראלע געפענגנים, האָט מען זיי אוועקגעזעצט אין טרובעצקאָי ראוועלין*) (אין מערב'דיגען טייל פון פעטרא־פאווּלאָווסקאיא קרעפּאָסט). די קאזעמאטען זיינען געווען אזוי פינסטער, אז נאָר אין פארלויף פון צוויי שעה אין מעת לעת האָט מען זיך אין זיי געקאָנט באגעהן אָהן ליכט; פון די ווענט האָט אזוי שטארק גערונען, אז „אויפ'ן דיל זיינען געוואָרן לוזשעס". „ניט נאָר האָט מען קיין ביכער ניט געגעבען, נאָר מען האָט פאר־באָטען אלץ, וואָס וואָלט אויף א וועלכען עס איז אופן געקאָנט ווערן א צייט־פארטרייב". כדי צו מאכען די פארשפארונג נאָך אונערטרעגליכער, פלעגט מען אין קאמער אריינשטעלען א זשאנ־דארם אָדער א סאָלדאט. דער זשאנדארם האָט ניט אראפגעלאָזט די אויגען פון ארעסטירטען; דער לעצטער האָט נאָר געדארפט אויף עפעס א קוק טאָן, ווי דער זשאנדארם האָט זיך באלד געוואר־פען אויספאָרשען דעם גענענשטאנד פון זיין אויפמערקזאמקייט. אויף אזא אופן זיינען די שרעקען פון איינצעל־פארהאפטונג פאר־צעהנפאכט געוואָרן. דער רוהיגסטער מענש האָט גענומען האַ־סען דעם שפּיאָן, וואָס האָט נאָכגעקוקט זיין יעדע באוועגונג, יעדען בליק, און איז דערגאנגען ביז וואנזיניגען צאָרן. די קלענסטע אונ־געהאָרכזאמקייט איז באשטראפט געוואָרן מיט קלעפּ און פינס־טערן קארצער. אלע אונטערוואָרפענע אונטער אזא רעזשים זיי־נען איינגיכען קראנק געוואָרן. שיריאיעוו איז נאָך א יאָהר פאר־האפטונג געווארען שווינדזיכטיג. אָקלאָדסקי, א שטארקער, גע־זונטער ארבייטער, וועמעס מערקווירדיגע רעדע אויפ'ן פּראָצעס איז געוועז אפּגעדרוקט אין די לאָנדאָנער צייטונגען, איז משוגע געוואָרן. טיכאָנאָוו, אויך א שטארקער מענש, איז קראנק געווארן

*) אַן ערצעהלונג וועגען דעם איז געווען פאַרעפענטליכט אין „נאַראָדנאַיאָ וואָליאַ" און איז שפעטער איבערגעדרוקט געוואָרן אין זאַמעלבוך „נאַ ראָדינע".

אויף סקאָרבוט און האָט אפילו ניט געקאָנט זיך אויפהויבען פון בעט. אויף אזא אופן זיינען אלע דריי, ניט קוקענדיג אויף די „באגנאדיגונג", אין פארלויף פון נאָר איין יאָהר שוין געווען מיט איין פוס אין קבר. פון די איבעריגע פינף, וואס זיינען געווען פאראורטיילט אויף קאטאָרזשנע ארבייט, זיינען צוויי, מארטינאָווסקי און צוקערמאן, — אראפּ פון זינען, און אין אזא צושטאנד האָט מען זיי שטענדיג געזעצט אין קארצער, אזוי, אז ענדליך האָט מארטינאָווסקי געמאכט א פארזוך אויף זעלבסטמאָרד.

אין דעמזעלבינען ראוועלין האָט מען אריינגעזעצט נאָך עטליכע אנדערע, און די רעזולטאטען זיינען אלעמאָל געווען די־זעלביגע: מען האָט זיי שנעל דערפיהרט צום קבר. אין זומער 1883 האָט די רעגירונג באשלאָסען מילדער צו מאכען דאָס שיקזאל פון איינעגע, אוועקשיקענדיג זיי אויף קאטאָרגא אין סיביר. דעם 27טען יולי, 1883, האָט מען זיי אין געפענגנים וואגאָנען געבראכט אין מאָסקווע; און צוויי צופעליגע עדות, וועמען עס איז געלונגען זיי צו זעהן, האָבען געגעבען א בלוט־פארגליווערענדיגע באשרייבונג פון דעם צושטאנד, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען די געוועזענע ארעסטאנטען פון פעטראפּאַוולאָווסקאיא קרעפּאָסט. וואָלאָשענקאָ, אינגאנצען באדעקט מיט סקאָרבוט־וואונדען, האָט זיך ניט געקאָנט באוועגען. מען האָט איהם ארויסגעטראָגען פון וואגאָן אויף א טראג־בעטעל. פריבילעוו און פאָמין זיינען געפאלען אין חלשות, ווען מען האָט זיי ארויסגעטראגען אויף דער פרישער לופט. פאוועל אָרלאָוו, וואָס האָט אויך געליטען פון סקאָרבוט, האָט קוים געקאנט געהן. „ער איז אינגאנצען אויסגעבויגען ווי א דוהע, און איין פוס ביי איהם איז אינגאנצען איינגעדרעהט", — דערצעהלט אָן עדות. טאטיאנא לעבעדעוו איז גע'משפּט געוואָרן, און מען האָט זי פאראורטיילט צום טויט, אָבער דערנאָך האָט מען זי באגנאדיגט און פארשיקט אויף אייביגע קאטאָרגע. איהר איז איבריגענס געווען אלץ איינס, אויף וויפיעל יאָהר מען האָט זי פאראורטיילט, ווייל לאנג וועט זי שוין אזוי אויך ניט לעבען. דער סקאָרבוט האָט זיך ביי איהר שרעקליך ענטוויקעלט: קיין יאסלעס זיינען אינגאנצען ניטאָ, און די ציין זיינען אפּגעדעקט. דערצו איז זי נאָך אין די לעצטע גראדען פון שווינדזוכט... נאָך לעבעדעוו'ן האָט זיך באוויזען יאקימאָווא

(קאָבאָזעווא) מיט א האלב־יאָהריגען קינד אויף די הענט. אויף דאָס קינד קאָן מען ניט קוקען אָהן רחמנות: ער שטארבט, דוכט זיך, אַפּ יעדע מינוט. וואָס אנבאטרעפט יאקימאָווא׳ן אליין, האָט זי ניט געליטען באזונדערס ניט פיזיש, ניט מאָראליש, און ניט קוקענדיג אויף די אייביגע קאטאָרגא, וואָס האָט זי ערווארט, איז זי אלעמאל רוהיג. די איבעריגע פּעטערבורגער האָבען זיך גע־פיהלט אויף אזוי פיעל בעסער, אַז זיי האָבען אליין געקאָנט ארי־בערגעהן פון איין וואגאָן אין צווייטען... וואָס אנבאטרעפט מיר־סקי׳ן, האָט מען אויף איהם אינגאנצען ניט אָנגעזעהן קיין שום שפּורען פון א פיער־יאָהריגער פארהאפטונג אין פּעטראפּאוולאָוו־סקאיא קרעפּאָסט. ער איז נאָר געוואָרן א סך מענליכער*). מיר־סקי איז, איבעריגענס, אין יענער צייט אלט געווען אינגאנצען 23 יאָהר.

אָבער אפילו צווישען אָט די האלבע בר־מינן׳ס וויפיעל האָבען נעפעהלט פון די חברים, וואָס זיינען גע׳משפּט געוואָרן צוזאמען מיט זיי! וויפיעל פון זיי זיינען געבליבען באגראָבען אין טרו־בעצקאָי ראוועלין! פון זינט עס אז איבערגעריסען געוואָרן יעדער דירעקטער פארקעהר מיט דער פעסטונג, איז גאָר ניט באקאנט וועגען דעם, וואָס קומט פאר אין ראוועלין; עס זיינען נאָר איבער פּעטערבורג ארומגעגאנגען שרעקליכע קלאנגען וועגען א שענד־ליכער גוואלדטאַט, און מען האָט דערביי אויף אָט די גוואלטאט אָנ־געוויזען, ווי אויף די אורזאך פון לודמילא טערענטיעווא׳ס טויט.

מיר האָבען ניט אויסגעשעפּט אלע שרעקען... עס בלייבט נאָך איבער צו דערצעהלען וועגען די „גריבער" פון אלעקסעיעווער ראוועלין. מיט פיער יאָהר צוריק האָט מען א געוויסען מר. לענסדעל ערלויבט אריינצוקוקען אין צוויי קאזעמאטען פון טרו־בעצקאָי באסטיאָן, און ער האָט נאָכדעם פייערליך אפּגעלייקענט אין דער ענגלישער פּרעס די עקזיסטענץ פון די האלב־אונטערער־דישע קאזעמאטען אין טרובעצקאָי ראוועלין, וואָס זיינען באשרי־בען געוואָרן אין „טיימס"... מר. לענסדעל האָט געפרעגט: „וואו זיינען אהינגעקומען אָט די אלע „באהעלטענישען", „גריבער"

*) „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי", נומער 3, 1883, זייט 180; סטיינעק, „ראָשיע אָנדער דהי צאַרס", קאַפּיטעל 19.

און פינסטערע קאַזעמאַטען פון פעטראַפּאַוולאָווסקאַיאַ קרעפּאָסט, וועגען וועלכע מען האָט אונז אַזויפיל דערצעהלט?" אויף אָט דער ארויספאָדערונג האָב איך דעמאָלט געענטפערט אַזוי:

„איך וועל ניט אָפּלייקענען די עקזיסטענץ פון די „גריבער" אין פעסטונג, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס אין רוסלאַנד ווערן נאָך איצט אפילו פאַרשוואונדענע מענשען אַזוי שפּורלאָז, אַז קיינער קאָן ניט אויסגעפינען, וואו זיי געפינען זיך. פאַר אביישפּיעל וועל איך אָנווייזען אויף ניעטשאַיעוו'ען. ער האָט אין מאָסקווע געטויט א שפּיאָן, איז אַנטלאָפען אין שווייץ און איז פון פעדע־ראַלען ראַט ארויסגעגעבען געוואָרן מיט'ן באַדינג, אַז די רוסישע רעגירונג זאָל באַהאַנדלען ניעטשאַיעוו'ען, ווי א געוועהנליכען קרי־מינעלען פאַרברעכער, ניט ווי איהר פּאָליטישען שונא. א געריכט פון געשווארענע האָט איהם אין מאָסקווא פאַראורטיילט אויף קאַ־טאָרזשנע ארבייט, און נאָך אַלערליי מאַטערנישען, — וועגען וועל־כע איך רעד אויף אַנאַנדער אָרט, — איז ער פאַרשוואונ־דען. לויט'ן געזעץ האָט ער איצט געזאָלט זיין אויף קאַרא, אויף סאַכאַלין, אָדער אין איינער פון די קאַטאָרזשנע קאָלאָניעס אין סיביר. אָבער מיר ווייסען, אַז אין 1881 איז ער ניט געוועזן אין קיין איינעם ניט פון די אַלע ערטער. וואו זשע איז ער? פאַר־א־יאָהרען איז ארומגעגאַנגען א קלאַנג, אַז איהם איז גע־לונגען צו אַנטלויפען פון פעסטונג, אָבער דער קלאַנג איז ניט באַ־שטעטיגט געוואָרן; און איך האָב איינינגע אורזאַכען צו מיינען, אַז מיט צוויי יאָהר צוריק איז ער געוועזן — און אפשר געפינט ער זיך איצט אויך דאָרטען, — אין איינעם פון די פעסטונג קאַזע־מאַטען. איך באַהויפּט ניט, אַז מען באַהאַנדעלט איהם דאָרטען שלעכט; פאַרקערט, איך מיין, אַז ער, פּונקט ווי אַלע אנדערע פּאָליטישע ארעסטירטע, האָט באַוויזען צו געווינען די סימפּאַטיע פון זיינע וועכטער, און איך האָף, אַז מען האָט איהם אריינגעזעצט אין א באַוואוינבאַרן קאַמער. ער האָט דאָך אָבער א רעכט צו זיין איצט אין סיביר און האָבען די פאַרהעלטניסמעסיגע פרייהייט אין דער קאַרא'ער פרייער קאָמאַנדע, לעבען די מינען. ער האָט קרובים און פריינד, וואָס וואָלטען ענדליך געוואָלט אויסגעפינען: צי לעבט ער נאָך? און אויב ער לעבט, וואו געפינט ער זיך? און איך פרעג מר. לענסדעל'ן: איז ער פּולקאָם זיכער אין דער

ריכטיגקייט פון דעם, וואָס עס האָבען איהם וועגען דער פעסטונג געזאָגט די מענשען, וועלכע האָבען איהם ערלויבט זי צו באטראכ־טען, און צי באפולמאכטיגט ער אָנצושרייבען ניעטשאיעוו׳ס פריינד, אז אין דער פעסטונג זיינען ניטאָ קיין „גריבער״, און אז זיי דאַר־פען איהם זוכען ערגעץ אנדערשוואו?״*).

עס פארשטעהט זיך, אז מיין פראגע איז, ווי מען האָט דאָס געדארפט ערווארטען, געבליבען אָהן אן ענטפער; אָבער פון זינט דאן האָט די רוסישע רעגירונג אליין מודה געווען, אז „גריבער״ זיינען פאראן אין פעסטונג, איבערלאָזענדיג פאר איהרע ענגלישע לויב־זינגער זיך ארויסצופלאָנטערן פון דעם ווידערשפרוך, ווי זיי וועלען אליין וועלען. די רעגירונג האָט איבערגעגעבען צום געריכט סאָלדאטען פאר צושטעלען בריף גראד אין אָט די „גרי־בער״ פון אלעקסעיעווער ראוועלין!

אין 1882 זיינען אכצעהן סאָלדאטען, וואס זיינען געשטאנען אויף קאראאול אין אלעקסעיעווער ראוועלין, איבערגעגעבען געוואָרן צום קריגס־געריכט, אינאיינעם מיט דעם סטודענט־מעדיקער דוב־ראָוו׳ן**). מען האָט די סאָלדאטען באשולדיגט, אז זיי האָבען אין געהיים איבערגעגעבען בריף פון דריי ארעסטירטע אין ראַ־וועלין צום סטודענט דובראָוו׳ן, און פארקערט. דער באשולדי־גונגס־אקט, וואס איז אונטערגעשריבען געווארן פון מיליטערישען פראָקוראָר, פּאָלקאָווניק מאסלאָוו, איז אינגאנצען פארעפענטליכט געוואָרן***); דער ווערדיקט פון געריכט איז אָפּגעדרוקט גע־וואָרן אין די פעטערבורגער צייטונגען. פון דעם באשולדיגונגס־אקט זעהט מען, אז אין 1881 זיינען אין ראוועלין געווען פאר־שפארט פיער מענשען. אין טעקסט פון דעם אקט זיינען זייערע נעמען ניט אנגעגעבען געווארען: דער פּראָקוראָר רעדט וועגען זיי, ווי וועגען די ארעסטאנטען, וואָס פארנעמען די קאמערען נומער 1, נומער 5, נומער 6 און נומער 13. ביז נאָוועמבער 1879, — ווערט דערצעהלט אין אקט, — זיינען אין ראוועלין געווען נאָר צוויי מלוכה פארברעכער: אין די קאמערען נומער 5 און נומער

*) „ציינטינגה סענטשורי״, יוני, 1883.

**) זייערע נעמען ווערען דאָ געבראַכט אין דער ביילאַגע.

***) „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָלי״, נומער 1, נאָוועמבער, 1883.

6. אין נאָוועמבער איז געבראַכט געוואָרן אַ דריטער אַרעסטאַנט, וועמען מען האָט אַריינגעזעצט אין קאַמער נומער 1, און אין אַ יאָהר אַרום (דעם 19טען נאָוועמבער 1880) איז געבראַכט געוואָרן דער פערטער, וואָס האָט פאַרנומען דעם קאַמער נומער 13. אָט דער לעצטער אַרעסטאַנט, — ווי מען קאָן דאָס זעהן פון דעם אויבענדערמאָנטען אָפיציעלען דאָקומענט, — איז געוועזן שיריאַיעוו. די סאָלדאַטען האָט מען, צווישען אַנדערעס, באַשולדיגט אין דעם, אַז זיי האָבען געפיהרט שמועסען „פון אַ פאַרברעכערישען אַינהאַלט" מיט'ן אַרעסטאַנט נומער 5; אַז זיי האָבען איבערגעגעבען בריף פון די אַרעסטאַנטען נומערן 1, 5 און 13, פון איינעם צום אַנדערן, און אַז פון זינט דער לעצטער (נומער 13) איז אָנגעקומען, האָבען זיי אָנגעהויבען טראָגען בריף פון ראַוועלין צום סטודענט דובראָוו'ן און ברענגען אין ראַוועלין פּעריאָדישע אויסגאַבען, בריף און געלט, וואָס זיי האָבען איבערגעגעבען צו די דריי אַרעסטירטע אין ראַוועלין.

די שמועסען, „פון אַ פאַרברעכערישען אינהאַלט", וואָס די סאָלדאַטען האָבען געפיהרט מיט'ן אַרעסטאַנט נומער 5, ווערן געבראַכט אין באַשולדיגונגס אַקט, נאָך די אָנווייזונגען פון די סאָלדאַטען גופא אין דער צייט פון דער פּרעלימינערער אויספאָרשונג; און עס ווייזט אויס, אַז אָט די שמועסען האָבען זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון פון די סאָלדאַטען. „די סאָלדאַטען און מוזשיקעס, — האָט נומער 5 גערעדט, — ווערן איצט באַליידיגט, אָבער אינגיכען וועט אָנקומען אַ נייע צייט"... א. אַז. וו.

נומער 5, — ווי מיר ווייסען דאָס איצט, — איז געוועזן ניט קיין אַנדערער, ווי נעטשאַיעוו. דרוקענדיג דעם טיף אינטערעסאַנטען אָפיציעלען דאָקומענט, פון וועלכע מיר האָבען אויבען געבראַכט אויסצוגען, ברענגט אויך דער „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי" עטליכע בריף, וואָס דער אויספיר קאָמיטעט האָט באַקומען פון נעטשאַיעוו'ען. איצט, הייסט דאָס, קאָן מען מיט זיכערהייט זאָגען, אַז די רוסישע רעגירונג האָט באַוואוסטזיניג און מיט אַ כיון געזאָגט ליגען, ווען זי האָט דער שווייצער רעפּובליק ביים אַרויסגעבען נעטשאַיעוו'ען פייערליך צוגעזאָגט, אַז דער לעצטער וועט באַטראַכט ווערן נאָר ווי אַ קרימינעלער פאַרברעכער. מען האָט נעטשאַיעוו'ען קיינמאָל ניט באַהאַנדעלט, ווי אַן איינפאַכען קריי־

מינעלען פארברעכער. פון מאָסקווער געריכט איז ער פאראור־טיילט געוואָרן צו קאטאָרזשנע ארבייט, ניט צו זיין פארשפארט אין פעסטונג. אָבער מען האָט איהם ניט געשיקט ניט אין סיביר, ניט אין איינע פון די קאטאָרזשנע געפענגניסען. באלד נאָכ'ן אורטייל האָט מען איהם ווי פארמויערט אין אַלעקסעיעווער ראַ־וועלין, און ער איז דאָרטען געבליבען פון 1874 אָן. דער אָפּי־ציעלער דאָקומענט, — דער באשולדיגונגס אקט, — רופט איהם אָן אָפען „מלוכה פארברעכער".

וואָס איז מיט נעטשאַיעוו'ען געשעהן אין ראַוועלין? איצט ווייס מען, אז די רעגירונג האָט צוויי מאָל פאָרגעשלאָגען נע־טשאַיעוו'ען, ער זאָל „געבען אויפריכטיגע אויסזאָגונגען". דער ערשטער פאָרשלאָג איז געמאכט געוואָרן דורך גראף לעוואשאָוו, און דער צווייטער — דורך גענעראל פּאָטאַפּאָוו. נעטשאַיעוו האָט מיט צאָרן זיך אָפּגעזאָגט. דער פאָרשלאָג, וואָס גענעראל פּאָטאַ־פּאָוו האָט געמאכט, האָט נעטשאַיעוו'ען אזוי אויפגעבראכט מיט דער פאָרם און מיט'ן אינהאלט, אז נעטשאַיעוו האָט אויף איהם געענטפערט מיט א הילכיגען פּאטש דעם מעכטיגען סאטראַפּ פון אַלעקסאנדער דעם צווייטען. מען האָט דערפאר נעטשאַיעוו'ען שרעקליך צושלאָגען, אָנגעטאָן קייטען אויף די הענט און די פיס און מיט קייטען צוגעשמידט צו דער וואנט פון קאזעמאט. סוף 1881 האָט ער אָנגעשריבען, באַנוצענדיג אנשטאָט א פעדער זיין נאָ־געל און אָנשטאָט טינט — זיין אייגען בלוט, א בריף צו אַלעקסאנ־דער דעם דריטען, — מיר ווילען דאָ אגב באמערקען, אז דער בריף איז געווען זעהר באַשיידען, — אין וועלכען ער האָט אָנגעוויזען אויף זיין אונגעזעצליכע פארהאַפטונג אין פעסטונג... דעם בריף (א קאָפּיע פון וועלכען נעטשאַיעוו האָט איבערגעגעבען דעם אויס־פיר קאָמיטעט, און וואָס איז שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „וועסטניק נאראָדנאַי וואָלי") האָט נעטשאַיעוו איבערגעגעבען א פּערזאָן, וואָס איז צופעליג פארבייגעגאנגען אונטער די פענסטער פון זיין קאזעמאט, אין דער צייט פון עפּעס א רעמאָנט אין ראַ־וועלין; דער קאָמענדאנט פון פעסטונג איז קיינמאָל ניט אריינ־געקומען צו נעטשאַיעוו'ען אין קאמער, און דער אויפזעהער פון ראַוועלין וואָלט, נאטירליך, אזא בריף ניט איבערגעגעבען.

אָנהויבענדיג פון 1882 האָבען מיר ניט קיין דירעקטע ידיעות

פון נעטשאַיעוו'ען אַליין. אין דעצעמבער 1882 זיינען אַרומגע־גאַנגען קלאַנגען, אַז, ניט קאָנענדיג מעהר אַריבערטראָגען די שטענ־דיגע צודרינגליכקייטען, האָט ער געמאַכט עפּעס אַ סצענע דעם אויפזעהער, און מען האָט איהם דערפאַר שרעקליך צושלאָגען און אפשר נאָך געשמיסען אויך; נאָך דיזעלביגע קלאַנגען זאָל ער האָ־בען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין עטליכע טעג אַרום. די איינ־ציגע ריכטיגע ידיעה איז, אַז דעם 5טען אָדער 8טען דעצעמבער איז איינער פון די אַרעסטירטע אין ראַוועלין געשטאָרבען. דער אויספיר קאָמיטעט האָט פאַררעכענט נעטשאַיעוו'ען פאַר געשטאָר־בען, און סוף 1883 האָט ער פאַרעפענטליכט אויסצוגען פון זיינע בריף. עס קאָן אָבער זיין, אַז ער לעבט נאָך ביז היינטיגען טאָג.

אַנאַנדער אַרעסטאַנט פון אַלעקסעיעווער ראַוועלין, שיריאַ־יעוו, איז געשטאָרבען דעם 16טען סעפּטעמבער 1881. ווען מען האָט אויפגעהערט אַרויסצולאָזען די אַרעסטאַנטען אויף שפּאַציר, און מען האָט פאַרקלאַפּט זייערע פענסטער (אַ רעזולטאַט פון נע־טשאַיעוו'ס פאַרזוך איבערצוגעבען דעם בריף) און אפילו די לופט־ציהער, האָט ביי שיריאַיעוו'ען שנעל זיך אַנטוויקעלט טובערקולאָ־זיס. נעטשאַיעוו האָט מיטגעטיילט, אַז שיריאַיעוו איז געשטאָר־בען אין אַ צושטאַנד פון אַן אונגעוועהנליכער אויפרעגונג און האָט געמיינט, אַז מען האָט איהם פאַר'סמ'ט מיט עפּעס אַן אויפרעגענ־דען מיטעל, וואָס מען האָט איהם איינגעגעבען, כדי אַרויסצוקריגען פון איהם וועלכע עס איז ידיעות. די השערה איז גאַנץ וואַרשיינ־ליך. האָט מען דאָך איינגעגעבען עפּעס אַזעלכע שלאָף־מיטלען סאַבוראָוו'ען, מיט'ן צוועק, ווי די אויסוואַרפען האָבען געזאָגט, צו „פאָטאָגראַפירן" איהם. קאָנען מיר דען זיין זיכער, און איז דען סאַבוראָוו אַליין זיכער אַז אין דער ראָל פון „פאַרשלעפערונגס מיטעל" האָט פיגורירט נאָר כלאָראָפאָרם אָדער אָפּיום? מענשען, וואָס באַהאַלטען זייערע שענדליכע מעשים אונטער'ן צודעק פון נעהיימנים, וועלען זיך דאָך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלען.

ווער אָבער זיינען געוועזען די אַרעסטאַנטען נומער 1 און נו־מער 6? נומער 1 איז וואַרשיינליך געוועזען אַ טעראָריסט. וואָס אַנבאַטרעפט נומער 6, האָט ער ניט געשריבען קיין בריף צו די איב־ריגע דריי אַרעסטירטע, און מיר ווייסען וועגען איהם נאָר פון נעטשאַיעוו'ס בריף. דאָס איז איינער אַ שעוויטש, אַן אָפּיציר, אַן

אקאדעמיקער, וועמען די פעסטונג האָט דערפיהרט ביז צו משוגעת, וועמעס געשרייען עס האָבען געהערט אלע דורכגעהער ביי די ווענט פון ראוועלין. אין וואָס איז באשטאנען זיין שולד? ער איז ניט געוועזן קיין פּאָליטישער פארברעכער; ער האָט ניט געהערט צו קיין רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזאציע; אפילו זיין נאָמען איז די רעוואָלוציאָנערען אונבאקאנט. אין וואָס זשע אָבער איז באשטאנען זיין שולד? — — — — — — — — — — — —
מיר האָבען וועגען דעם ניט קיין ריכטיגע ידיעות. אָבער די גע־שיכטע מיט שעוויטש'ען דאַרף זיין באקאנט אין פעטערבורג, און פריהער אָדער שפּעטער וועט דער אמת ארויסקומען. מיר זיינען נאָר זיכער אין איין זאך, נעמליך, אז שעוויטש איז ניט געוועזן קיין פּאָליטישער פארברעכער און איז ניט געוועזן פארמישט אין קיין פּאָליטישען פּראָצעס, אָנהויבענדיג פון 1866. ער איז דערפיהרט געוואָרען ביז צו משוגעת אין אלעקסעיעווער ראוועלין, ווי א שטראָף פאר עפּעס אנאנדער פארברעך.

זיינען די „גריבער" פון אלעקסעיעווער ראוועלין די איינציגע אין רוסלאנד? — געוויס ניט. ווער ווייס, וויפיעל אזעלכע „גרי־בער" געפינען זיך אפשר אין אנדערע פעסטונגען, אָבער אויף זיכער וויסען מיר איצט וועגען די „גריבער" פון סאָלאָוועצקי מאָ־נאסטיר, וואָס ליגט אויף איינעם פון די אינזלען אויפ'ן ווייסען ים.

אין 1882 האָבען מיר מיט א געפיהל פון גרויסער פרייד אי־בערגעלייענט אין די פעטערבורגער צייטונגען, אז איינער פון די ארעסטאנטען, וואָס איז אָפּגעזעסען אין סאָלאָוועצקער קאזעמאט פופצעהן יאָהר, איז ענדליך באפרייט געוואָרען. איך רעד דאָ וועגען פושקינ'ען. אין 1858 איז ער געקומען צום שלום, אז די לעהרע פון דער פּראוואָסלאווער קירך איז ניט אין איינ־קלאנג מיט'ן אמת. ער האָט איבערגעגעבען זיינע אידעען אין דער פאָרם פון א בוך און סכעמאטישע צייכנונגען; צוויי מאָל, אין 1861 און אין 1863, איז ער געפאָרען אין פעטערבורג, וואו ער האָט זיך געווענדט צו די קירכליכע אויטאָריטעטען מיט דער ביטע צו פארעפענטליכען זיין ארבייט. — „די וועלט, — האָט פושקין געזאָגט, — איז פארטרונקען אין זינד; קריסטוס האָט

ניט אינגאַנצען דורכגעפיהרט איהר אויסלעזונג, דעריבער מוז קו־מען א נייער משיח". אזעלכע געדאַנקען האָבען אין 1866 גע־פיהרט צו זיין ארעסט און ארויסשיקונג, אין דער באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרמען, אין סאָלאָוועצקער געפענגנים, נאַטירליך, אָהן קיין שום אויספאָרשונג און פּראָצעס. דאָרטען האָט מען איהם אריינגעזעצט אין א פינסטערען און פייכטען קאַמער, אין וועלכען מען האָט איהם אָפּגעהאַלטען פופצעהן יאָהר. ער האָט געהאַט א פרוי, אָבער אין פאַרלויף פון 14 יאָהר, דאָס הייסט, ביז 1881, איז איהר ניט געוועזען ערלויבט צו זעהן זיך מיט איהר מאַן. לאָריס־מעליקאָוו, וואָס איז געוואָרן דיקטאַטאָר נאָכ'ן אויפרייס אין ווינטער פּאַלאַץ, האָט איהר ערלויבט צו זעהן זיך מיט'ן מאַן, ביז דאַן אָבער האָט מען פושקינ'ען געהאַלטען אין דער שטרענגסטער געהיימקייט, ווי א מלוכה פאַרברעכער. די גאַנצע צייט איז קיי־נעם ניט געוועזען ערלויבט אריינצוקומען אין זיין קאַזעמאַט, אויסער דעם ארכימאַנדריט פון מאָנאַסטיר: נאָר ווי אַן אויסנאַם האָט מען איינמאָל אין קאַזעמאַט אריינגעלאָזען דעם באַוואוסטען טוריסט ג. דיקסאָן. פּרוגאַווין, וואָס איז געוועזען א באַאַמטער ביים ארכאַנ־געלסקער גובערנאַטאָר, האָט באַזוכט פּושקינ'ען אין 1881. צו דער צייט פון פּרוגאַווין'ס וויזיט איז ער שוין אַלט געוועזען 55 יאָהר, און ער האָט געזאָגט צו זיין באַזוכער: „איך ווייס ניט, אין וואָס איך בין שולדיג, און ווייס ניט, ווי אזוי זיך צו רעכטפאַר־טיגען. מען זאָגט מיר: „שטעה צו צו דער קירך, זאָג זיך אָפּ פון דיין אפּיקורסות, און מען וועט דיך באַפרייען". אָבער ווי אזוי קאָן איך דאָס טאָן? איך האָב מקריב געוועזען אַלץ צוליעב מיינע איבערצייגונגען: פאַרמעגען, פאַמיליען־גליק, מיין גאַנץ לעבען... ווי אזוי קאָן איך זיך אָפּזאָגען פון מיינע איבערצייגונגען? נאָר די צייט וועט, ווי איך האָף, ווייזען, צי איך בין געוועזען גערעכט. און אויב איך בין געוועזען אומגערעכט, אויב דאָס, אין וואָס איך האָב געגלויבט, האָט מיר נאָר אויסגעוויזען, ווי דער אמת, דאַן זאָל אָט די געפענגנים זיין מיין קבר!" אין 1881, ווי מיר האָבען אויבען געזאָגט, איז פושקינ'ס פרוי ערלויבט געוואָרן צו זעהן זיך מיט איהם, און זי איז גלייך נאָכדעם אוועקגעפאָהרן אין פעטערבורג בע־טען, מען זאָל איהם באַפרייען. צו יענער צייט האָט שוין פּרו־גאַווין באַוויזען צו דערצעהלען וועגען דער שרעקליכער געשיכטע

אין זיין זשורנאל און עטליכע צייטונגען. די פרעס האט גענומען רעדען וועגען „דערבארמונג", און מען האט פושקינ'ען באפרייט; אבער — מען האט איהם געהאלטען פופצעהן יאהר אין א „גרוב".*)

איז פושקין געווען די איינציגע פערזאן, וואס מען האט גע־מאטערט אויף אזא אופן? איך גלויב ניט. מיט ארום 15 יאהר צוריק האט איינער פון מיינע פריינד, דער דייטשער געלאג הע־בעל, „אנטדעקט" אויף סאלאווקי אן ארטילעריע אפיציר, וואס איז געווען אין פושקינ'ס לאגע. מיר האבען געמאכט אלערליי פאר־זוכען אין פעטערבורג, האבען זיך געווענדט צו אלערליי איינפלוס־רייכע פערזאנען, כדי אויסצואווירקען, אז מען זאל איהם באפרייען. עס איז אפילו געלונגען צו פאראינטערעסירן אין זיין שיקזאל איי־נע פון די גרויספירשטינס. אבער אלע אונזערע אנשטרענגונגען און באמיהונגען האבען צו קיין זאך ניט געפיהרט, און אפשר מא־טערט זיך דער אונגליקליכער נאך ביז היינטיגען טאג אין דער „געפענגנים", אויב ער איז נאר ניט געשטארבען.

מען דארף, איבריגענס, באמערקען, אז די לעצטע צייט האט די רוסישע רעגירונג ניט קיין הצלחה מיט איהרע „גריבער". פריהער, ווען עמיצער איז דורכגעגאנגען די זיילען ארקע פון דער פעסטונג אין דער באגלייטונג פון צוויי זשאנדארמען, פלעגט ער געוועהנליך שפורלאז פארשווינדען. צעהן, צוואנציג יאהר האבען געקאנט פאראיבערגעהן, און וועגען דעם פארשוואונדענעם זאל מען גארנישט ניט הערן, אויסער די קלאנגען, וואס מען האט זעהר שטרענג־געהיים איבערגעגעבען אין דעם פאמיליען קרייז. וואס אנבאטרעפט די, וואס האבען געהאט דאס אונגליק ארייצופא־לען אין אלעקסעיעווער ראוועלין, זיינען די רוסישע זעלבסטהער־שער געווען פולשטענדיג זיכער, אז קיין קלאנג וועגען זייער מזל וועט ניט ארויסקומען דורך די שטיינערנע ווענט פון דער פעסטונג. אבער די לעצטע האט זיך פון זינט דאן שטארק געענדערט, און

---

*) די, וואס צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון דעם אויבענגע־בראכטען, קאנען געפינען א באריכט פון דעם שענדליכען פאל, געשריבען פון ה' פרוגאווין אין „רוסקאיא מיסל" (1881); זיינע ארטיקלען וועגען דעם זיינען אויך געווען געדרוקט אין „גאלאס" און אין „מאסקאווסקי טעלעגראף" (דעם 15טען נאוועמבער 1881).

אפשר װײַזט אָט די ענדערונג בעסער פון אַלץ, אויף װיפיעל דער פּרעסטיזש פון זעלבסטהערשאַפט איז געפאַלען. װאָס מעהר עס איז געװאַקסען די צאָהל שונאים פון דעם עקזיסטירענדיגען רע־זשים, אַלץ מעהר איז געװאַקסען די צאָהל פאַרשפּאַרטע אין פעס־טונג, ביז זי האָט דערגרייכט אַזאַ גרויס, אַז עס איז געװאָרן אונ־מעגליך צו באַגראָבען די אַרעסטירטע לעבעדיגערהייד, װי מען האָט דאָס געטאָן מיט זייערע פאָרגענגער. די זעלבסטהערשאַפט האָט געמוזט איינגעהן אויף הנחות צו דער געזעלשאַפטליכער מיינונג; די רעגירונג האָט געפונען פאַר אונמעגליך צו פאַראורטיילען צום טויט אָדער אויף לעבענסלענגליכע פאַרשיקונג אין סיביר אַלעמען, װער עס איז נאָר געװען איינגעשפּאַרט אין פעסטונג. איניגע פון זיי האָט מען סוף כל סוף אַרויסגעשיקט אין די „װעניגער דערװייטערטע טיילען פון דער אימפּעריע“, װי, צום ביישפּיעל, אין קאַלאַ, און זיי האָבען באַװיזען צו אַנטלויפען פון דאָרטען. איינער פון אָט די אַנטלאָפענע האָט אין דער אייראָפּעאישער פּרע־סע דערצעהלט די געשיכטע פון זיין פאַרהאַפטונג.*) און די פעס־טונג גופא האָט ביסלעכװייז פאַרלאָרען איהר געהיימניספולקייט. די ריייה קאַזעמאַטען פון טרובעצקאָי באַסטיאָן איז אויסגעבויט געװאָרען אין 1873. איך בין געװען איינער פון די ערשטע איינ־װאוינער, װייל איך בין אַהין אַריינגעפאַלען אין אָנהויב 1874. דעמאָלט איז דער באַסטיאָן װירקליך געװען אַ קבר. אַ חוץ בריף, װאָס זיינען זעהר גרינדליך איבערגעקוקט געװאָרן, איז קיין זאַך פון איהם ניט אַרויסגעקומען. מיר, אַרעסטירטע, זיינען אינגאַנצען געװען זעקס מענשען אויף 36 קאַמערן פון דעם אויבערשטען עטאַזש, אַזוי אַז איינעם פון דעם אַנדערן האָבען אונז אָפּגעטיילט 4־5 קאַמערן. פינף סאָלדאַטען האָבען באַװאַכט דעם קאָרידאָר, דאָס הייסט, אַז אויף יעדע טיר פון אַ קאַמער איז אויסגעקומען כמעט צו איין סאָלדאַט, און אויף יעדען סאָלדאַט װידער האָט אַכ־טונג געגעבען אַן אונטער־אָפיציר, װאָס איז ניט לאַנג צוריק דער־הויבען געװאָרן צו זיין ראַנג, און ער האָט אַכטונג געגעבען מיט דעם גאַנצען אייפער פון אַ נייעם, װאָס װיל זיך אויסדינען. עס

---

*) א. פּאַװלאָװסקי, אין אַ סעריע אַרטיקלען, װאָס זיינען געװען געדרוקט אין פּאַריזער „טאַן“, מיט אַ פאָרװאָרט פון א. ס. טורגענעװ.

פארשטעהט זיך, אז אונטער אזעלכע באדינגונגען האט קיין פאר־קער צווישען די ארעסטירטע ניט געקאנט זיין; נאך וועניגער מעג־ליך איז געווען א פארקער מיט דער אויסערליכער וועלט. דאס סיסטעם איז ערשט דעמאלט איינגעפיהרט געווארן און האט אויס־געצייכענט געארבייט: דער געגענזייטיגער שפיאנאזש איז דער־פיהרט געווארן ביז צו אזא פולקאמענהייט, אזוי ווי דאס וואלט געווען א יעזואיטישער מאנאסטיר.

עס זיינען אבער נאך ניט פארגאנגען קיין צוויי יאהר, ווי דאס סיסטעם האט גענומען פארערגערן זיך. די באאמטע האבען זיך איבערצייגט, אז די רעוואלוציאנערען ווערען עפעס אויף אונבא־קאנטע וועגען אינפארמירט וועגען אלץ, וואס קומט פאר אין טרו־בעצקאי באסטיאן. אין דער פעסטונג האט מען מעהר ניט געקאנט איינהאלטען קיין מלוכה געהיימניסען. בעת די וועניגע באזוכען פון קרובים האבען די באאמטע אנגענומען די שטרענגסטע פאר־זיכטיגקייטס מיטלען. אין סוף 1875 האט מען אונז אפילו ניט ערלויבט נאהנט צוצוקומען צו די קרובים, וואס זיינען געקומען אונז זעהן: צווישען זיי און אונז האט זיך אלעמאל געפונען דער פאלקאווניק פון באסטיאן און א זשאנדארמען אפיציר. שפעטער, ווי מען האט מיר דערצעהלט, זיינען איינגעפיהרט געווארן די איי־זערנע גראטעס און אנדערע „לעצטע ווערטער פון ציוויליזאציע". אבער אט די אלע פארזיכטיגקייטס מיטלען האבען גארנישט ניט געהאלפען, און מען האט פון באסטיאן, ווי מיין פריינד סטעפניאק האט מיר דערצעהלט, באקומען א מאסע בריף.

עס איז צוגעגרייט געווארן א רייה קאזעמאטען, אין וועלכע מען האט אין פארלויף פון א סך יאהרען ניט אריינגעזעצט קיין ארעסטאנטען (די אזויגערופענע אויספרואוואונגס קאמערן פון טרו־בעצקאי ראוועלין). די רעגירונג האט געהאפט, אז אין אט די קאמערן וועט זי קאנען באגראבען לעבעדיגערהייד איהרע שונאים, און אז איצט וועט שוין וועגען זייער שיקזאל קיינער גארנישט ניט דערוויסען זיך. אבער אויף עפעס אונגעוועהנליכע אופנים זיינען די בריף אלץ דורכגעקומען אפילו דורך די דיקע וועגט פון ראוועלין; נאך מעהר, די בריף זיינען פארעפענטליכט געווארן אין דער רעוואלוציאנערער פרעסע. אויף אזא אופן זיינען ארויסגעקומען די סעקרעטען פון איינעם פון די געהיימסטע ווינקלען פון דער פעס־

טונג. נאָך שפּעטער זיינען איניגע פון די איינגעשפּארטע אין די אויבענדערמאָנטע קאַזעמאַטען ארויסגעקומען ענדליך אויף גאָט'ס וועלט. עס איז גאַנץ ווארשיינליך, אַז אין אָנהויב האָט די רעגירונג גערעכענט צו האַלטען זיי פּארמויערטע אין ראַוועלין א צוועלף־צוואַנציג יאָהר, דאָס הייסט, דעם גאַנצען טערמין פון קאַ־טאָרגאַ, אויף וועלכע זיי זיינען געוועזן פאר'משפּט, און אפשר אויף זייער גאַנצען לעבען. זיינען דאָך אָבער אין שרעקליכען ראַוועלין אריינגעפאַלען אַזויפיעל מענשען, און די ערסטאַנטען זיינען דאָ געשטאָרבען אָדער אראָפּ פון זינען אַזוי שנעל, אַז מען האָט געמוזט אויפגעבען דעם ערשטען פּלאַן, אין פּארשיקען אַ סך פון די ארעס־טירטע אין סיביר, ווען זיי זיינען שוין געוועזן מיט איין פוס אין קבר.

פונדעסטוועגען זיינען אין פעסטונג געוועזן „גריבער", פון וועלכע עס איז ניט ארויסגעקומען קיין ידיעה, אפשר פון דער צייט אָן, ווען מען האָט זיי אויסגעבויט. איך האָב אין זינען, נאַ־טירליך, דעם אַלעקסעיעווער ראַוועלין, אָט די פּאָליטישע געפענגנים פאר עקסעלאַנס, דעם שטומען עדות פון אַזויפיעל פארברעכען פון דער רוסישער רעגירונג. יעדערן אין פעטערבורג איז באַקאַנט דער שרעקליכער נאָמען. די רעגירונג האָט אָט דעם ראַוועלין גערע־כענט פאר דעם זיכערסטען אָרט, און אין איהם האָבען זיך אויפ־געהאַלטען אינגאַנצען צוויי מענשען. אָבער, ווי די לעזער האָבען שוין געזעהן, ווי נאָר אין ראַוועלין האָבען זיך באַוויזען אָנשטאָט צוויי — פיער ארעסטירטע, האָט דער שטומער ראַוועלין גענומען ארויסגעבען זייערע געהיימניסען. די סאָלדאַטען אויף וואך זיי־נען געשטעלט געוואָרן צום געריכט. אָבער ווער וועט גאַראַנטירן, אַז די נייע סאָלדאַטען, וואָס מען וועט באַשטימען אויפ'ן אָרט פון די פריהערדיגע, וועלען ניט איבערגעבען קיין בריף פון ראַוועלין?

גלייך נאָכדעם האָט די רעגירונג... אויפגעשטעלט די גע־פענגנים אין שליסעלבורג *).

ארום אַ זעבציג וויאָרסט פון פעטערבורג, ביי נעוואַ'ס אויס־פלוס פון לאַדאָגער אָזערע, שטעהט אָט די פינסטערע פעסטונג אויף אַן איינזאַמען אינזעל. ארום איהר ליגט אַ קליין פאַרוואָר־

*) געשריבען אין יאָהר 1882.

פען שטעטעל, אויף וועמעס איינוואוינער מען קאָן זעהר לייכט אכ־טונג געבען, אזוי אז גאנצע יאָהרן קאָנען אפשר פארביינעהן, איי־דער די רעוואָלוציאָנערן וועלען קאָנען געפינען וועלכע עס איז מיט־לען צו פארקערן מיט דער פעסטונג און אָנצופיהרן אין איהר פראָ־פאגאנדא. אויף אזא אופן האָט די רוסישע רעגירונג, וואָס נוי־טיגט זיך אזוי שטארק אין געלט, אז זי קאָן ניט אויסגעבען א וועלכע עס איז 10,000 רובעל אויף פארריכטען די צופוילטע און צוזאמענגעבראָכענע געביידעס פון קארער געפענגנים, גאָר ניט לאנג געקלערט און אויסגעגעבען 150,000 רובעל, אויף צו מאכען די שליסעלבורגער פעסטונג פאר א נייע פאָליטישע געפענגנים, וואו־הין צו שיקען די ענערגישערע רעוואָלוציאָנערן, וואָס ווערן פאר־אורטיילט אויף קאטאָרזשנע ארבייטען. אורטיילענדיג נאָך די אויסגעגעבענע סומען, קאָן מען מיינען, אז די נייע געפענגנים איז, לויט איהר קאָמפּאָרט און לוקסוס, עהנליך צו א פאלאַץ; דער אמת אָבער איז, אז מען האָט דאָס געלט אויסגעגעבען ניט אזוי פאר די באקוועמליכקייט פון די ארעסטאנטען, ווי אויף אלערליי מיטלען פון דער שטרענגסטער אויפזיכט איבער זיי, און צו פאר־הינדערן וועלכע עס איז פארזוכען פון זייער זייט צו פארקערן מיט דער אויסערליכער וועלט.

וועמען האָט מען אהין געשיקט? מיר ווייסען ארום א טוץ נעמען, אָבער גענוי וויפיעל זיינען דאָרטען פארשפארט, דאָס ווייס קיינער ניט. וואָס וועט זיין זייער ווייטערדיגער גורל? דאָס ווייס אויך קיינער ניט. וועט מען זיי ניט פּרואווען דערטרינקען דאָר־טען? אפשר... אָדער מען וועט זיי דערשיסען איינעם נאָכ'ן אנדערן, פאר „שטערן די געפענגנים דיסציפלין", ווי מען האָט דער־שאָסען מינאקאָוו'ען, אָדער דעם פּאָלקאָווניק אשענברענער*), וואָס איז „באגנאדיגט" געוואָרן און איז דערנאָך פארשיקט געוואָרן אין

*) איך לאָז בכיון איבער דעם אָרט אונפארענדערט. ער וויזט, ווי אונזויסענד עס זיינען אַלע אויסערהאַלב רוסלאַנד וועגען אַלץ, וואָס טוט זיך אין שליסעלבורג. איצט איז באַקאַנט, אַז מינאַקאָוו איז ווירק־ליך דערשאָסען געוואָרען, אָבער אַשענברענער איז געבליבען לעבען. אָבער אויך אָט די באַסטיל האָט איצט געעפענט איהרע געהיימניסען. דער אַלגעמיינער סטרייק פון 1905 האָט באַפרייט צעהן קרבנות אפילו פון שליסעלבורג.

שליסעלבורג, כדי מען זאָל איהם דאָרטען דערשיסען אין געהיים! אָדער וועט מען זיי לאָזען צורוה, ווארטענדיג, אז זיי זאָלען, איינער נאָכ'ן אנדערן, אויסשטארבען פון סקאָרבוט און טובערקולאָזיס? דאָס איז אויך מעגליך. קיינער ווייס ביז איצט ניט, וואָס עס איז ווייטער געשעהן מיט די שליסעלבורגער ארעסטאנטען. באהאלטען הינטער די דיקע ווענט פון דער פעסטונג, קאָנען די וועכטער און הויפּלייט טאָן מיט די ארעסטירטע, וואָס זיי ווילען אליין — ביז וואנען עס וועט ניט אָנקומען דער רוסישער „14טער יולי", וואָס וועט אָפּווישען פון דער ערד סאַי די שענדליכע געפענגניסען, סאַי די געפענגנים וועכטער, וואָס זיינען א שאנד פאר דער וועלט.

פערטער קאַפּיטעל.

# דאָס פאַרשטויסענע רוסלאַנד.

## אויפ'ן וועג קיין סיביר.

סיביר, דאָס לאַנד פון אויסוואַנדערונג, איז אַלעמאָל געווען אין דער פאָרשטעלונג פון די אייראָפּעער אַ לאַנד פון שרעקען, אַ לאַנד פון קייטען און קנוט, וואו גרויזאַמע באַאַמטע פאַרשמייסען די אַרעסטאַנטען אויף טויט אָדער טויטען זיי מיט אונערטרעגליכער אַרבייט אין די מינען; אַ לאַנד, אין וועלכען די פאָלקסמאַסען קרעכצען פון אונערטרעגליכע ליידען, און אין וועלכען די שונאים פון דער רוסישער רעגירונג ווערן שרעקליך פאַרפאָלגט. געוויס האָט יעדערער, וואָס איז אַריבערגעפאָהרען די אוראַלער בערג און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער וואַסער־צוטיילונג, וואו עס שטעהט אַ סלופּ, מיט דער אויפשריפט „אייראָפּאַ" אויף איין זייט, און „אַזיען" אויף דער אַנדערער, — געוויס האָט ער ניט געקאָנט באַ־הערשען אין זיך אַ געפיהל פון עפּעס אַ שרעק ביים געדאַנק, אַז ער טרעט אַריין אין אַ לאַנד פון טרויער און צער... אַ סך רייזענדע האָבען מסתמא געקלערט פאַר זיך, אַז אַ ציטאַט פון דאַנטע'ס „גיהנום" וואָלט מעהר געווען אם פּלאַץ אויף אָט דעם גרענעץ סלופּ, איידער די אויבערגעבראַכטע ווערטער, וואָס פאַרטענדירן אָפּצוגרע־נעצען צוויי וועלט־טיילען.

אָבער אָט לאָזט זיך דער רייזענדער אַראָפּ נידריגער צו די פּרעכטיגע סטעפּעס פון מערב סיביר. ער באָאָבאַכטעט די פאַר־העלטניסמעסיג פאַרמעגליכע און גלייכצייטיג אונאָפּהענגיגע סיבי־רער פּויערים און פאַרגלייכט אָט די שטריכען פון זייער לעבען מיט דער אָרימקייט און שקלאַפישען צושטאַנד פון די פּויערים אין רוס־לאַנד, און ער הויבט אָן פאַרקלערן זיך: ער באַקאַנט זיך מיט דער גאַסט־פריינדליכקייט פון די „סיביריאַקעס", וועל־

כע ער נעמט אָן פאַר געוועזענע קאַטאָרזשאַנעס, און מיט דער אינטעליגענטער געזעלשאַפט פון די סיבירער שטעט; אין דערזעל־בינער צייט זעהט ער נים קיין שום שפורען פון פאַרשקלאַפונג, הערט ניט וועגען איהר קיין וואָרט אין די אַלטעגליכע שמועסען, זאָל זיין כאָטש אין דער פאָרם פון א באַריהמעריי ביים „סיביריאַק", אָט דעם יענקי פון מזרח, אז די פאַרשיקטע אין סיביר לעבט זיך בעסער, איידער די פויערים אין רוסלאַנד. און דער רייזענדער איז נענויגט צו מיינען, אז זיינע פריהערדיגע פאָרשטעלונגען וועגען דער גרויסער פאַרשיקונגס קאָלאָניע זיינען געוועזען אביסעל איבער־טריבען, און אז סוף כל סוף לעבט זיך די פאַרשיקטע אין סיביר גאָרניט אזוי שלעכט, ווי סענטימענטאַלע שרייבער האָבען וועגען דעם גערעדט.

א סך רייזענדע איבער סיביר,—און ניט נאָר אויסלענדער,— זיינען אריינגעפאַלען אין אַזאַ טעות. נאָר א װעלכער עס איז צו־פאַל: א באַגעגעניש מיט אַן ארעסטאַנטען־פּאַרטיע, וואָס שלעפּט זיך איבער א טיפער בלאָטע, אונטער א הערבסטיגען שלאַגס־רעגען, אָדער אַן אויפשטאַנד פון פּאָליאַקען אויפ'ן וועג ארום באַיקאַל, אָדער א באַגעגעניש מיט א פאַרשיקטען אין די אוראַלטע יאַקוטער וועל־דער, ווי די, וואָס אדאָלף ערמאַן האָט מיט אזויפיל וואַרימקייט באַשריבען אין זיינע „רייזען", — קאָן מאַכען דעם רייזענדען נאָכ־צודענקען און קאָן איהם העלפען ענטדעקען די וואַרהייט, וועלכע איז שווער צו באַמערקען, א דאַנק די אָפיציעלע ליגענס און דער באַלעבאַטישער גלייכגילטיגקייט. איך ווידערהאָל: נאָר אַזאַ צופאַל עפענט געוועהנליך דעם רייזענדען די אויגען, און ער הויבט אָן זעהן דעם אָפּגרונד פון ליידען, וואָס באַהאַלט זיך אונטער די דריי איינ־פאַכע ווערטער: פ א ר ש י ק ו נ ג א י ן ס י ב י ר. דעמאָלט הויבט ער אָן צו פאַרשטעהן, אז אויסער דער אָפיציעלער געשיכטע פון סיביר איז פאַראַן אַן אַנדערע, א טיף־טרויעריגע געשיכטע, וועמעס בלעטער, זינט סיביר איז איינגענומען געוואָרן, ביז אויף היינטיגען טאָג, זיינען געשריבען מיט בלוט און דערצעהלען וועגען אונענדליכע ליידען. דעמאָלט וועט ער זיך דערוויסען, אז ווי פינ־סטער עס איז ניט די פאָרשטעלונג וועגען סיביר ביים פאָלק, איז זי דאָך ליכטיגער פון דער שרעקליכער ווירקליכקייט; ער זעהט איין, אז די שרעקליכע דערצעהלונגען, וואָס איהם איז אויסגעקומען צו

הערן לאנג, נאָך אין זיין קינדהייט, און וועלכע ער האָט געהאלטען פאַר אַ שטיק פון דער לאנג פאַרגעסענער פאַרגאנגענהייט, זיינען נאָר אַ שוואכע רעפּראָדוקציע פון דעם, וואָס קומט פאָר יעדען טאָג, איצט, אין אונזער יאָהרהונדערט, וואָס רעדט אַזויפיל וועגען הומאַניטארע פּרינציפּען און ווענדט זיי אַזוי ווענינ אָן.

אָט די געשיכטע ציהט זיך שוין אין פאַרלויף פון דריי יאָהרהונדערטער. ווי נאָר די מאָסקווער צארען האָבען זיך דערוואוסט, אז זייערע פרייע קאָזאקען האָבען איינגענומען אַ ניי לאַנד „הינטער'ן שטיין" (ווי מען האָט דעמאָלט אָנגערופען דעם אוראל), האָבען זיי גענומען שיקען אהין פּארטיעס ארעסטאנטען. די קאָזאקען האָבען באזעצט אָט די פאַרשיקטע ביי די טייכען און שטעגען, וואָס זיינען דורכגעלייגט געוואָרן צווישען די וואַך־טורעמס, וואָס זיינען ביסלעכווייז, אין פּאַרלויף פון 70 יאָהר, אויסגעבויט געוואָרן פון דעם אויסגוס פון קאמא ביז צום אָכאָטסקען ים. וואו פרייע מענשען האָבען ניט געוואָלט זיך באזעצען, דאָרט האָבען געשמידטע קאָלאָניסטען געמוזט אָנהויבען אַ פאַרצווייפעלטען קאמף מיט דער ווילדער נאטור. וואָס אָנבאטרעפט די, וועמען די מאָסקווער צארען האָבען געהאלטען פאַר די געפעהרליכסטע שונאים, געפינען מיר זיי צווישען די פאַרוואָרפענסטע קאָזאקישע אָפּטיילונגען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן „איבער בערג צו זוכען נייע ערדען". קיין מרחק איז פאַר אַ באָיארין ניט געווען גענוג צו דערווייטערן אָט די שונאים פון דער צארישער הויפּטשטאָדט. און ווי נאָר מען פלעגט אויסבויען דעם קלענסטען אָסטראָגעל אָדער אויפשטעלען אַ מאָנאַסטיר, ערגעץ וואו אויפ'ן ברעג פון די צארישע באזיצונגען, — איבער דעם פּאָלארען קרייז, אין די טונדרעס פון אַב, אָדער אריבער די בערג פון דאאוריע, — זיינען שוין דאָרט געווען פאַרשיקטע און האָבען מיט די אייגענע הענט געבויט טורמעס, וואָס האָבען געזאָלט זיין זייערע אייגענע קברים.

אפילו איצט איז סיביר, מיט איהרע משופּע'דיגע בערג, מיט איהרע אונדורכדרינגליכע וועלדער, ווילדע טייכען און שטרענגען קלימאַט, געבליבען איינע פון די אונצוטריטליכסטע לענדער. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואָס זי איז געווען מיט דריי יאָהרהונדערטער צוריק. נאָך איצט איז סיביר געבליבען דער טייל פון דער רוסלענדישער אימפּעריע, וואו דער ווילקיר און די גראָבקייט

פון די באַאמטע האָבען ניט קיין גרענעץ. ווי איז שוין דאָ געווען אין דעם 17טען יאָהרהונדערט? „דער טייך א פלאַכער, די פליטעס שווערע, די פּריסטאַווען און'ברחמנות'דיגע, די שטעקענס גרויסע, די דיקע ריטער מיט סוקעס, די פייניגונגען גרויזאַמע, — פייער און קלעפּ, — די מענשען הונגעריגע: נעמט מען וועמען מאַטערן, קאָן ער אַוועקשטאַרבען", — האָט געשריבען פּראָטאָפּאָפּ אַוואַקום, א פּאָפּ פון אַלטען גלויבען, וואָס איז געגאַנגען מיט איינער פון די ערשטע פּאַרטיעס, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען אויפ'ן אמור. „לאַנג נאָך וועלען די מאַטערנישען אָנהאַלטען, פּראָטאָפּאָפּ?" — האָט געפרעגט זיין פרוי, פאַלענדיג א מאַטע אויפ'ן אייז פון טייך נאָך א רייזע, וואָס האָט זיך געצויגען שוין דאָס פינפטע יאָהר. „ביז צום טויט, מאַרקאָווגאַ, ביז צום טויט", האָט געענטפערט אָט דער פאַרגעננער פון די מענשען מיט אייזערנע כאַראַקטערן פון אונזער צייט. און ביידע, דער מאַן און זיין פרוי, זיינען ווייטער געגאַנגען אויפ'ן וועג, צום סוף פון וועלכען מען וועט דעם פּראָטאָפּאָפּ צושמידען מיט קייטען צו דער וואַנט פון א פאַרפּראָרענער גרוב, וואָס ער וועט האָבען מיט זיינע אייגענע הענט אויסגעגראָבען.

אָנהויבענדיג פון 17טען יאָהרהונדערט, האָט דער שטראָם פון פאַרשיקטע, וואָס זיינען געגאַנגען אין סיביר, קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו פליסען. שוין אין די ערשטע יאָהרען ווערן אין פעלים פאַרשיקט די איינוואוינער פון אוגליטש, צוזאַמען מיט זייער גלאָק, וואָס האָט געשלאָגען טרעוואָגע, ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אז דער פּרינץ דימיטרי איז פאַררעטעריש דער'הרג'עט געוואָרן פון באָרים גאָדונאָוו. סאַי די מענשען, סאַי דער גלאָק זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין א פאַרוואָרפען דערפעל אויפ'ן ברעג פון דער טונדראַ. סאַי ביי די מענשען, סאַי ביים גלאָק האָט מען ארויסגעריסען די צינגער און אָפּגעריסען די אויערן. שפּעטער געהט נאָך זיי אַן אונענדליכע רייהע ראַסקאָלניקעס, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען געגען ניקאָנ'ס אַריסטאָקראַטישע איינפירונגען אין דער קירכליכער פאַרוואַלטונג. די פון זיי, וואָס זיינען ניט אומגעקומען ביי דער מאַסען אויסשלאַכטונג אין רוסלאַנד, זיינען געגאַנגען באַזעצען די סיבירער ווידטעגישען. נאָך זיי האָבען באַלד נאָכגעפאָלגט מאַסען לייב־אייגענע, וואָס האָבען געפּרוואווט אראָפּ־

ווארפען פון זיך דעם יאָך, וואָס מען האָט ניט לאנג צוריק אויף זיי ארויפגעלייגט; די „סטרעלצי״ (שיסער), וואָס זיינען אויפגעשטאנען געגען דעם אלץ־צושמעטערענדען דעספאָטיזם פון פעטער דעם ערשטען; די אוקראינער, וואָס האָבען געקעמפט פאר די אויטאָנאָמיע פון זייער פאָטערלאנד און איהרע אוראלטע איינריכטונגען; די פאָרשטעהער פון פארשידענע פעלקערשאפטען, וואָס האָבען זיך ניט געוואָלט אונטערווארפען צום יאָך פון דער נייער אימפעריע; די פאָליאקען, וואָס ווערן פארשיקט אין צעהנדליגער טויזענד אויף אמאָל נאָך יעדען אונגעלונגענעם פארזוך אן אויפשטאנד, און הונדערטער־וויז יעהרליך, פאר ארויסווייזען א ניט־פאסיגען „פאטריאָטיזם״, אין דער מיינונג פון דער רוסישער רעגירונג. ענדליך קומען אהער שפעטער אלע, וועמען רוסלאנד האָט מורא צו האלטען אין איהרע שטעט און דערפער,—מערדער און איינפאך וואגאבונדען, ראסקאָלניקעס און אונגעהאָרכזאמע, גנבים און אָרימע, וואָס זיינען ניט אימשטאנד צו באצאָהלען פאר זייער פאס־פאָרט; לייב־אייגענע, וואָס האָבען ארויסגערופען אויף זיך די אונצופרידענהייט פון זייערע הארען; נאָך שפעטער, „פרייע פויערים״, וואָס זיינען ניט געפעלען געוואָרן א וועלכען עס איז איספראווניק, אָדער וואָס האָבען ניט געקאָנט באצאָהלען די יעהרליך שטייגענדע שטייערען, — די אלע געהען שטארבען אין די איינגעפראָרענע זומפען, אין דער אונדורכגאנגבארער טאיגא, אין די פינסטערע מינען. און אָט דער שטראָם פליסט אונאויפהערליך ביז אונזערע טעג, פארגרעסערענדיג זיך אין א שרעקליך גרויסער פראָפאָרציע. אין אָנהויב פון איצטיגען יאָהרהונדערט האָט מען אין סיביר פארשיקט פון 7000 ביז 8000 מענשען; איצט, צום סוף פון יאָהרהונדערט, איז די פארשיקונג ארויפגעשטיגען ביז 19,000—20,000 מענשען יעהרליך, ניט רעכענענדיג אזעלכע יאָהרן, ווען די ציפער איז כמעט פארדאָפעלט געוואָרן, ווי דאָס איז געוועזן, צום ביישפיל, נאָכ׳ן לעצטען פוילישען אויפשטאנד; אויף אזא אופן, אָנהויבענדיג פון 1823 (ווען עס איז צוערשט איינגעפיהרט געוואָרן די סטאטיסטיק פון פארשיקטע), זיינען אין סיביר פארשיקט געוואָרן מעהר פון 700,000 מענשען.

צום באדויערן האָבען ווייניג פון די, וועמען עס איז אויסגעקומען איבערצולעבען די שרעקען פון קאטאָרזשנע ארבייט און פאר־

שיקונג אין סיביר, פאַרצייכענט אויף פּאַפּיר די רעזולטאַטען פון זייער טרויעריגער ערפאַהרונג. דאָס האָט געטאָן, ווי מיר האָבען געזעהן, פּראָטאָפּאָפּ אוואקום, און זיינע כתבים רייצען נאָך ביז איצט אויף די פאַנטאַזיע פון די ראַסקאָלניקעס. די טרויעריגע געשיכטע פון מענשיקאָוו, די דאָלגאָרוקי'ס, בירען און אַנדערע פאַרשיקטע, וואָס האָבען געהערט צום אדעל, איז פאַר די שפּעטערדיגע דורות באַהאַלטען געוואָרן פון די וואָס עהרען זייער אַנדענק. אונזער יונגער פּאָעט־רעפּובליקאַנער, רילעיעוו, האָט, איידער מען האָט איהם אויפגעהאַנגען אין 1827, באַוויזען צו דערצעהלען אין דער ריהרענדער פּאָעמא „וואָינאַראָווסקי" וועגען די ליידען פון אָט דעם אוקראַינער פּאַטריאָט. די עראינערונגען פון איינינע דעקאַבריסטען און נעקראַסאָוו'ס פּאָעמען „דעדושקאַ" און „רוסקיא זשענשטשיני" פילען נאָך ביז איצט אָן די הערצער פון דער רוסישער יוגענד מיט ליבע צו די געדריקטע און האַס צו די דריקער. אין זיין באַריהמטען „מיאָרטווי דאָם" (דאָס טויטען־הויז), אין דער מערקווירדיגער פּסיכאָלאָגישער אויספאָרשונג פון געפענגנים לעבען, האָט דאָסטאָיעווסקי דערצעהלט וועגען זיין פאַרהאַפטונג אין אָמסקער פּעסטונג נאָך 1848. עטליכע פּאָליאַקען האָבען באַשריבען דאָס מאַרטירערישע לעבען פון זייערע פריינד נאָך די רעוואָלוציעס פון 1831 און 1848. אָבער וואָס זיינען אָט די אַלע ליידען, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט יענע מאַטערנישען, וואָס עס האָבען געדאַרפט אריבערטראָגען מעהר ווי א האַלב מיליאָן מענשען פון פאָלק, אָנהויבענדיג פון דעם טאָג, ווען זיי פלעגען, צוגעשמידעטע צו אַן אייזערנעם שטאַנג, געהן פון מאָסקווא אויף א צוויי אָדער דריי־יאָהריגער רייזע צו די זאַבאַיקאַלער מינען, ביז צום טאָג, ווען זיי פלעגען שטאַרבען, צובראָכענע פון שווערער מיה און נויט, אָפּגעזונדערט אויף א שטרעקע פון זיבען־אַכט טויזענט וויאָרסט פון זייערע דערפער, — שטאַרבען אין א לאַנד, וועמעס מנהגים זיינען געוועזען פּונקט אזוי פרעמד פאַר זיי, ווי די שטענדיגע איינוואוינער פון דעם לאַנד, די סיביריאַקעס, א קרעפטיגע, אינטעליגענטע, אָבער עגאָאיסטישע ראַסע!

וואָס זיינען די ליידען פון אָט די קולטורעלע אָבער הויך־געבאָרענע מענשען, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די מאַטערנישען פון טויזענדער, וואָס האָבען זיך איינגעדרעהט פאַר וועהטאָג אונטער

דער בייטש און קנוט פון דעם לעגענדארישען אויסוואורף, ראזניל־דעיעוו, וועמענס נאמען עס ווערט נאך ביז איצט ארויסגערעדט מיט שרעק אין די זאבאיקאלער דערפער; ווען מען פארגלייכט זיי מיט די ליידען פון די, וואס זיינען, פונקט ווי דער פוילישער דאקטאר שאקאלסקי, און זיינע חברים, געשטארבען בעת דעם זיבעטען טויזענט שפּיצרוטענס פאר א פארזוך צו אנט־לויפען; אדער ווען מען פארגלייכט זיי מיט די ליידען פון די טוי־זענדער פרויען, וואס האבען אין פארשיקונג נאכגעפאלגט זייערע מענער, און וועמען נאר דער טויט האט באפרייט פון א לעבען פון הונגער, צרות און באליידיגונגען; און עַנדליך, ווען מען פארגלייכט זיי מיט די ליידען פון די טויזענטער וואגאבונדען, וואס פרואווען אנטלויפען פון סיביר און קלייבען זיך דורך די טיפע טאיגא, נעה־רענדיג זיך מיט שוואמען און יאגדעס, וועמען עס האלט אויף נאר די האפנונג, אז אפשר וועט זיי געלינגען א קוק צו טאן אויף זייער דארף, דערזעהן די פנים'ער פון אייגענע?

און ווער האט ענדליך דערצעהלט דער וועלט וועגען די ליידען, וואס ווארפען זיך נאך ווענינער אין די אויגען, וואס זיינען אבער ניט קלענער, פון טויזענדער מענשען, וואס פיהרן א נוצלאז לעבען אין די פארווארפענע דערפלעך פון ווייטען צפון, און וואס ענדיגען אפטמאל זייער טרויעריגע עקזיסטענץ, ווארפענדיג זיך פאר בענק־שאפט אין די קאלטע וועלען פון יעניסיי? מאקסימאוו האט אין זיין ארבייט „סיביר און קאטארגא" געפּרואווט אויפהויבען אביסעל דעם פארהאנג, וואס פארדעקט אט די ליידען; אבער איהם איז נאר געלונגען צו ווייזען א קליין ווינקעל פון דעם פינסטערן בילד. די פולע געשיכטע פון אט די ליידען בלייבט נאך אונבאקאנט, און וועט נאך מסתמא אייביג אזוי בלייבען. איהרע כאראקטערים־טישע שטריכען ווערן מיט יעדען טאג אפּגעריבען, איבערלאזענדיג נאך זיך נאר שוואכע שפּורן אין די פאלקס לעגענדען און אין די ארעסטאנטען לידער. אבער יעדער יאהרצעהנדליג לייגט ארויף זיינע נייע שטריכען, ברייננענדיג נייע פארמען פון ליידען דער אלץ וואקסענדער צאהל פארשיקטע.

עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז איך קאן אט דאס בילד ניט אנווארפען אין זיין פולקייט, אין די ענגע ראמען פון מיין איצ־טיגער ארבייט. איך וועל מיך מוזען באגרענצען מיט א בארופונג,

לאָמיר זאָגען, אויף די לעצטע צעהן יאָהר. ניט וועניגער פון 165,000 מענשען זיינען פארשיקט געוואָרן אין סיביר אין פארלויף פון אָט דער פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט. אויב אלע פארשיקטע וואָלטען געווען „פאַרברעכער", וואָלט אזא ציפער געווען הויך פאר א לאנד מיט א באפעלקערונג פון אכציג מיליאָן מענשען. אָבער נאָר א העלפט פון די פארשיקטע, וואָס זיינען אריבער דעם אוראל, ווערן פארשיקט אין סיביר נאָך אורטיילען פון געריכט. די איבריגע העלפט ווערט פארשיקט גאָר אָהן א פראָצעס, נאָך אַן אדמיניסטראטיווען באפעהל אָדער נאָכ'ן אורטייל פון „וואָלאָסטנאָי סכאָד", כמעט אלע מאָל אונטער'ן דרוק פון די אלמעכטיגע אָרטיגע באאמטע. פון 151,184 פארשיקטע, וואָס זיינען אריבער דעם אוראל אין פארלויף פון 1867־1876, געהערן ניט וועניגער ווי 78,676 צו דער לעצטער קאטעגאָריע. די איבריגע זיינען געגאנגען נאָך אורטיילען פון געריכטען: 18,582 אויף קאָטאָרגע און 54,316 אויף באזעצען זיך אין סיביר, מעהרסטענס אויף א גאנץ לעבען, מיט פארלירען איינינע אָדער אלע ציווילע רעכט.*)

אין די 60־ער יאָהרען האָבען די פאַרשיקטע געמוזט דורכמאַכען צופוס דעם גאַנצען וועג פון מאָסקווא ביז דעם אָרט, וואָס איז

*) אונזער קרימינעלע סטאַטיסטיק איז אַזוי אונפאָלקאָם, אַז אַ מעהר אָדער וועניגער ריכטיגע קלאַסיפיקאַציע פון פאַרשיקטע איז זעהר שווער צו פיהרען. מיר ווייסען נאָר פון איין גוטער אַרבייט איבער דער פראַגע, פון העררן מ. אַנוטשין. די אַרבייט איז מיט איניגע יאַהר צוריק אַרויסגעגעבען געוואָרן פון דער רוסישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט און איז באַלוינט געוואָרן מיט אַ גרויסען גאָלדענעם מעדאַל. אין איהר זיינען צונויפגעפיהרט די דאַטען פון קרימינעלער סטאַטיסטיק פון 1827 ביז 1846. ניט קוקענדיג אויף די אַלטקייט פון די סטאַטיסטישע דאַטען, וואָס ווערן געבראַכט אין דער אַרבייט, גיבען זיי אונגעפעהר אַ באַגריף וועגען דער ווירקליכער לאַגע אין דער איצטיגער צייט, ווייל די מאָדערנע סטאַטיסטיק ווייזט אָן, אַז הגם די ציפען־דאַטען מוזען זינט יענער צייט פ אַ ר ד אָ פ ע ל ט ווערן, איז אָבער די רעלאַטיווע פראָפּאָרציע פון די פאַרשידענע קאַטעגאָריעס פאַרשיקטע געבליבען כ מ ע ט ד י ז ע ל ב י ג ע. אזוי, צום ביישפיל, פון 159,755 פאַרשיקטע אין דער צייט פון 1827 ביז 1846 זיינען ניט וועניגער פון 79,909, דאָס הייסט, 50%, אַרויסגעשיקט געוואָרן אָהן אַ פראָצעס, „אויף אַן אַדמיניסטראַטיווען אופן"; מיט דרייסיג יאַהר

פאר זיי געווען באשטימט. אויף אזא אופן האָבען זיי געדראפט איבערגעהן ארום 7000 וויאָרסט, כדי צו דערגרייכען די קאַטאָרזשנע געפענגניסען פון זאבאיקאַלער געגענט, און ארום 8000 וויאָרסט, כדי צו קומען אין יאקוטער פּראָווינץ, — צוויי יאָהר אין דעם ערשטען פאַל און צוויי־א־האַלב יאָהר אין צווייטען. פון יענער צייט אָן זיינען געמאכט געוואָרן איינינע אויסבעסערונגען אין דער טראַנספּאָרטירונג. איצט קלייבט מען צונויף די פארשיקטע פון אַלע עקען רוסלאַנד אין מאָסקווא אָדער ניזשני־נאָווגאָראָד, פון וואנען מען שיקט זיי אויף א דאַמפער ביז פּערם, פון דאָרטען מיט'ן אייזענבאהן ביז יעקאטערינבורג, דערנאָך אויף פערד ביז טיומען, און ענדליך ווידער אויף א דאַמפער ביז טאָמסק. אויף אזא אופן דאַרפען די פארשיקטע געהן צופוס, ווי עס דריקט זיך אויס דער אויטאָר פון אן ענגלישען ביכעל וועגען דער פארשיקונג אין סיביר, „נאָר דעם שטח אויף יענער זייט טאָמסק.“ אָבער איבערזעצענדיג דאָס אין דער שפּראַך פון ציפערן, וועט אָט דער נישטיגער „שטח“, צום ביישפּיל, פון טאָמסק ביז קאַרא, זיין 3100 וויאָרסט, דאָס הייסט,

שפּעטער באַמערקט מען כמעט דיזעלביגע פּראָפּאָרציע, נעמליך, אין דער צייט פון 1867 ביז 1876 זיינען פון 151,184 פאַרשיקטען, געווען 78,871 אַזעלכע קרבנות פון ווילקיר. דאָס איינענע קאָן מען באַמערקען אויך בשייכות צו די אַנדערע קאַטעגאָריעס פאַרשיקטע. אורטיילענדיג נאָך די דאַטען, וואָס ווערען געבראַכט אין הערר אנוטישנ'ס ווערק, זיינען פון 79,846 פאַרשיקטע נאָכ'ן אורטייל פון אַ געריכט, 14,531 (725 מענשען אַ יאָהר) גע'משפט געוואָרן פאַר מאָרד; 14,248 זיינען געווען באַשולדיגט אין שוואַכערע קרימינעלע פאַרברעכען, ווי אונטערצינדען, רויב און פעלשונג; 40,666 זיינען גע'משפט געוואָרן פאַר גנבה, און 1426 — פאַר באַשעפטיגען זיך מיט קאָנטראבאנד. סומירענדיג אָט די ציפערן, באקומען מיר 70,871 (אַרום 3545 מענשען אַ יאָהר) אַזעלכע פאַרברעכער, וואָס וואָלטען פאַראורטיילט געוואָרן נאָך די קאָדעקסען פון אירגענד וועלכען אייראָפּעאישען לאַנד (כאָטש, נאַטירליך, ביי געשוואָרענע ריכטער וואָלט מעגליך געווען אויך אַ באַדייטענדער פּראָצענט פון פריי־שפּרעכונגען). די איבריגע (אַרום 89,000) זיינען אין דער גרויסער מעהרהייט פאַרשיקט געוואָרן פאר פאַרברעכען, וואָס זיינען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון רוסלאַנד'ס פּאָליטישער אָרדנונג. נעמליך: פאַר אַ בונט קעגען די לאַנדבאַזיצער און באַאמטע — 16,456; אַדוויסווייזען סעקטאַנטישען פאַנאַטיזם — 2138 מענשען; אַנטלויפען פון מיליטער דיענסט (וואָס האָט דעמאָלט געדויערט 25 יאָהר) — 1651, און פאַר אַנטלויפען פון סי־

ארום ניין מאָנאַטען גאַנג צופוס. און אויב דער ארעסטאַנט ווערט פארשיקט אין יאַקוטסק, דאַרף ער געהן נאָר 4400 וויאָרסט. אָבער די רוסישע רעגירונג האָט אַנטדעקט, אַז אפילו יאַקוטסק איז אַ צו נאָהענטער אָרט צו פעטערבורג פאַר פּאָליטישע פאַרשיקטע, און זי שיקט זיי איצט און ווערכאָיאַנסק און ניזשני־קאָלימסק (אין שכנות מיט נאָרדענשילד'ס וואַסער סטאַנציע), — הייסט דאָס, אַז צו דעם אויבענדערמאָנטען „נישטיגען שטח" דאַרף מען נאָך צוגעבען אַרום צוויי און אַ האַלב טויזענט וויאָרסט, און מיר וועלען ווידער באַקומען די מאַגישע ציפער 7,000 וויאָרסט, מיט אַנדערע ווערטער, צוויי יאָהר גאַנג צופוס.

מען מוז, איבריגענס, באַמערקען, אַז פאַר אַ באַדייטענדער צאָהל פאַרשיקטע איז דער גאַנג צופוס פאַרקירצט אויף אַ העלפט, און זיי הויבען אָן זייער רייזע איבער סיביר אין ספּעציעל צוגעגרייטע

ביר, מעהרסטענטיילס פון אַדמיניסטראַטיווער פאַרשיקונג. — 18,328. ענדליך געפינען מיר אַ גרויסע צאָהל, 48,466 מענשען, „וואַגאַבונדען", וועגען וועלכע הערר אַנוטשין באַמערקט: „וואַגאַבונדען זיינען מעהר־סטענטיילס ניט קיין אַנדערע, ווי נאָר די, וואָס פאָהרען אַוועק אין אַ שכנ'ישע גובערניע אָ ה ן אַ פּ אַ ס פּ אָ ר ט"; פון דער אויבען אָנגעוויזענער צאָהל זיינען ווענינסטענס 40,000 מענשען „אַרויסגעשיקט געוואָרן פאַר פאַרברעכען קעגען פּאַספּאָרטען סיסטעם" (דאָס הייסט, דאָס זיינען געווען מענשען, וועמענס פאַמיליען האָבען געהונגערט, און וואָס האָבען ניט געהאַט קיין 5 אָדער 10 רובעל צו באַצאָהלען פאַר אַ פּאַספּאָרט, צו געהן זוכען אַרבייט, צום ביישפּיל, פון קאַלוגאַ אָדער טולאַ אין אָדעס אָדער אַסטראַכאַן). ווייטער באַמערקט הערר אַנוטשין: „וואָס אַנבאַ־טרעפט די 80,000 מענשען, וואָס זיינען פאַרשיקט געוואָרן אויף אַן אַד־מיניסטראַטיווען אופן, איז ביט נאָר צווייפלען מיר אין זייער פאַר־ברעכערישקייט, נאָר מיר צווייפלען אַפילו אין דער עקזיסטענץ גופא פון אַזעלכע פאַרברעכענס, וואָס מען האָט זיי צוגעשריבען". די צאָהל פון אַזעלכע „פאַרברעכער" האָט זיך פון יענער צייט אָן ניט פאַרקלענערט. זי האָט זיך כמעט פאַרדאָפּעלט, ווי אויך די ציפערן פון אַנדערע קאַטעגאָריעס. רוסלאַנד פאַרשיקט יעהרליך אין סיביר, אויף אַ גאַנץ לעבען, 4000—5000 מענער און פרויען, וואָס וואָלטען אין אַנדערע לענדער פאַראורטיילט גע־וואָרן צו באַצאָהלען עטליכע רובעל. צו אַזעלכע „פאַרברעכער" דאַרף מען נאָך צוגעבען אַרום 1500 פרויען און 2000—2500 קינדער, וואָס פאָלגען נאָך יעהרליך אין סיביר זייערע מענער און עלטערן, וואָס טראָ־גען אָהן קיין שום שולד אַריבער אַלע שרעקען פון דער עטאַפּ־רייזע איבער סיביר און אַלע צרות פון פאַרשיקונג.

פוהרן. הערר מאַקסימאָוו באַשרייבט זעהר קלאָר, ווי די אַרעס־טאַנטען אין אירקוטסק, וועמען מען האָט ערלויבט אַרויסצוזאָגען זייער מיינונג וועגען די מעלות פון די דאָזיגע שווערע בוידען, האָבען באַלד ערקלערט, אַז זי איז די אומגלומפּערטסטע זאַך פאַר פאָהרן, וואָס איז ווען עס איז אויסגעפונען געוואָרן צו מאַטערן פערד און אַרעסטאַנטען. אָט די פוהרן אָהן רעסאָרן שלעפּען זיך איבער ניט גלייכע, גריבערדיגע וועגען, וואָס זיינען צואַקערט געוואָרן פון די רעדער פון אַן אונענדליכער צאָהל פוהרן. אין מערב סיביר, אויף די בלאָטיגע זייטען פון די מזרח־אוראַלער בערג, איז די רייזע אויף אַזעלכע פוהרן אַן אמת'ע מאַטערניש, ווייל דער וועג איז אויסגעלעגט מיט קלעצער, און דאָס טרייסלען דערמאָנט אייך אָן דער עמפּינדונג איבער'ן גאַנצען קערפּער, וואָס מען שפּירט בעת מען טוט אַ פּיהר מיט'ן פינגער איבער אַלע קלאַווישען פון ראַ־יאַל, איינשליסענדיג די שוואַרצע. די רייזע אונטער אַזעלכע אומ־שטענדען איז ניט באַזונדערס אַנגענעהם אַפילו פאַר דעם רייזענ־דען, וואָס ליגט אויף אַ דיקען וואָילאָק־אונטערבעט אין אַ באַ־קוועמען טאַראַנטאַס; עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואָס עס טראָגען אַריבער די אַרעסטאַנטען, וועמען עס קומט אויס אָפּ־צוזיצען אַכציג שעה אונבאַוועגליך אויף אַ באַנק, וואָס איז ערפונ־דען געוואָרן פון דעם באַאמטען פון פוהר, קוים צוגעדעקט מיט אַ שמאַטע אַנטקעגנען רעגען און שניי.

צום גליק דויערט אַזאַ רייזע נאָר עטליכע טעג, ווייל אין טיו־מען זעצט מען די פאַרשיקטע אַריבער אויף ספּעציעלע שיפלעך, שווימענדיגע געפענגניסען, וואָס ווערן געשלעפּט פון דאַמפּער, און אין אַ 8—10 טעג אַרום קומען זיי אָן אין טאָמסק. מען דאַרף קוים צוגעבען, אַז די גלענצענדע אידעע צו פאַרקירצען אויף אַזאַ אופן דעם לאַנגען וועג איבער סיביר אויף אַ העלפט, האָט, ווי געוועהנ־ליך, שטאַרק געליטען ביי דער אָנווענדונג. די אַרעסטאַנטען שי־פען זיינען אַזוי אָנגעפילט און געפינען זיך אין אַזאַ שמוציגען צו־שטאַנד, אַז זיי זיינען געוועהנליך נעסטען פון אָנשטעקונג. „יעדע שיפעל איז אויסגעבויט געוואָרן אַריבערצופיהרען 800 אַרעסטאַנ־טען און זייער קאָנוואָי", — זאָגט דער טאָמסקער קאָרעספּאָנדענט פון „מאָסקאָווסקי טעלעגראַף" (15טען נאָוועמבער 1881). „אָבער מען האָט ניט אויסגערעכענט די גרויס פון די שיפלאַך אין איינ־

קלאַנג מיט די פאָדערונגען פון היגיענע; הויפּטזעכליך האָט מען גענומען אין אַכט די אינטערעסען פון די דאַמפּער אייגענטימער, די הערען קוראַטאָוו און איגנאַטאָוו. אָט די הערען פאַרנעמען פאַר זייערע אייגענע צוועקען צוויי אָפּטיילונגען, וואָס זיינען אויס־גערעכענט אויף 100 מענשען יעדערע, און אויף אַזאַ אופן דאַרפען 800 אַרעסטאַנטען זיך איינאָרדנען אויף אַזאַ שטח, וואָס איז אין אָנהויב באַשטימט נאָר פאַר 600 מענשען. די ווענטילאַציע פון די שיפען איז זעהר אַ שלעכטע; אייגענטליך איז פאַר ווענטי־לאַציע גאָרניט געזאָרגט געוואָרן, און די סאָרטירן זיינען שרעקליך". דער קאָרעספּאָנדענט גיט נאָך צו, אַז „די שטערבליכקייט אויף די שיפען איז זעהר גרויס, באַזונדערס צווישען די קינדער", און זיין מיטטיילונג ווערט פאָלשטענדיג באַשטעטיגט פון די ציפערן פון די אָפיציעלע באַריכטען פאַר פאָריגען יאָהר. פון זיי זעהט מען, אַז פון אַכט ביז צעהן פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָהל אַרעסטאַנטען שטאַרבען אין דער צייט פון דער ניין־טאָגיגער רייזע אויף אָט די שיפען, דאָס הייסט, פון 60 ביז 80 אויף 800 מענשען.

„דאָ קאָנט איהר באַאָבאַכטען, — האָבען אונז געשריבען פריינד, וואָס האָבען אַליין דורכגעמאַכט די רייזע, — דאָס אמת'ע קעניגרייך פון טויט. דיפטעריט און טיפוס שניידען אָהן רחמנות דערוואַקסענע און קינדער, באַזונדערס די לעצטע. דער שפּיטאָל, וואָס געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון אַן אונוויסענדען, מילי־טערישען פעלדשער, איז אַלעמאָל איבערפילט."

אין טאָמסק שטעלען זיך די פאַרשיקטע אָפּ אויף עטליכע טעג. אַ טייל פון זיי, באַזונדערס די קרימינעלע, וואָס ווערן אַרויסגע־שיקט אַדמיניסטראַטיוו, געהען אַוועק ערגעץ וואו אין אַ אויעזד פון טאָמסקער גובערניע, וואָס ציהט זיך פון די בערגשפּיצען פון אַל־טאַי אין דרום ביז צום אייזמער אין צפון. די איבריגע שיקט מען ווייטער אין מערב. מען קאָן זיך פאָרשטעלען, אין וואָס פאַר אַ גיהנם עס פאַרוואַנדעלט זיך די טאָמסקער געפענגניס, וואו די אַרעסטאַנטען פאַרטיעס, וואָס קומען אָן יעדע וואָך, קאָנען באַלד ניט אַריבערגעשיקט ווערען קיין אירקוטסק, צוליב דער פאַרפליי־צונג פון טייכען אָדער אַנדערע אורזאַכען. די געפענגניס איז אויס־געבויט געוואָרן פאַר 960 מענשען, אָבער אין איהר געפינען זיך קיינמאָל ניט ווייניגער פון 13 ביז 14 הונדערט אַרעסטאַנטען, און

אמאָל דערגרייכט זייער צאָהל ביז 2200 און נאָך מעהר. כמעט אלע־מאָל זיינען אַרום איין פערטעל פון זייער צאָהל קראַנק, און דער גע־פעננגנים שפּיטאָל קאָן אריינגעמען ניט מעהר ווי א דריטעל פון דער גאַנצער צאָהל קראַנק געוואָרענע. צוליב דעם בלייבען די קראַנקע אין דיזעלביגע קאַמערן, וואַלגערענדיג זיך אויף די נאַרעס אָדער אונטער זיי, לעבען די געזונטע; דערביי דערגרייכט די אי־בערפילונג אַזוי וויט, אז דריי אַרעסטאַנטען דאַרפען זיך צופרי־דענשטעלען מיט א פּלאַץ, וואָס איז באַשטימט פאַר איי־נעם. די קרעכצען פון קראַנקע, די געשרייען פון די, וואָס רעדען פון היץ, דאָס כריפּען פון די שטאַרבענדע מישען זיך צונויף מיט די וויצען און געלעכטער פון די געזונטע און דער זידלעריי פון די וועכטער. די אויסדאַמפונגען פון דער שמוציגער מאַסע פון מענש־ליכע קערפּער מישען זיך צונויף מיט די אויסדאַמפונגען פון זייערע שמוציגע און נאַסע קליידער און שיך און דעם געשטאַנק פון דער שרעקליכער „פּאַראַשאַ". — „איהר ווערט דערשטיקט, אריינקומענ־דיג אין קאַמער, און כדי ניט אריינצופאַלען אין חלשות, מוזט איהר וואָס שנעלער אַרויסשפּרינגען אין די פרישע לופט; צו דער שרעק־ליכער אַטמאָספערע, וואָס הענגט איבער די קאַמערן, ווי א נעבעל איבער די טייכען, קאָן מען נאָר ביסלעכווייז זיך צוגעוואוינען," — דאָס באַשטעטיגען אַלע, וועמען עס איז אויסגעקומען צו באַ־זוכען די סיבירער געפעננגניסען. די קאַמער פון „פאַמיליען־מענ־שען" איז נאָך שרעקליכער. „דאָ קאָנט איהר זעהן, — זאָגט הערר מישלא, א סיבירער באַאַמטער, וואָס איז געוועזן אַן אויפזעהר אי־בער געפעננגניסען, — הונדערטער פרויען און קינדער וואָס זיינען צונויפגעשפּאַרט אויף א קליינעם שטח און טראָגען אריבער שרעק־ליכע צרות." די פריוויליג מיטגעהענדע פאַמיליעס פון די פאַר־שיקטע באַקומען ניט קיין קאַזיאָנע קליידער. אַזוי ווי זייערע פרויען געהערן מעהרסטענטייל צום פויערים שטאַנד, האָבען זיי קיינמאָל ניט מעהר ווי איין פּאָר קליידער; און האָבענדיג געהונ־גערט כמעט פון דעם ערשטען טאָג אָן, ווען דער מאַן, דער ברויט־געבער פון דער פאַמיליע, איז אַרעסטירט געוואָרן, טוען זיי אָן זייער איינציג קלייד און לאָזען זיך אין וועג פון אסטראַכאַן אָדער אַרכאַנגעלסק. און נאָך אַזאַ לאַנגער רייזע פון איין געפעננגניס אין אַנ'אַנדערע, נאָך לאַנגע יאָהרען פון פאַרשפּאַרט זיין אין אָסטראָ־

נען און מאָנאַטען לאַנג, ווערט דאָס איינציגע קלייד פאַרוואַנדעלט אין צוריסענע שמאַטעס, וואָס האַלטען זיך קוים אויף די פּלייצעס. דער נאַקעטער, אויסגעמוטשעטער קערפּער און די צעוואונדעטע פיס קוקען אַרויס פון הינטער די שמאַטעס פון אַט די אומגליק־ליכע פרויען, וואָס זיצען אויפ'ן שמוציגען דיל, קייענדיג דאָס טרוקענע ברויט, וואָס גוטהערציגע פּויערים האָבען זיי געגעבען. צווישען אַט דער מאַסע מענשליכע קערפּער, וואָס באַדעקען יעדען צאָל פון די נאַרעס און האַלטען זיך אויף אונטער זיי, וועט איהר ניט זעלטען דערזעהן אַ קינד, וואָס שטאַרבט אויפ'ן שויס פון דער מוטער, און לעבען איהם — נאָך אַ קינד, וואָס איז נאָר וואָס גע־באָרן געוואָרן. אַט דאָס ניי־געבאָרענע קינד איז די פרייד און טרייסט פון די פרויען, יעדע פון וועלכע איז אַ סך מענשליכער פון אירגענד וועלכען וועכטער אָדער אויפזעהער. דאָס קינד ווערט איבערגעגעבען פון איינער צו דער אַנדערער, זיין ציטערענדיג קער־פּערל ווערט צוגעדעקט מיט די בעסטע שמאַטעס, ער באַקומט די צערטליכסטע לאַסקעס... וויפיל קינדער זיינען דאָס אויסגעוואַק־סען אונטער אַזעלכע באַדינגונגען! איינס פון זיי שטעהט איצט לעבען מיר, בעת איך שרייב אַט די שורות, און ווידערהאָלט מיר די דערצעהלונגען, וואָס זי האָט אַמאָל געהערט פון דער מוטער, וועגען דער גוטסקייט פון די „רוצחים" און דער אונמענשליכקייט פון די „באַאַמטע". זי דערצעהלט מיר וועגען די שפּילצייג, מיט וועלכע עס האָבען זי אַמוזירט די אַרעסטאַנטען אין דער צייט פון דער פיינליכער רייזע, — געוועהנליכע שפּילצייג, אין וועלכע עס איז אַריינגעלייגט געוואָרן מעהר גוט האַרץ, איידער קונסט. זי דערצעהלט וועגען די אונטערדריקונגען, וועגען געלט־אויספּרעסונ־גען, וועגען דעם פייפען פון די נאַגאַיקעס, וועגען די קללות און קלעפּ, וואָס די „באַאַמטע" זשאַלעווען ניט.

אָבער די געפענגנים באַפרייט זיך ביסלעכוויז פון דעם אי־בערפלוס פון איהר באַפעלקערונג: די אַרעסטאַנטען פּאַרטיעס ריהרען זיך אין וועג. יעדע וואָך געהען אוועק פּאַרטיעס פון 500 מענשען יעדע, איינשליסענדיג פרויען און קינדער, אויב נאָר דער וועטער און דער צושטאַנד פון די טייכען דערלויבען דאָס, — פון דער טאָמסקער געפענגנים אין דעם לאַנגען וועג צופוס ביז איר־קוטסק און זאַבאַיקאַלער פּראָווינץ. ביי די, וועמען עס קומט אויס

צו זעהן אזא פארטיע אין וועג, בלייבט די עראינערונג וועגען איהר אויף אייביג אין זכרון. דער רוסישער מאַלער יאַקאָבי האָט גע־פּרואווט אויסמאָלען אזא פּארטיע אויפ׳ן לייווענט; זיין בילד מאַכט א שרעקליכען איינדרוק, אָבער די ווירקליכקייט איז נאָך שרעקליכער.

פאר אייך שפּרייט זיך אויס אַ בלאָטיגע עבענע, איבער וועלכער עס טראָגט זיך אַ שניידיג־קאַלטער ווינט, ארויפקערענדיג דעם שניי, וואָס האָט גענומען צודעקען די איינגעפראָרענע ערד. די זומפּען, וואָס זיינען דאָ און דאָרט פאַרוואַקסען מיט קליינע קוסטעס און אויסגעקרימטע בוימער, וואָס האָבען זיך איינגעבויגען פון ווינט און שווערען שניי, ציהען זיך ארום, אויף ווי ווייט דאָס אויג קאָן נאָר כאַפּען. ביז צום נאָהנטסטען דאָרף איז דרייסיג וויאָרסט. אין דער ווייט, אין דער טונקעל, טיילען זיך אוים די סילועטען פון בערגלאַך, וואָס זיינען באַדעקט מיט א געדיכטען סאָסנאָווען וואַלד. איבער׳ן הימעל ציהען זיך שווערע שניי וואָלקענס. דער וועג, וואָס האָט ביי די זייטען סלופּעס, כדי איהם אָפּצוטיילען פון דער אַרומיגער עבענע, וואָס איז צוגראָבען פון די שפּורען פון טוי־זענטער פוהרען און אזוי איינגעשניטען פון די שינעס, אז דער שטאַרקסטער ראָד קאָן זיך דאָ צוברעכען, דרעהט זיך איבער דער נאַ־קעטער בלאָטיגער עבענע. איבער אָט דעם וועג ציהט זיך לאַנגזאַם די פּאַרטיע. פאָראויס געהט אַ רייהע סאָלדאַטען. נאָך זיי שפּרייזען שווער די קאַטאָרזשניקעס, מיט געגאָלטע קעפּ, אין גרויע כאַלאַטען, מיט אַ געלער טויז אויפ׳ן רוקען, און שיך, וואָס זיינען צוריסען פון לאַנגען וועג, אזוי אַז מען זעהט דורך די לעכער די שמאַטעס, וואָס וויקלען ארום די צוואַוואונדעטע פיס. אויף יעדען איז אָנגעטאָן אַ קייט, וואָס איז געשלאָסען ביים פוס־קנאָפּ, און דער רינג, וואָס כאַפּט אַרום דעם פוס, איז אַרומגעוויקעלט מיט אַ שמאַטע, — אויב דעם פאַרשיקטען איז געלונגען צונויפצוקלייבען אויפ׳ן וועג געגוג נדבות, צו קאָנען באַצאָהלען דעם שמיד פאַר אַ מילדערע איינשמידונג. די קייט געהט אַרויף איבער׳ן פוס און ווערט צוגעהאַנגען צום גאַרטעל. אַנאַנדער קייט בינדט ענג צונויף ביידע הענט, און, ענד־ליך, אַ דריטע פאַראייניגט פון זעקס ביז אַכט אַרעסטאַנטען. יעדע אומגעלומפּערטע באַוועגונג פון איינעם אין אזא צונויפגעקייטעל־טער גרופּע ווערט באַלד דערפיהלט פון אַלע זיינע חברים אין קייט; דעם שטאַרקען קומט אוים צו שלעפּען נאָך זיך די שוואַכע: אָפּ־

שטעלען זיך קאָן מען ניט, ביז צום עטאַפּ איז ווייט, און די הערבסטיגע טעג זיינען קורץ.

נאָך די קאַטאָרזשניקעס געהען די „פרייע קאָלאָניסטען", וואָס זיינען אָנגעטאָן אין דיזעלביגע גרויע כאַלאַטען און שיך. סאָלדאַטען געהען ביי די זייטען פון דער פּאַרטיע, קלערענדיג אפשר וועגען דעם באַפעהל, וואָס זיי האָבען באַקומען ביים ארויסטרעטען: „אויב אַן אַרעסטאַנט וועט פּרואווען אַנטלויפען, שיס אין איהם. אויב דו וועסט איהם הרג'ענען — וועט דער הונט האָבען אַ הינטישען טויט, און דו וועסט באַקומען אַ באַלוינונג פון פינף רובעל!"
אין עק פון דער פּאַרטיע באַוועגען זיך לאַנגזאַם עטליכע פוהרן, אין וועלכע עס זיינען איינגעשפּאַנט אויסגעמאַטערטע פויערשע פערדלעך. די פוהרן זיינען פאַרלעגט מיט די זעק פון די אַרעסטאַנטען, און אויבען ווערן אָפטמאָל מיט שטריק צוגעבונדען קראַנקע און שטאַרבענדיגע.

הינטער די פוהרן שלעפּען זיך די ווייבער. אייניגע פון זיי געלינגט צו געפינען אַ פרייען ווינקעל אויף די פוהרן מיט די אַרעסטאַנטישע זאַכען, און זיי זיצען דאָרט איינגעדרעהט, האָבענדיג קוים אַ מעגליכקייט אַ ריהר צו טאָן זיך. אָבער די מעהרסטע שלעפּען זיך נאָך די פוהרן, פיהרענדיג די קינדער פאַר די הענט אָדער טראָגענדיג זיי אויף די אָרעמס. אָנגעטאָן אין שמאַטעס, פריהרענדיג אין דעם קאַלטען שניי־שטורעם, שפּרייזענדיג מיט כמעט נאַקעטע פיס איבער די איינגעפראָרענע רעדער־שפּורען, האָבען אַ סך פון זיי מסתמא ווידערהאָלט די פראַגע פון אַוואַקום'ס פרוי: „ווי לאַנג וועט נאָך די מאַטערניש אָנהאַלטען?" די פּאַרטיע שליסט ענדליך אַ צווייטע רייה סאָלדאַטען, וואָס טרייבען אונטער מיט די ביקסען די פרויען, וועלכע שטעלען זיך אָפּ אָפּצורוהען אַ רגע אויף דער איינפריהרענדיגער בלאָטע פון וועג.
די פּראָצעסיע ענדיגט זיך מיט אַן עקיפּאַזש, אין וועלכען עס זיצט דער אָפיציר פון קאָנוואָי.*)

*) נאָך די רוסישע געזעצען ווערן די פאַמיליען פון די אַרעסטאַנטען ניט אונטערוואָרפען דעם קאָנטראָל פון קאָנוואָי. אין דער אמת'ן אָבער באַהאַנדעלט מען זיי ווי אַרעסטאַנטען. איך וועל ברענגען נאָר איין ביישפּיל: דער מאָסקער קאָרעספּאָנדענט פון „מאָסקווער טעלעגראַף" (דעם 3טען נאָוועמבער, 1881) האָט געשריבען: „מיר האָבען באַגעגענט

ווען די פּאַרטיע קומט אריין אין אַ גרויסען דאָרף, הויבט זי געוועהנליך אָן זינגען „דאָס דערבאַרמונגס־ליד.“ „אָט דער קרעכץ רופט זיך ביי אונז ליד...“ אָט דאָס אייגענאַרטיגע ליד באַשטעהט אייגענטליך פון אַ רייהע אויסגעשרייען, וואָס רייסען זיך אַרויס גלייכצייטיג פון הונדערטער ברוסטען. דאָס איז אַ טרויעריגע דערצעהלונג, אין וועלכער עס ווערט אין קינדערש־איינפאַכע אויס־דרוקען באַשריבען דער ביטערער מזל פון דעם אַרעסטאַנט. דאָס איז אַ שרעקליכער אויפרוף פון דעם רוסישען פאַרשיקטען נאָך באַרמהערציגקייט, אַן אויפרוף צו די פּויערים, וועמעס מזל אונ־טערשיידעט זיך אָפּטמאָל מיט קיין זאַך ניט פון זיין אייגענעם. יאָהרהונדערטער פון ליידען, צרות און נויט, פאַרפאָלגונגען, וואָס האָבען דערשטיקט די גרעסטע קרעפטען פון אונזער פאָלק, האָבען זיך אויסגעדריקט אין אָט דעם טרויעריגען ליד. די טענער פון טיפען טרויער דערמאָנען אָן די מאַטערנישען פון די פאָריגע יאָהר־הונדערטער, ווענן די האַלב־דערשטיקטע געשרייען אונטער די שטעקענס און בייטשען פון אונזער צייט, ווענן דער פינסטער־ניש פון געפענגנישען, ווענן די ווילדע טאַיגעס, ווענן די טרערן פון דער קרעכצענדיגער פרוי. די פּויערים פון די אַרומיגע סי־בירער דערפער פאַרשטעהען אָט די טענער: זיי ווייסען זייער אמת׳ע באַדייטונג פון זייער אייגענער ערפאַהרונג, און אָט דער אויפרוף פון די „אומגליקליכע“, — ווי אונזער פאָלק רופט די אַרעסטאַנטען, — געפינט אָלעמאָל אָן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון דער דאָרפישער אָרימקייט. די אָרימסטע אלמנה צלמ׳ט זיך איבער און איילט זיך צו געבען די „אומגליקליכע“ עטליכע גראָ־שענס אָדער אַ שטיקעל ברויט, פאַרנייגענדיג זיך נידריג פאַר זיי, דאַנקענדיג זיי, וואָס זיי ווייזען ניט צוריק איהר אָרימע נדבה.

צום אָווענט, האָבענדיג אָפּגעגאַנגען צופוס צוואַנציג אָדער דרייסיג ווירסט, דערגרייכט ענדליך די אַרעסטאַנטען פּאַרטיע דעם עטאַפּ, אויף וועלכען זי פאַרברענגט די נאַכט און רוהט אָפּ

אָן אַרעסטאַנטען פּאַרטיע, וואָס איז דעם 14טען סעפּטעמבער אַרויסגעגאַנ־גען פון טאָמסק. די אויסגעמאַטערטע פרויען און קינדער האָבען בוכ־שטעבליך זיך פאַרלאָרען אין דער בלאָטע, און די סאָלדאַטען האָבען זיי אונטערגעטריבען מיט קלעפּ, אַז זיי זאָלען ניט אָפּשטעהן פון דער פּאַרטיע“.

אַ גאַנצען מעת־לעת נאָך יעדע צוויי טעג וועג. ווי נאָר פון דער ווייטענס באַווייזען זיך די הויכע קלעצער פון דעם פּאַרקאַן, הינ־טער וועלכען עס געפינט זיך די אַלטע, פון קלעצער געמאַכטע געביידע פון עטאַפּ, לויפען די שטאַרקערע אַרעסטאַנטען פאָראויס, כדי צו פאַרנעמען אַפריהער די בעסטע פּלעצער אויף די נאַרעס. די מעהרסטע עטאַפּען זיינען אויסגעבויט געוואָרן מיט 50 יאָהר צוריק, און צוליב דעם שווערען קלימאַט און צוליב דעם, וואָס אין זיי געפינען זיך שטענדיג הונדערטער טויזענטער אַרעסטאַנטען, זיינען זיי שרעקליך פאַרשמוצט און איינגאַנצען דורכגעפוילט. די אַלטע קלעצערנע געביידע קאָן שוין ניט געבען קיין שוץ די גע־שמידטע איינוואוינער. ווינט און שניי דרינגען אַריין פריי דורך די שפּאַרעס צווישען די קלעצער. גאַנצע קופּעס פון איינגעפראָ־רענעם שניי קלייבען זיך אויף אין דיווינקלען פון די קאַמערן, די עטאַפּען זיינען איינגעאָרדענט געוואָרן אויף 150 מענשען; דאָס איז געווען דער דורכשניט פון די אַרעסטאַנטסקע פּאַרטיעס מיט דרייסיג יאָהר צוריק. איצט אָבער דערגרייכען די פּאַרטיעס פון 450 ביז 500 מענשען, און זיי דאַרפען זיך אַלע אויפהאַלטען אויף אַ שטח, וואָס איז קאַרג אויסגערעכענט אויף 150 מענשען*).

די אַריסטאָקראַטיע פון דער געפענגנים,—די אַלטע וואַגאַבונ־דען און באַוואוסטע מערדער, — פאַרנעמען אַלע נאַרעס אין עטאַפּ. די איבעריגע אַרעסטאַנטישע מאַסע, וואָס איז צוויי־דריי מאָל אַזוי גרויס ווי די „אַריסטאָקראַטיע", מוז זיך לעגען אויף דעם צופוילטען דיל, וואָס איז געדיכט באַדעקט מיט אַ קלעפּיגער שמוץ, אונטער די נאַרעס און אין די דורכגאַנגען צווישען זיי.

*) נאָך די רוסישע געזעצען, וואָס ווערן מעהרסטענס צוזאַמענ־געשטעלט ניט נעמענדיג אין אַכט די ווירקליכקייט, איז פאַרבאָטען אַרויס־צושיקען אַזעלכע גרויסע אַרעסטאַנטען פּאַרטיעס. אין דער אמת'ען אָבער איז די געוועהנליכע אַרעסטאַנטען פּאַרטיע אַרום 480 מענשען. אין 1881, לויט די ידיעות פון „גאָלאָס", זיינען 6607 אַרעסטאַנטען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין 16 פּאַרטיעס. אויף אַזאַ אופן איז אין דורכשניט אויף אַ פּאַרטיע אויסגעקומען 406 מענשען. נאָך אַט די פּאַרטיעס זיינען גע־גאַנגען 954 פרויען און 895 קינדער; אויף אַזאַ אופן איז אויף אַ פּאַרטיע אין דער אמת'ען אויסגעקומען אַרום 521 מענשען. אין 1884 איז דער דורכשניט פון אַ פּאַרטיע געווען אַרום 400 מענשען (300 מענער און 100 פרויען און קינדער).

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען די אטמאָספער פון די קאַמערן, ווען זייערע טירען זיינען פארשלאָסען, און זיי זיינען איבערפילט מיט מענשען, וואָס ליגען נאקעטע, אונטערבעטענדיג די שמוציגע קליידער, וואָס זיינען איינגאנצען דורכגענעצט פון דעם רעגען און שניי פון וועג.

אָט די עטאפען זיינען אָבער פאלאצען אין פארגלייך מיט די האלבע עטאפען, וואו די ארעסטאנטען פארטיעס שטעלען זיך אָפּ נאָר אויף איבערנעכטיגען. די געביידען פון די האלבע עטאפען זיינען נאָך קלענער און זיינען בכלל א סך פארעלטערטער און אנטי־סאניטארישער. די שמוץ, דער געשטאנק און די שטיקעניש אין זיי ווערן אמאָל אזוי אונערטרעגליך, אז די ארעסטאנטען ציהען פאָר צו פארברענגען א קאלטע סיבירער נאכט אין די לייכטע זומער באַראקען, וואָס זיינען אויסגעשטעלט אויפ׳ן הויף און אין וועלכע מען קאָן ניט מאכען קיין פייער. די האלבע עטאפען האָבען כמעט קיינמאָל ניט קיין באזונדערען קאמער פאר די פרויען, מוזען די לעצטע זיין מיט די סאָלדאטען אין קאראאול קאמער (זעה מאקסימאָוו׳ס „סיביר און קאטאָרגע”). מיט דער אונטערטעניגקייט, וואָס צייכענט אזוי אויס די רוסישע „אלץ אריבערטראָגענדיגע” מוטערס, פארקלייבען זיי זיך מיט זייערע אין שמאטעס־איינגעוויקעלטע קינדער ערגעץ וואו אין דעם ווייטסטען ווינקעל אונטער די נארעס, אָדער זיי טוליען זיך צו ביים טיר, וואו עס שטעהען די ביקסען פון קאָנוואָי.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס, לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק, זיינען פון 2561 קינדער אונטער פופצעהן יאָהר, וואָס זיינען אין 1881 געשיקט געוואָרן מיט די עלטערען אין סיביר, געבליבען לעבען נאָר זעהר ווענינ. „די מעהרסטע קינדער, — שרייבט דער „גאָלאָס”, — האָבען ניט געקאָנט אריבערטראָגען די זעהר שווערע באדינגונגען פון וועג און זיינען געשטאָרבען, אָדער ניט דערגעהענדיג נאָך צום באשטימטען אָרט, אָדער באלד נאָכ׳ן אָנקומען אין סיביר.” „אָהן קיין שום גוזמא קאָן מען זאָגען, אז די טראנספּאָרטירונג אין סיביר, אין דער פאָרם, ווי זי ווערט איצט פראקטיצירט, איז אַן אמת׳ע „קינדער אויסשלאכטונג”.”*)

*) די צאָהל קינדער, וואָס געהען נאָך די אַרעסטאַנטישע פּאַרטיעס, איז איצט פון 5000 ביז 8000. אַ סך פון זיי קומט אויס צו

דאַרף מען נאָך צוגעבען, אַז אויף די עטאַפּען און האַלבע עטאַפּען זיינען ניטאָ קיין ספּעציעלע קאַמערן פאַר קראַנקע, און אַז נאָר מענשען, וואָס זיינען אויסשליסליך פעסט געבויט, קאָנען בלייבען לעבען, ווען זיי ווערען קראַנק אין וועג? אויפ'ן גאַנצען שטח צווישען טאָמסק און אירקוטסק, וואָס פאַרנעהמט אַרום 4 מאָנאַטען גאַנג, זיינען פאַראַן נאָר פינף קליינע שפּיטאַלען, און אין זיי אַלע געפינען זיך ניט מעהר ווי הונדערט בעטען. דאָס שיקזאַל פון די קראַנקע, וועמען עס איז ניט געלונגען צוצוקומען צו אַ שפּיטאָל, ווערט אויף אַזאַ אופן באַשריבען אין „גאָלאָס" (5-טען יאַנואַר 1881): „מען לאָזט זיי איבער אויף די עטאַפּען אָהן אַ וועלכער עס איז מעדיצינישער הילף. אין די קאַמערן זייענען ניטאָ קיין מאַטראַצען, ניט קיין קאָלדרעס, און, פאַרשטעהט זיך, קיין בעטגעוואַנט. די איין-און-פערציג און אַ האַלב קאָפּיקעס, וואָס די מלוכה קאַסע באַוויליגט אויף יעדען קראַנקען אַרעסטאַנט, געהט כמעט אינגאַנצען אַוועק אין די קעשענעס פון די געפּענגניס בעאַמטע."

עס איז קוים נויטיג צו דערמאָנען וועגען די געלדער, וואָס די עטאַפּען וועכטער פּרעסען אַרויס פון די פאַרשיקטע, וואָס זייענען אַזוי אויך שרעקליך אָרים. עס איז, איבעריגענס, גענוג אָנצוּווייזען, אַז די מלוכה קאַסע באַוויליגט פאַר אָט די עטאַפּען וועכטער, אויסער זייער פּאָרציע, אינגאַנצען דריי רובעל אַ יאָהר. — „דער אויוועז איז פאַנאַנדער געפאַלען, מען קאָן ניט הייצען", — זאָגט דער וועכטער, ווען די פּאַרטיע, אַ דערפראָהרענע פון רעגען אָדער שניי, קומט אויפ'ן עטאַפּ, און די אַרעסטאַנטען מוזען באַצאָהלען פאַר דער ערלויבניש איינצוהייצען דעם אויוועז. — „די ראַהם ווערט פאַרריכט," זאָגט אַ צווייטער, און די פּאַרטיע מוז ווידער צאָהלען פאַר שמאַטעס צו פאַרשטעקען די לעכער, דורך וועלכע עס בלאָזט אַ שרעקליך קאַלטער ווינט. — „וואַשט אויס דעם דיל פאַר'ן אַוועקגעהן", — זאָגט אַ דריטער, — „און ווילט איהר ניט וואַשען — באַצאָהלט", — און די פּאַרטיע צאָהלט

פאַרברענגען אין וועג צוויי יאָהר. לויט די ידיעות, וואָס זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרן אין „יורידיטשעסקי וועסטניק" (1883) ווערן אַלע מוידלאַך, וואָס האָבען דערגרייכט אַ 14-יאָהריגען עלטער און אפילו אינגער, אין וועג פאַרגוואַלטיגט.

ווידער, א. אז. וו., א. אז. וו. ענדליך, דאַרף מען נאָך דערמאָנען, ווי מען באהאַנדעלט די אַרעסטאַנטען און זייערע פאמיליען אין וועג? אפילו די פּאָליטישע פאַרשיקטע האָבען אין 1881 געמוזט אויפהייבען א בונט געגען אַן אָפיציר, וואָס האָט אין א פינסטע־רען קאָרידאָר געוואַגט צו באַליידיגען איינע פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע. מיט די קרימינעלע פאַרברעכער צערעמאָניעט מען זיך, נאַטירליך, נאָך ווייניגער...

און דאָס אַלץ געהערט ניט צו דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. צום באַדויערן, קומען עהנליכע סצענען פאָר אויך איצט, אפילו אפשר אין דעם מאָמענט, ווען איך שרייב אָט די שורות. נ. לאָ־פּאַטין, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזאַ רייזע אין 80־טען יאָהר און וועמען איך האָב געוויזען אָט די בלעטער, האָט פון זיין זייט פאָל־שטענדיג באַשטעטיגט די ריכטיגקייט פון מיינע באַשרייבונגען און האָט מיטגעטיילט נאָך א סך אַנדערע איינצעלהייטען, וואָס דער־וועקען א גרויל. עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרען, — און דאָס ערשט ניט לאַנג, — נאָר איין זאַך, וועלכע איך האָב אויבען דערמאָנט, נעמליך, דאָס צונויפשמידען עטליכע אַרעסטאַנטען אויף איין קייט. אָט די שרעקליכע איינפיהרונג איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין יאַנואַר 1881. איצט ווערט אויף יעדען אַרעסטאַנט ארויפגעלייגט א באַ־זונדערע פאָר האַנט־רינגען. דאָך איז די קייט, וואָס פאַרבינדט די רינגען, אזוי קורץ, אַז די הענט ווערן שרעקליך איינגעמידט אין דער צייט פון צעהן־צוועלף שטונדען, ניט רעדענדיג שוין ווע־גען דעם, וואָס די רינגען מוזען, צוליב די שרעקליכע סיבירער פרעסט, אַרויסרופען רעוומאַטישע וועהטאָגען. אָט די וועהטאָגען, ווי מען האָט מיר געזאָגט, צייכענען זיך אויס מיט אַן אויסערגע־וועהנליכער שאַרפקייט און פאַרוואַנדלען דעם אַרעסטאַנט׳ס לעבען אין איין לאַנגער מאַטערניש.

מען דאַרף קוים צוגעבען, אַז, טראָץ דער באַהויפּטונג פון הערען לענסדעל, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק דורכגעפאָהרען איבער סיביר, מאַכען די פּאָליטישע פאַרשיקטע דורך די רייזע קיין קאַראַ אָדער אין די פּלעצער, וואוהין זיי ווערן באַשטימט, אונטער דיזעלביגע באַדינגונגען און צוזאַמען מיט די קרימינעלע פאַרברע־כער. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס איזביצקי און דעבאַגאָרי־מאַקריעוויטש האָבען זיך געקאָנט „פאַרבייטען״ מיט צוויי קרימי־

נעלע פאַרשיקטע און אויף אַזאַ אופן אַנטלויפען פון וועג צו דער קאַטאָרגע, — שוין דער פאַקט אַליין ווייזט די אונפאַרלעסליכקייט פון די ידיעות פון דעם ענגלישען רייזענדען. ניקאָלאַי לאָפּאַטין, וועגען וועלכען איך האָב אויבען גערעדט, און וואָס איז פאַראורטיילט געוואָרן צו באַזעצען זיך אין סיביר, האָט געמאַכט די גאַנצע רייזע צופוס, צוזאַמען מיט עטליכע פון זיינע חברים. אמת, א באַדייטענדע צאָהל פּוילישע פאַרשיקטע אין 1864, — וואָס האָבען מעהרסטענטייל געהערט צום אדעל און האָבען געשפּילט א גרויסע ראָל אין אויפשטאַנד, — זיינען געשיקט געוואָרן אויף פּאָסט פערד. אָבער אָנהויבענדיג מיט 1866 האָבען די פּאָליטישע (וואָס זיינען געווען פאַראורטיילט אויף קאַרטאָרזשנע ארבייט אָדער פאַרשיקט צו ווערן) דורכגעמאַכט דעם גאַנצען וועג צופוס, צוזאַמען מיט די קרימינעלע פאַרברעכער. אַן אויסנאַם זיינען די יאָהרען 1877-1879, ווען מען האָט אייניגע פּאָליטישע, וואָס זיינען געגאַנגען אין מזרח סיביר, געגעבען פוהרען, אָבער פון 1879 זיינען אַלע פּאָליטישע, אָהן אונטערשיד פון געשלעכט, געצוואונגען געווען צו מאַכען די רייזע אויף אַזאַ אופן, ווי איך האָב אויבען באַשריבען, און דערביי ווערן א סך פון זיי געשמידט, טראָץ דעם גנזעץ פון 1827. וואָס אַנבאַלאַנגט די אַרויסגעשיקטע אויפ'ן אדמיניסטראַטיווען אופן, גיט מען זיי איצט, פּונקט ווי פריהער, פוהרען, אָבער דעם גאַנצען וועג מאַכען זיי דורך ווי א טייל פון די קרימינעלע פאַרטיעס, אָפּשטעלענדיג זיך אויף די עטאַפּען און אין די געפענגניסען צוזאַמען מיט די קרימינעלע פאַרברעכער.

צום שלום פון זיין בוך וועגען סיביר*) דריקט מ. מאַקסימאָוו אויס די האָפענונג, אַז די פון איהם באַשריבענע שרעקען פון צופוסיגען עטאַפּ וועלען אינגיכען ווערן א שטיק געשיכטע. אָבער זיין האָפענונג איז ביז איצט ניט מקוים געוואָרן. די ליבעראַלע באַוועגונג פון 1861 איז פון דער רעגירונג דערשטיקט געוואָרן. אַלערליי פאַרזוכען אויף רעפאָרמען האָט מען גענומען באַטראַכטען, ווי „געפעהרליכע טענדענצען”, און די פאַרשיקונג אין סיביר איז געבליבען אין דעמזעלביגען צושטאַנד, אין וועלכען זי איז געווען פריהער, — א קוואַל פון אונבאַשרייבליכע ליידען פאַר צוואַנציג טויזענט מענשען, וואָס ווערן יעדען יאָהר פאַרשיקט.

*) „סיביר און קאַטאָרגאַ”, 3 בענד, סט. פּעטערבורג, 1871.

אַט דאָס שענדליכע סיסטעם, וואָס איז שוין לאנג פאראור־טיילט געוואָרן פון אַלעמען, ווען עס איז אויסגעקומען עס צו שטודירען, איז געבליבען אונבאריהרט. און אין דער צייט ווען די דורך־און־דורך צופוילטע געביידעס פון די עטאַפּען ווערן ביס־לעכווייז צושטערט, און דאָס גאנצע סיסטעם ווערט אַלץ מעהר און מעהר פאנאנדערגעטרייסעלט, ווערן נייע טויזענטער מענער און פרויען צוגעגעבען יעדען יאָר צו די אונגליקליכע, וואָס זיינען שוין פון פריהער אין סיביר, און ווענעס צאָהל שטייגט אויף אַזאַ אַופן אין אַ שרעקליכער פּראָפּאָרציע.

פינפטער קאַפּיטעל

# די פאַרשיקטע אין סיביר

ניט אומזיסט האָט דאָס וואָרט „קאטארגא" באקומען אזא שרעקליכע באדייטונג אין דער רוסישער שפּראַך און איז געוואָרן א סינאָנים פון די שווערסטע פיזישע און גייסטיגע ליידען. „איך קאָן מעהר ניט אריבערטראָגען דאָס קאַטאָרזשנע לעבען", דאָס הייסט, א לעבען, וואָס איז פול מיט ליידען, אונערטרעגליכע באליידיגונגען, אונערבארמליכע פארפאָלגונגען, פיזישע און גייסטיגע ליידען, וואָס זיינען איבער די מענשליכע קרעפטען, — זאָגען מענשען, וואָס זיינען דערפיהרט געוואָרן ביז צו פולשטענדיגער פערצווייפלונג, איידער זיי מאכען א סוף צו זייער לעבען. אזא זין האָט דאָס וואָרט „קאטארגא" באקומען ניט אומזיסט, און אלע, ווען עס איז אויסגעקומען ערנסט אויסצופאָרשען די לאגע פון די קאטאָרזשניקעס אין סיביר, זיינען געקומען צום שלוס, אז די פאָרשטעלונג אין פאָלק וועגען קאטארגא אנטשפּרעכט פול־שטענדיג דער ווירקליכקייט. איך האָב שוין באשריבען דעם פיינ־ליכען וועג, וואָס פיהרט צו קאטארגא. מיר וועלען איצט איבער־געהן צו די לעבענסבאדינגונגען פון די ארעסטאנטען אין די קא־טאָרזשנע קאָלאָניעס און געפענגניסען פון סיביר.

אין אָנהויב פון די 60ער יאָהרען האָט מען פון די 1,500 מענ־שען, וואָס ווערען יעהרליך פאראורטיילט אויף קאטאָרגא, כמעט אלעמען געשיקט אין מזרח סיביר. א טייל פון זיי האָבען געאר־בייט אין די זילבער, בליי און גאָלדמינען פון נערטשינסקער גע־גענט, אָדער אויף די פּעטראָווסקי (ניט ווייט פון קיאכטא), און איר־קוטסקי אייזען פאבריקען, אָדער, ענדליך, אויף די זאלץ פאברי־קען פון אוסאָליע און אוסט־קוט. איינינגע האָבען געארבייט אויף דער טוך פאבריק לעבען אירקוטסק, און די אנדערע האָט מען געשיקט אויף די קאריער גאָלדמינען, וואו זיי זיינען מחויב געווען אויס־

צוארבייטען יעהרליך די טראַדיציאָנעלע „הונדערט פוד" גאָלד פאר „זיין מאַיעסטעט'ס קאַבינעט". די שרעקליכע דערצעהלונגען וועגען די אונטערערדישע זילבער און בליי מינען, וואו מען צווינגט דעם ארעסטאַנט, אונטער די שוידערליכסטע באדינגונגען און די בייטשען פון די אויפזעהער, ארויסצוגעבען צוויי מאָל אזויפיעל אר־בייט, וויפיעל עס איז נאָרמאַל; די דערצעהלונגען פון די קאַ־טאָרזשניקעס, וועמען עס איז אויסגעקומען צו ארבייטען אין דער פינסטער, אין שווערע קייטען און צוגעשמידט צו די טאַטשקעס; וועגען די גיפטיגע גאַזען אין די מינען, וועגען מענשען, וואָס ווערן פארשמיסען ביז טויט פון דעם באַוואוסטען רוצח ראַזגילדעיעוו, אָדער וואָס שטארבען נאָך פינף־זעקס טויזענט קלעפּ פון שפּיצ־רוטען, — אָט די אַלע ווייט פארשפּרייטע דערצעהלונגען זיינען גאָר ניט געווען קיין פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע פון סענסאַציאָ־נעלע שרייבער: זיי זיינען געווען א ריכטיגע אָפּשפּיגלונג פון דער טרויעריגער ווירקליכקייט.*)

און דאָס זיינען אַלץ ניט קיין לעגענדען פון טיפען אלטער־טום; אונטער אזעלכע באדינגונגען האָט מען געארבייט אין נער־טשינסקער בערג קרייז אין אָנהויב פון די 60־ער יאָהרן. דאָס גע־דענקען מענשען, וואָס לעבען נאָך איצט.

דאָס איז נאָך ווייניג; פיעל, זעהר פיעל שטריכען פון אָט דער שרעקליכער פארגאַנגענהייט זיינען פארבליבען אונבאריהרט ביז צו דער איצטיגער צייט. יעדערער אין מזרח סיביר ווייס, כאָטש

*) די קוטאָמאַרסקער און אַלעקסאַנדראָווסקער זילבער מינען האָבען אַלעמאָל געהאט די רעפּוטאַציע פון זעהר אונגעזונטע, צוליעב די אַמאָניאַ אויסדאַמפונגען פון זיי; ניט נאָר מענשען, נאָר אַפילו בהמות האָבען פון זיי געליטען, און די פויערים פון דער געגענט האָבען געמוזט אויסהאָדעווען זייערע בהמות אין די שכנ'ישע דערפער. וואָס אַנבאַטרעפט די קוועק־זילבער אויסדאַמפונגען, ווייס יעדערער, וואָס איז באַקאַנט מיט דער ליטעראַטור וועגען נערטשינסקער בערג קרייז, אַז די זילבער ערץ פון דעם געגענט קומט אַלעמאָל אינאיינעם מיט צינאָבאָר, באַזונ־דערס אין שאַכהאָם און קולטום, וואו קאטאָרזשניקעס אַרבייטען אַלעמאָל. די רעגירונג האָט אַפילו עטליכע מאָל געפּרואווט באַקומען קוועקזילבער אין אָט די מינען. די אקאַטויער זילבער מינען פון דערזעלביגער גע־געגנט האָט אַ שרעקליכע רעפּוטאַציע, ווי איינער פון די אונגעזונטסטע ערטער.

פון דעם, וואָס ער האָט געהערט, וועגן דער שרעקליכער סקאָרבוט עפּידעמיע, וואָס האָט אויסגעבראָכען אויף די קאַריער גאָלדמינען אין 1857, ווען, לויט די אָפיציעלע באַריכטען, וואָס מ. מאַקסימאָוו האָט געמאַכט, ניט ווענינגער פון 1,000 קאַטאָרזשניקעס זיינען געשטאָרבען אין פאַרלויף פון נאָר איין זומער. די אורזאַך פון דער עפּידעמיע איז אויך ניט געווען קיין סעקרעט; אַלע האָבען גוט געוואוסט, אַז די בערג באַאַמטע, וואָס האָבען איינגעזעהן די אונמעגליכקייט אויסצואַרבייטען, אונטער געוועהנליכע באַדינגונגען, די טראַדיצאָנעלע „הונדערט פּוד" גאָלד, האָבען געצוואונגען צו אַרבייטען אָהן אויפהער, איבער די קרעפטען, ביז איינינע זיינען געפאַלען טויט ביי דער אַרבייט. א סך שפּעטער, אין 1873, האָבען מיר בייגעוואוינט אַן עהנליכע עפּידעמיע, אַרויסגערופען פון דיזעלביגע אורזאַכען, וואָס האָט אויסגעבראָכען אין יעניסעיער קרייז און האָט פאַרניכטעט אין פאַרלויף פון א קורצער צייט הונדערטער לעבענס. איצט מאַטערן זיך די אַרעסטאַנטען אין אַנדערע ערטער, דער כאַראַקטער פון דער אַרבייט איז אביסעל געענדערט, אָבער דער עצם פון דער קאַטאַרזשנער אַרבייט איז געבליבען דערזעלביגער, און דאָס וואָרט „קאַטאַרגאַ" האָט נאָך ביז היינט זיין פריהערדיגע שרעקליכע באַדייטונג.

אין סוף פון די 60ער יאָהרען איז דאָס סיסטעם פון קאַטאַרזשנער אַרבייט אביסעל געענדערט געוואָרן. די מינען פון נערטשינסקער בערג קרייז, וואָס זיינען רייכער אין זילבער, זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרן: אָנשטאָט צו באַרייכערן, ווי פריהער, דעם אימפּערישען קאַבינעט יעהרליך מיט 220-280 פּוד זילבער. האָבען זיי גענומען געבען (אין 1860-1863) אינגאַנצען פון פינף ביז זיבען פּוד, און מען האָט זיי געמוזט פאַרמאַכען. וואָס אַנבאַטרעפט די גאָלדמינען, האָבען די בערג באַאַמטע איבערציינגט דעם קאַבינעט, אַז אין דער געגענט זיינען מעהר ניטאָ קיין גאָלדקוואַלען, וואָס זאָלען ווערט זיין באַאַרבייט צו ווערן, און דער קאַבינעט האָט איבערגעגעבען די גאָלד־קוואַלען צו פּריוואַטע אונטערנעהמער, איבערלאָזענדיג פאַר זיך נאָר די גאָלד־קוואַלען אויף'ן טייכעל קאַראַ, וואָס פאַלט אריין אין שילקאַ. עס פאַרשטעהט זיך, אַז ווי נאָר עס איז פאַרעפענטליכט געוואָרן די ערלויבניש פאַר פּריוואַטע פּערזאָנען צו באַאַרבייטען די גאָלד־קוואַלען, האָבען

גאָלד־סוחרים באַלד „אנטרעקט” זעהר רייכע קוואַלען, דעם אָרט פון וועלכע מען האָט, אייגענטליך, שוין לאנג געוואוסט. צוליב דעם אַלעמען איז די רעגירונג געווען געצוואונגען צו געפינען פאַר די ארעסטאַנטען עפּעס אנדערע באַשעפטיגונגען. און ביז א געוויסען גראַד ענדערן דאָס גאַנצע סיסטעם פון קאַטאָרזשנער ארבייט. מען האָט ערפונדען די „צענטראַלע געפענגניסען” אין אייראָפּעאישען רוסלאַנד, א באַשרייבונג פון וועלכע איך האָב געגעבען אין איינעם פון די פאָרינע קאַפּיטלען, און איצט דיענען אָפּ די קאַטאָרזשאַנעס ארום א דריטעל פון זייער שטראָף טערמין אין אָט די געפענגניסען, איידער מען שיקט זיי ארויס אין סיביר. איך האָב שוין גערעדט וועגען דעם, ווי שרעקליך מען באַהאַנדעלט זיי. די צאָהל פון אָט די אונגליקליכע, פאַר וועלכע אפילו די סיבירער קאַטאָרגאַ ווייזט אויס ווי אַן ערלייכטערונג, דערגרייכט ביז 5,000 מענשען. אויסערדעם פּרוּוועט מען די לעצטע יאָהרען צו באַזעצען מיט פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס דעם אינזעל סאַכאַלין.

די קאַטאָרזשניקעס, וואָס ווערן יעהרליך ארויסגעשיקט אין סיביר אין צאָהל פון 1,800 ביז 1,900 ווערן אויף פאַרשידענע אופנים פאַרטיילט און באַנוצט פאַר אַלערליי ארבייטען. א טייל פון אזעלכע פאַרשיקטע (2,700 - 3,000) פאַלען אריין אין די קאַטאָרזשנע געפענגניסען פון מערב און מזרח סיביר; די איבעריגע פאַרשיקט מען אָדער אויף די קאַריער גאָלד־קוואַלען, אָדער אויף די זאַלץ פאַבריקען פון אוסאָליע און אוסט־קוט. אָבער אזוי ווי די וועלדער, מינען און פאַבריקען אין סיביר, וואָס געהערן צו דער מלוכה, קאָנען ניט אויסנוצען די ארבייט פון כמעט 10,000 מענשען, וואָס ווערן פאַראורטיילט אויף קאַטאָרזשנע ארבייט, און וועלכע מען מוז האַלטען אין סיביר, האָט מען געפונען אזא אויסוועג פון דער לאַגע: מען פאַרדינגט אזעלכע ארעסטאַנטען, ווי ארבייטער, אויף פּריוואַטע גאָלד־קוואַלען. מען קאָן זיך פאָרשטעלען, אז אונטער אזעלכע באַדינגונגען קאָנען מענשען, וואָס זיינען פאַראורטיילט אויף קאַטאָרזשנע ארבייט, אריינפאַלען אין די פאַרשידענסטע אומגעבונגען. נאָכ'ן ווילען אָדער קאַפּריז פון די באַאַמטע, און אויך לויט זייערע מיטלען. אַן ארעסטאַנט קאָן שטאַרבען אונטער'ן בייטש אויף קאַראַ אָדער אין אוסט־קוט, אָבער ער קאָן אויך פירן א גאַנץ קאָמפאָרטאַבלען לעבען אויף פּריוואַטע

מינען פון א וועלכען עס איז גוטען ברודער, ווי אן „אויפזעהער",
פיהלענדיג די אונבאקוועמליכקייט פון דער פארשיקונג אין סיביר
נאר אין דעם, וואס ער מוז לאנג ווארטען אויף נייעס פון פריינד
אין רוסלאנד.

די פארשיקטע קאטארזשניקעס אין סיביר קאנען איינגעטיילט
ווערן אין דריי הויפט קאטעגאריעס: די וואס ווערן אויפגעהאל־
טען אין געפענגניסען; די, וואס ארבייטען אויף די גאלד־קוואלען
פון קאבינעט אדער פון פריוואטע אייגענטימער, און, ענדליך, די,
וואס ארבייטען אויף די זאלץ פאבריקען.

דאס שיקזאל פון די ערשטע אונטערשיידט זיך ווייניג פון
דעם שיקזאל פון די ארעסטאנטען, וואס האלטען זיך אויף אין די
צענטראלע געפענגניסען פון רוסלאנד. עס קאן זיין, אז דער
סיבירער געפענגנים אויפזעהער רויכערט א ליולקע, ניט קיין ציגאר,
ווען מען שמייסט די ארעסטאנטען; עס קאן זיין, אז ער באנוצט
א בייטש, ניט קיין ריטער; עס קאן זיין, אז ער שמייסט די ארע־
סטאנטען, ווייל ער איז אין כעס, וואס זיין ווייב האט איהם גע־
מאכט א שלעכטען מיטאג, בעת דער רוסישער געפענגנים אויפ־
זעהער שמייסט זיי דערפאר, וואס ער האט קיין גליק ניט געהאט
אויף יאגד: די רעזולטאטען פאר די ארעסטאנטען זיינען דיזעל־
בינע. אין סיביר, ווי אין רוסלאנד, אויב מען אנטלאסט אן אויפזע־
הער, וואס „שמייסט אהן רחמנות", קומט אויף זיין ארט איינער,
וואס „שפאצירט זיך דורך מיט'ן פויסט איבער דער פיזיאנאמיע
פון די ארעסטאנטען און בא'גנבעט זיי אויף דעם שענדליכסטען
אופן"; אויב אבער פאר אן אויפזעהער ווערט צופעליג באשטימט
אן עהרליכער מענש, נעהט ער באלד ארויס אין דעמיסיע, אדער מען
ווארפט איהם ארויס פון דער געפענגנים אדמיניסטראציע, וואו
עהרליכע מענשען זיינען נאר „א שטערונג".

ניט בעסער איז אויך דאס שיקזאל פון די צוויי טויזענט
ארעסטאנטען, וועלכע מען שיקט אויף די קארער גאלד־קוואלען.
שוין אין די 60ער יאהרען האט מען אין די אפיציעלע באריכטען
אנגעוויזען אויף דעם צושטאנד פון דער געפענגנים אויף דער
אויבערשטער קארא: דאס איז געווען אן אלטע, פון אומוועטער
געליטענע, קלעצערנע געביידע, אויפגעשטעלט אויף א זומפיגען
באדען און אינגאנצען דורכגעזאפט מיט שמוץ, וואס גאנצע דורות

ארעסטאנטען, וואָס האָבען די געפענגנים איבערפילט, האָבען אין פארלויף פון א סך יאָהרען אָנגעקליבען. שוין דעמאָלט האָט מען אין דעם אָפיציעלען באריכט אָנגעוויזען אויף די נויטיגקייט צו צוּוואַרפען באלד די פארעלטערטע געביידע; אָבער נאָך ביז איצט דיענט זי פאר א פארהאפטונגס פלאַץ פאר די ארעסטאנטען, און אפילו ווען פאָלקאָווניק קאנאנאָוויטש איז געווען פארוואַלטער פון דער געפענגניס, האָט מען איהר געוואשען די דילען פיער מאָל א יאָהר. זי האָט אלעמאָל צוויי מאָל אזויפיעל ארעסטאנטען וויפיעל דער קובישער שטח ערלויבט. און די ארעסטאנטען שלאָפען ניט נאָר אויף די נארעס, וואָס געהען אין צוויי עטאזש איינער איבער'ן אנדערן, נאָר אויך אויף'ן דיל, וואָס איז באדעקט מיט א דיקער שיכט פון קלעפיגען שמוץ, און זייערע נאסע און שמוציגע קליידער דיענען זיי סאי פאר בעטגעוואנט, סאי פאר א צודעק. אזוי איז געווען דעמאָלט, אזוי איז אויך איצט. די הויפט געפענגנים פון די קאריער גאָלד־קוואַלען, ניזשנאַיאַ קארא, איז, אורטיילענדיג נאָך דער באַשרייבונג, וואָס מאקסימאָוו האָט געמאכט אין 1863, און נאָך די אָפיציעלע דאָקומענטען, וואָס איך האָב געלייענט, שוין דעמאָלט געווען אן אלטע, צופוילטע געביידע, אין וועלכער דער ווינט האָט פריי געשפאצירט, און רעגען און שניי זיינען אריינגעדרונגען. אזא איז זי אויך איצט, ווי פריינד האָבען מיר איבערגעגעבען. די מיטעל־קארא געפענגנים איז מיט עטליכע יאָהר צוריק באנייט געוואָרן, אָבער אינניכען איז זי געוואָרן פונקט אזא שמוציגע, ווי די צוויי אנדערע. זעקס אָדער אכט מאָנאטען אין יאָהר טוען די ארעסטאנטען אין אָט די געפענגניסען אבסאָלוט גאָרנישט; אויך שוין דאָס אליין איז גענוג פאר א פול־שטענדיגער דעמאָראליזאציע פון די איינוואוינער פון דער געפענגנ־נים און אן אנטוויקלונג פון אלערליי פארברעכערישע נייגונגען צווי־שען זיי. די, וואָס ווילען שטודירען די פראגע וועגען דער מאָראלער ווירקונג פון די רוסישע געפענגניסען אויף די ארעסטאנטען, וועלען געפינען א רייכען מאטעריאל אין דער מערקווירדיגער פסיכאָלאָ־גישער ארבייט פון דאָסטאָיעווסקי, אין די ארבייטען פון מאקסי־מאָוו, לוואָוו און א סך אנדערע.

די ארבייט ביי די גאָלד־קוואלען איז בכלל זעהר א שווערע. אמת, זי ווערט געטאָן אויף דער אויבערפלאך פון דער ערד, און

ד׳ערביי ווערן אין דעם אַלואַוויאַלען באָדען פון טאָל געמאַכט טיפע גרובען, כדי ארויסצוציהען דעם שטויב און זאמד, אין וועלכען עס געפינט זיך גאָלד, און אויף פוהרען ברענגט מען דערנאָך דעם שטויב און זאמד צו דער מאַשין, וואָס וואשט דאָס גאָלד. אָבער בכלל איז דאָס, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, זעהר א שווערע און אונגעזונטע ארבייט. די גריבער זיינען אַלעמאָל נידריגער פון דער אויבערפלאַך פון טייך, וואָס ווערט דורך א קינסטליכען קוואַל אָפּ־געפיהרט אויף א געוויסער הויך צו דער גאָלד־וואַשענדיגער מאַשין. צוליעב דעם ווערן די גריבער מעהר אָדער ווייניגער אָנגעפילט מיט דורכזאַפּענדיגען וואסער, שוין ניט רעדענדיג וועגען די שטראָמען אייז־וואסער, וואָס גיסען זיך פון די ווענט פון די גריבער, ווען די איינגעפראָרענע ערד געהט אָפּ אונטער די הייסע זונשטראַלען. די פּלומפּען אויף אָפּצופּאָמפּען דאָס וואסער העלפען ווייניג, און די מענשען מוזען ארבייטען (איך שרייב וועגען דעם אויף׳ן גרונד פון אייגענע באָאָבאַכטונגען) אין פארלויף פון א גאַנצען טאָג, שטע־הענדיג אין אייז־קאַלטען וואסער, וואָס דערגעהט ביז צו די קניה, און אמאָל אפילו ביז צום גארטעל. ווען דער ארעסטאַנט קומט צוריק אין געפענגניס, גיט מען איהם ניט קיין טרוקענע קליידער אויף איבערבייטען, און ער מוז שלאָפען אין נאַסע. אמת, טוי־זענטער פרייע ארבייטער געפינען פאר מעגליך צו ארבייטען אונ־טער דיזעלביגע באַדינגונגען ביי פריוואטע גאָלד־קוואַלען. אָבער די אייגענטימער פון די גאָלד־קוואַלען אין סיביר וואָלטען אפשר גאָר קיין ארבייטער ניט געפונען, ווען זיי וואָלטען ביים אָנדינגען זיי ניט באַנוצט די מיטלען, וואָס מען האָט פּראַקטיצירט אין 17טען יאָהרהונדערט צו דערפילען די ארמיי. מען דינגט זיי געוועהנליך, ווען זיי זיינען אינגאַנצען שיכור, מען רוקט זיי אריין גרויסע האַנטגעלט, וואָס געהען באַלד אריבער אין די קעשענעס פון די שענקער. וואָס אַנבעטרעפט די פריי־פאַרשיקטע, די הונגעריגע ארמיי פון וועלכע שטעלט צו א באַדייטענדען קאָנטינגענט פון ארבייטער פאר די פּריוואטע גאָלד־קוואַלען, ווערן זיי געוועהנליך אָפּגעגעבען צו דער ארבייט פון די באַאַמטע פון וואָלאָסט, וואָס פארכאַפּען באַלד זייער האַנט־געלט פאר די שטייערן, וואָס קליי־בען זיך אַלעמאָל אָן אויף די פריי־פאַרשיקטע.

צוליעב די אויבען אָנגעגעבענע אורזאַכען מוז יעדען פריה־

לינג, ביים אָפּשיקען „פרייע ארבייטער״ אויף די גאָלד־קוואַלען, זיך אריינמישען די באַצירק פּאָליציי אָדער אפילו אַ מיליטערישער קאָנוואָי. עס פּאַרשטעהט זיך, אַז די ארבייטס באַדינגונגען פון די פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס זיינען נאָך שווערער. די טעגליכע אַרבייט, וואָס יעדערער פון זיי מוז דורכפיהרען, איז אי גרעסער, אי שווערער לויט די ארבייטס באַדינגונגען, איידער אויף די פּרי־וואַטע גאָלד־קוואַלען. אויסערדעם אַרבייטען אַ סך קאַטאָרזשניקעס אין קייטען. און אויף קאַרא מוזען זיי מאַכען 7 וויאָרסט צופוס, די דיסטאַנץ פון דער געפענגנים ביז דעם אָרט פון ארבייט; קומט נאָך אויף אַזאַ אופן צו צו זייער טעגליכען „אוראָק״ נאָך דריי שעה נאָנג. אין די פאַלען, ווען דער גאָלד שיכט איז אָרימער אין אינ־האַלט פון גאָלד, איידער מען האָט ערוואַרט, און די פאַראויס באַ־שטימטע קוואַנטיטעט קאָן ניט דורכגעוואַשען ווערן אונטער גע־וועהנליכע ארבייטס באַדינגונגען, צווינגט מען די קאַטאָרזשניקעס צו ארבייטען איבער די קרעפטען, ביז שפּעט ביינאַכט, און דער פּראָצענט פון שטערבליכקייט, וואָס איז אַזוי אויך גענוג גרויס, דערגרייכט צוליעב דעם אַן אונגעהייערע הויך. קורץ, אַלע, וואָס האָבען ערנסט שטודירט די קאַטאָרזשנע ארבייטס באַדינגונגען אין סיביר, זיינען געקומען צום שלוס, אַז דער קאַטאָרזשניק, וואָס האָט אָפּגעדיענט זיין שטראָף עטליכע יאָהר אויף קאַרא אָדער אויף די זאַלץ פאַבריקען, קומט פון זיי אַרויס אין פריי־פאַרשיקונג אינ־גאַנצען אַ צובראָכענער, האָבענדיג פאַרלאָרן זיין ארבייטספעהיג־קייט, און ביז׳ן טויט איז ער נאָר אַ לאַסט פאַר דער געזעלשאַפט.

די שפּייז, הגם אין אַלגעמיין וועניגער נאַרהאַפטיג, איידער אויף די פּריוואַטע גאָלד־קוואַלען, קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ גאַנץ גענוגענדע, ווען די ארעסטאַנטען וואָלטען באַקומען די פּאָרציעס, וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער ארבייטס צייט. פאַר יעדען ארעסטאַנט ווערט באַשטימט טעגליך פיר פונט שוואַרצע ברויט, און יעדען מאָנאַט אַזאַ קוואַנטיטעט פליישׂ, קרויט, רע־טשענע גרויפּען, א. אַז. וו., וואָס קאָן געקויפט ווערן פאַר איין רובעל. אַ גוטער עקאָנאָם וואָלט דאָ געקאָנט געבען יעדען מענ־שען אַ האַלב פונט פלייש אַ טאָג. אָבער צוליעב דער אַפּוועזענהייט פון וועלכען עס איז קאָנטראָל ווערן די ארעסטאַנטען אויף׳ן אונ־ברחמנות׳דיגסטען אופן באַ׳גנב׳עט פון די באַאַמטע. אויב אין

פעטערבורגער הויז פון פּרעלימינערער פאַרהאַפטונג, אונטער'ן נאָז פון א טוץ אינספּעקטאָרן, איז אַזאַ גנבה פּראַקטיצירט געוואָרן אין פאַרלויף פון א רייה יאָהרן אויף א קאָלאָסאַלען מאַסשטאַב, איז וואָס קאָן מען שוין ערוואַרטען פון א קאַטאָרזשנער געפענגנים אויף עק וועלט, אין די זאַבאַיקאַלער בערג? עהרליכע עקאָנאָמען, וואָס גיבען אַוועק די אַרעסטאַנטען איינגאַנצען זייער פאָרציע, זיינען, נאַטירליך, זעלטענע אויסנאַמען. אויסער דעם דאַרף מען ניט פאַרגעסען, אַז די אויבענדערמאָנטע פּאָרציע ווערט געגעבען אין אַזאַ מאָס נאָר אין דער צייט פון די גאָלד־וואַשענדיגע אַרבייטען, וואָס דויערן ווייניגער פון פיער מאָנאַטען אין יאָהר. אין פאַרלויף פון א גאַנצען ווינטער, ווען דער איינגעפּראָרענער באָדען איז האַרט ווי אייזען, ווערט די אַרבייט ביי די גאָלד־קוואַלען אָפּגעשטעלט. און ווי נאָר די „יעהרליכע ערנטע" ווערט אַראָפּגענומען פון די גאָלד־קוואַלען, דערפיהרט מען דעם אַרעסטאַנט'ס שפּייז ביז צו א גרויס און קוואַליטעט, וואָס זיינען קוים גענוג אויפצוהאַלטען דאָס לעבען. וואָס אַנבאַטרעפט דעם לוין פאַר דער אַרבייט, איז זי איינ־פאַך לעכערליך, עפּעס אַרום אָנדערהאַלבען צי צוויי רובעל א מאָ־נאַט, און פון אָט דעם בעטלערשען לוין קומט אויס דעם אַרעסטאַנט אויסצוגעבען א העלפט אויף קליידער, ווייל די קליידער, וואָס די מלוכה גיט, ווערן שנעל אויסגעטראָגען ביי דער אַרבייט. עס איז קיין וואונדער ניט דעריבער, וואָס סקאָרבוט, דער שרעקליכער גאַסט פון אַלע סיבירער גאָלד־קוואַלען, געפינט א מאַסע קרבנות צווישען אַרעסטאַנטען, און וואָס די שטערבליכקייט אויף קאַראַ וואַקעלט זיך יעהרליך צווישען 90 און 287 אויף 2,000 מענשען, דאָס הייסט, פון 1 אויף 11 ביז 1 אויף 7, וואָס איז א הויכער פּראָצענט פאַר א רערוואַקסענער באַפעלקערונג. די אָפיציעלע צי־פערן אָבער שטימען ניט אינגאַנצען מיט'ן אמת, ווייל די שוועך און האָפנונגסלאָז קראַנקע שיקט מען אַוועק פון די גאָלד־קוואַלען אין די מושב זקנים'ס אָדער אַנשטאַלטען פאַר קאַליקעס, וואו זיי שטאַרבען.

די לאַגע פון די אַרעסטאַנטען וואָלט אָבער געוועזן נאָך שווע־רער, ווען ניט דער אומשטאַנד, וואָס די איבערפילונג פון די גע־פענגניסען און די אינטערעסען פון די אייגענטימער פון די גאָלד־קוואַלען האָט געצוואונגען די רעגירונג צו פאַרקירצען דעם טער־

מין פון פארהאפטונג. בכלל מוז דער פארשיקטער קאטארזשניק זיך אויפהאלטען אין דער קאטארזשנער געפענגניס נאר ארום א דריטעל פון זיין גאנצען טערמין. נאך אט דעם טערמין דארף מען איהם באזעצען אין א דארף לעבען די גאלד־קוואלען, אין א באזונדערן הויז, צוזאמען מיט דער פאמיליע, אויב די פרוי האט איהם נאכגעפאלגט אין סיביר. כאטש ער מוז ארבייטען גלייך מיט אנדערע ארעסטאנטען, נעמט מען פון איהם אראפ די קייטען, ער האט א הויז, האט אן אייגענע היים. עס פארשטעהט זיך, אז אט דאס געזעץ וואלט געקאנט אונגעהויער פארלייכטערן די לאגע פון די פארשיקטע, ווען דאס געזעץ וואלט, ווי געוועהנליך, ניט פארקריפעלט געווארן ביי דער אנווענדונג. די באפרייאונג פון דעם ארעסטאנט העננגט אינגאנצען אפ פון דעם קאפריז פון דעם פארוואלטער אויף די גאלד־קוואלען. אויסערדעם, צוליעב דעם לעכערליך קליינעם ארבייטסלוין, וואס באשטעהט פון אנדערהאל־בען ביז צוויי רובעל א מאנאט, פאר א צוגאב צו דער פארציע, איז דער באפרייטער ארעסטאנט אין די מעהרסטע פאלען שרעק־ליך ארים. אלע אויספארשער שילדערן אין די טונקעלסטע פאר־בען די ארימקייט פון אט דער קאטעגאריע פארשיקטע, און זיי באהויפטען, אז די גרויסע צאהל „ויברח'ס" פון דער „פרייער קאמאנדע" ערקלערט זיך דורך די אומשטענדען פון איהר בעטלע־רישער עקזיסטענץ.

די שטראפען, וואס ווערן ארויפגעלעגט אויף די ארעסטאנ־טען, העננגען אינגאנצען אפ פון דעם ווילען פון דעם פארוואלטער פון דער פאבריק און זיינען מעהרסטענטיילס גרויזאם. צונעמען די שפייז און קארצער, — און דער לעזער ווייס שוין, וואס קארצער אין סיביר איז אזוינס, — וועגען דעם רעדט מען שוין ניט. פאר א שטראף הויבט מען אן רעכענען נאר די בייטשען, די קלעפ פון וועלכע ווערן פאנאנדערגעטיילט מיט א ברייטער האנט און אין אן אונבאגרענעצטער צאהל פאר די קלענסטע זינד, לויט דעם ווילען און דער שטימונג פון דעם אויפזעהער.

בייטשען זיינען אין די אויגען פון די וועכטער אזא געוועהנ־ליכע זאך, אז „הונדערט בייטשען" ווערט באשטימט פאר דיזעלבי־גע זינד, פאר וועלכע מען וואלט אין אן אייראפעאישער געפעננגניס נאר באשטראפט מיט קארצער. אבער אויסער די בייטשען איז

פּאראַן נאָך אַ גאַנצע רייה זעהר גרויזאַמע שטראָפען: צום ביי־שפּיעל, צושמידען צו דער וואַנט אין דעם אונטערערדישען קארצער אויף גאַנצע יאָהרען, וואָס ווערט פּראַקטיצירט אויף אַקאַטוי; צושמידען אויף פינף־זעקס יאָהר צו דער טאַטשקע, וואָס פּאַראור־זאַכט די שרעקליכסטע גייסטיגע ליידען; און, ענדליך, די „ליסאַ", דאָס הייסט, אַ שטיק האָלץ אָדער אייזען, וואָס וועגט אַנדערהאַלבען פּוד, וואָס ווערט צוגעשמידט צו די קייטען, און דער אַרעסטאַנט טראָגט דאָס אין פאַרלויף פון עטליכע יאָהר. די שרעקליכע באַ־שטראָפונג מיט דער „ליסאַ" ווערט אָפּגעשאַפט, אָבער דאָס צו־שמידען אויף עטליכע יאָהר צו דער טאַטשקע ווערט נאָך איצט אויך שטאַרק באַנוצט. נאָך ערשט ניט לאַנג צוריק האָט מען די פּאָ־ליטישע פּאָנקאָ, פּאָמיטשעוו און בערעזניוק פאַראורטיילט צוגע־שמידט צו ווערן צו דער טאַטשקע אויף צוויי יאָהר פאַר אַ פּאַרזוך צו אַנטלויפען פון אירקוטסקער געפענגנים.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דער אויפזעהער פון די גאָלד־קוואַלען איז אַ מין זעלבסטהערשערישער מאָנאַרך, און אַז באַקלאָגען זיך אויף איהם איז אַבסאָלוט נוצלאָז. ער קאָן באַרויבען די אַרעסטאַנטען, אַרויפלעגען אויף זיי די שווערסטע שטראָפען, קאָן אפילו מאַטערן זייערע קינדער, — קיין קלאַגען ווע־לען ניט דערגעהן צו די באַאַמטע. און אויב עס וואָלט זיך אפילו געפונען אַן אַרעסטאַנט, וואָס וואָלט געוואַגט צו באַקלאָגען זיך, וואָלט מען איהם איינפאַך פאַרמאַטערט אויף טויט אין פינסטערן קאַרצער, אָדער ער וואָלט געשטאָרבען אונטער די בייטשען. די אַלע, וואָס שרייבען וועגען דער פאַרשיקונג אין סיביר, ראַרפען נערענקען, אַז איבער די אויפזעהער איז ניטאָ קיין שום קאָנטראָל, און אַז אַן עהרליכער מענש וועט לאַנג ניט קאָנען בלייבען פאַרוואַלטער פון אַ קאַטאָרזשנער געפענגנים אין סיביר. אויב זיין באַנעמונג מיט די אַרעסטאַנטען איז הומאַן, ווערט דאָס באַטראַכט אין פּע־טערבורג ווי אַ געפעהרליכע „סענטימענטאַליטעט", און מען וועט איהם אַנטלאַסען פון רינסט. אויב ער צייכענט זיך אויס אפילו בלויז מיט פּרימיטיווער עהרליכקייט, וועט איהם אונבאַדינגט אַרויסשטויסען די חברה רויבער און אַנדערע בעלנים אויף דער קאַ־זיאָנער קאָרעטע, וואָס קלייבען זיך געוועהנליך צונויף אַרום אַזאַ גע־שמאַקען ביסען, ווי די גאָלד־קוואַלען פון דער מלוכה. אַ רוסיש

שפריכווארט זאָגט: „גיט מיר האָדעוועז איין קאזיאָנעם וואָראָבייטשיק און איך וועל דורך איהם אויסהאַלטען מיין גאנצע פאמיליע“. און די גאָלד־מינען זיינען אָהן צווייפעל א באדייטענדערע זאך, איידער א קאזיאָנער וואָראבייטשיק. אין זיי ארבייטען טויזענטער ארעסטאַנטען, וועלכע מען דאַרף אויסהאַלטען און באזאָרגען מיט ארבייטס געצייג; דאָרט געפינען זיך מאשינען, וואס מען דאַרף פאררעכטען, און, ענדליך, דאָס וויכטיגסטע, וואס דאָרט געהט אָן א זעהר פּראָפּיטאַבעלער האנדעל מיט גע'גנבט'ן מלוכה גאָלד. בכלל ארבייט ביי די מלוכה גאָלד־קוואַלען פון דור צו דור א סאָליד־ארגאַניזירטע שייקע גנבים, וואס איז אזוי שטארק, אז אפילו דער דעספּאָטישער, אלמעכטיגער מוראַוויאָוו־אַמורסקי האָט זיי ניט געקאָנט בייקומען.

אַן עהרליכער מענש, וואָס איז צופעליג אריינגעפאַלען אין אָט דער גנבים שייקע, ווערט פון איהר כאַטראַכט, ווי אַ „אומרוהיגער“; און אויב מען וועט איהם ניט ברענגען צו רעמיסיע דורך אונטערשטעלען אַ פיסעל אויף אַלערליי אופנים, געהט ער געוועהנליך סוף כל סוף פון זיין אייגענעם ווילען אוועק פון דיענסט, מיעד ווערענדיג פון דעם פּרוכטלאָזען קאַמף מיט די גנבים. צוליעב דעם האָבען די קארער גאָלד־קוואַלען זעלטען געהאַט פאַר פאַרוואַלטער אַזעלכע עהרליכע מענשען, ווי באַרבאָ־דע־מאַרני אָדער קאָנאָנאָוויטש; אין זייער שפּיץ זיינען כמעט אַלעמאָל געשטאַנען גרויזאַמע אויסוואורפען, ווי ראַזגילדעיעוו.

אָט די טראַדיציאָנעלע פיהרונגען האַלטען אָן ביז צו אונזער צייט. שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם, וואָס די שרעקליכע גרויזאַמקייט פון די פאַבריק פאַרוואַלטער איז געוואָרען אַ שפּריכוואָרט, האָט מען נאָך ערשט אין 1871 אויף קאַרא פּראַקטיצירט מיטעלאַלטערליכע טאָרטורען. אפילו אַזאַ פאָרזיכטיגער שרייבער, ווי הערר יאַדרינצעוו, דערצעהלט וועגען אַ פאַל פון טאָרטור, וואָס איז פּראַקטיצירט געוואָרן פון דעם פאַרוואַלטער איבער די גאָלד־קוואַלען דעמידאָוו אויף אַ פרייער פרוי און איהר עלף־יאָהריגער טאָכטער.

„אין 1871, — זאָגט יאַדרינצעוו, — האָט דער פאַרוואַלטער איבער די קאַרער גאָלדקוואַלען דעמידאָוו אַנטדעקט אַ מאָרד, וואָס אַ קאַטאָרזשניק איז באַגאַנגען. כדי אויפצודעקען אַלע איינצעלהייטען פון דעם פאַרברעכען, האָט דעמידאָוו געמאַטערט דורך

אַ תּליון דעם מערדער'ס ווייב, אַ פרייע פרוי, וואָס איז געקומען מיט איהר מאַן אין סיביר פון איהר פרייען ווילען און איז דעריבער געווען פריי פון קערפּערליכער באַשטראָפונג. דערנאָך האָט ער געמאַטערט דעם מערדער'ס עלף־יאָהריגע טאָכטער. מען האָט דאָס מיידעל געהאַלטען אין דער לופטען, און דער תּליון האָט זי געשמיסען מיט אַ בייטש פון קאָפּ ביז די פיאַטעס. ווען מען האָט שוין דעם קינד געהאַט געגעבען עטליכע קלעפּ מיט דער בייטש, האָט זי געבעטען אַ טרונק. מען האָט איהר געגעבען זאַלץ־וואַסער. מען וואָלט זי נאָך מעהר געשלאָגען, ווען דער תּליון וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט פאָרצוזעצען דאָס שלאָגען".*).

מענשען ווערען ניט מיטאַמאָל אַזעלכע חיות, און יעדער דענ־קענדער לעזער וועט פאַרשטעהן, אַז דעמידאָוו האָט ערצויגען און אַנטוויקעלט אין זיך אָט די גרויזאַמקייט דורך אַ לאַנגער דויערענ־דיגער פּראַקטיק, וואָס איז ווידער מעגליך געווען נאָר אַ דאַנק זיין פולשטענדיגער אונבאַשטראָפבאַרקייט. אַזוי ווי די געמאַ־טערטע פרוי איז ניט געווען קיין ארעסטאַנטין, זיינען איהרע קלאַגען דערגאַנגען צו די העכערע באַאמטע. אָבער אויף איין עפּיזאָד, וואָס איז צופעליג פאַרעפענטליכט געוואָרן, וויפיל הונדערטער עהנליכע פאַלען זיינען געבליבען ניט אויפגעדעקט און וועלען קיינמאָל ניט אָפּ־געגעבען ווערן אויף דאָס געריכט פון דער געזעלשאַפטליכער מיינונג.

מיר בלייבט איצט איבער נאָר צו זאָגען עטליכע ווערטער וועגען די פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס, וועמען די מלוכה פאַרדינגט צו די אייגענטימער פון די פּריוואַטע גאָלדקוואַלען. אָט דאָס סיס־טעם איז נאָך ניט געווען איינגעפיהרט, ווען איך האָב זיך גע־פונען אין סיביר, און ידיעות וועגען דעם זיינען בכלל ניט פאַראַן פיל. איך וויים נאָר, אַז מען האָט צוגעגעבען, אַז דער פאַרזוך איז ניט געלונגען. די בעסטע פון די פּריוואַטע אייגענטימער מיידען אויס אָנצודינגען די פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס, האָבענדיג באַלד זיך איבערצייגט פון זייער אייגענער ערפאַהרונג, אַז פאַר יעדער באַריהרונג מיט די באַאמטע פון סיביר מוזען זיי טייער באַ־צאָהלען. נאָר קליינע גאָלד־הענדלער אָדער מענשען, וואָס קלייבען גאָר ניט איבער, באַנוצען זיך נאָך אַלץ מיט דער געדונגענער ארעס־טאַנטישער ארבייט. אויף די גאָלדקוואַלען פון אַזעלכע גאָלד־

*) „סיביר ווי אַ קאָלאָניע", סט.־פּעטערבורג, 1882, זייט 207.

הענדלער ליידען די אַרעסטאַנטען ווענינער פון דער גרויזאַמקייט פון די אויפזעהער, דערפאַר אָבער ליידען זיי פון ניט גענוג נאָה־רונג, פון אַרבייט איבער די כחות און שלעכטע דירות, שוין ניט צו רעדען וועגען דעם פאַרמאַטערענדיגען לאַנגען וועג פון געפענג־ניס און צוריק, איבער שטעגען, וואָס שניידען דורך די ווילדע סיבירער טאַיגאַ.

וואָס אַנבאַטרעפט די זאַלץ־פאַבריקען, אויף וועלכע עס אַר־בייט נאָך איצט אויך אַ געוויסע צאָהל פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס, איז דאָס די ערגסטע פאָרם פון קאַטאָרגאַ, און איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען די פאַרשיקטע פּאָליאַקען, וועלכע מיר איז אויס־געקומען צו זעהן אויף דער אוסט־קוטער זאַלץ־פאַבריק. דאָס וואַ־סער פון די זאַלץ־קוואַלען ווערט געוועהנליך אויסגעפּאָמפּט מיט דער הילף פון די פּרימיטיווסטע מעכאַנישע מיטלען ; און די אַר־בייט ביי די פּאָמפּען, וואָס געהט אויך אָן אַ גאַנצען ווינטער, איז, נאָך דער אַלגעמיינער מיינונג, זעהר אויסמאַטערענד. אָבער נאָך ערגער איז די לאַגע פון די אַרבייטער, וואָס זיינען באַשעפטיגט ביי די ריזיגע סקאָוואָראָדעס, אויף וועלכע דאָס זאַלץ ווערט גע־קאָכט, און אונטער וועלכע מען מאַכט פאַר דעם צוועק אַן אמת׳ען גיהנום פייער. מענשען מוזען גאַנצע שעה׳ן שטעהן פולשטענדיג נאַקעט, משיענדיג דאָס זאַלץ אויף די סקאָוואָראָדעס : איבער זייער קערפּער שטראָמט דער שוויים פון דער אונערטרעגליכער היץ, און אין דערזעלביגער צייט שטעהען זיי אויף אַ זעהר קאַלטען צוק־ווינט, וואָס געהט דורך די געביידעס, כדי צו ברענגען אַ וואָס שנע־לערע אויסראַמפונג פון דעם זאַלץ. מיט דער אויסנאַם פון איי־ניגע, וואָס זיינען פאַרנומען מיט דער אָדער יענער פאָרם פון לייכטערער אַרבייט, זיינען אַלע קאַטאָרזשניקעס, וועלכע איך האָב געזעהן אויף אָט דער פאַבריק, געוועהנליך גיכער צו שאָטענס, איידער צו לעבעדיגע מענשען. אויסצעהרונג און סאָקרבוט בושעווען מורא׳דיג צווישען אָט די אומגליקליכע.

איך וועל ניט באַריהרן אין דעם קאַפּיטעל די לעצטע איינפיה־רונג, — די קאַטאָרזשנע אַרבייט און די באַזעצונג פון די פאַר־שיקטע אין דער נייער, וויטערער סיביר, אויפ׳ן אינזעל סאַכאַלין. דאָס שיקזאַל פון די פאַרשיקטע אויף אָט דעם אינזעל, וואו קיי־נער וויל זיך ניט באַזעצען מיט׳ן פרייען ווילען, זייער קאַמף מיט

דעם פרוכטלאָזען באָדען און שטרענגען קלימאט, — דאָס אלץ וועט באטראכט ווערן פון מיר אין א באזונדערן קאפיטעל. איך וויל אויך ניט באריהרן אויף אָט די זייטען די לאגע פון די פאר־שיקטע פּאָליאקען, וואָס זיינען ארייננעפאלען אין סיביר נאָכ'ן אויפשטאנד פון 1863. זייער שיקזאל פארדיענט מעהר ווי א ביילויפיגען נאָטיץ. איך האָב נאָך גאָרנישט ניט געזאָגט וועגען דער ריזיגער קאטעגאָריע פארשיקטע, וואָס ווערן געשיקט אין סיביר, כדי זיי דאָרטען צו באזעצען ווי ערד־ארבייטער און בעלי־מלאכות.

אלע די, וואָס זיינען פאראורטיילט געווארן אויף קאָ־טאָרזשנע ארבייט, פארלירן ניט נאָר אלע פערזענליכע און ציווילע רעכט, נאָר אויך דאָס רעכט זיך אומצוקערן אהיים. באלד נאָך זייער באפרייאונג פון קאטאָרזשנער ארבייט ווערן זיי איינגע־שלאָסען אין דער אונגעהויער גרויסער קאטעגאָריע פון פארשיקטע קאָלאָניסטען און בלייבען אין סיביר זייער גאנץ לעבען. דער צוריק־קער אין רוסלאנד איז פאר זיי אָפּגעשניטען אויף אייביג. די קאטעגאָריע פון פארשיקטע קאָלאָניסטען צייכענט זיך אוים מיט איהר גרויסער מאסע אין סיביר. זי באשטעהט ניט נאָר פון באַ־פרייטע פון קאטאָרזשנער ארבייט, נאָר אויך פון כמעט דריי טויזענט אנדערע מענער און פרויען (28,382 אין פארלויף פון צעהן יאָהר, פון 1867 ביז 1876), וואָס ווערן יעהרליך ארויסגע־שיקט ווי פארשיקטע קאָלאָניסטען, — דאָס הייסט, וואָס דארפען באזעצט ווערן אין סיביר, מיט דעם פארלוסט פון אלע אָדער איי־ניגע פערזענליכע און ציווילע רעכט. צו אָט די פארשיקטע קאָ־לאָניסטען, אָדער איינפאך קאָלאָניסטען, ווי מען רופט זיי געוועהנ־ליך, דארף מען נאָך צוגעבען 28,383, וואָס זיינען ארויסגעשיקט געווארן אין דיזעלביגע צעהן יאָהר אויף צו באזעצען זיי, מיט א פארלוסט פון אייניגע ציווילע רעכט; 2,551 ארויסגעשיקטע אויף צו וואוינען דאָרט אָהן דעם פארלוסט פון רעכט, און 76,686 ארויס־געשיקטע אין פארלויף פון דעמזעלביגען פעריאָד אויף אן אדמי־ניסטראטיווען אופן. אויף אזא אופן דערגרייכט די אלגעמיינע צאָהל פון פארשיקטע פון אָט דער קאטעגאָריע פאר דעם צעהן-יאָהר־ריגען פעריאָד כמעט 130,000 מענשען. אין פארלויף פון די לעצטע פינף יאָהר האָט זיך אָט די ציפער נאָך פארגרעסערט, ווארים זי האָט דערגרייכט ביז 17,000 מענשען א יאָהר.

מיר איז שוין אויסגעקומען צו רעדען אנדערשוואו אין אט דעם בוך וועגען דעם כאראקטער פון יענע „פארברעכען״, פאר וועלכע אט די מאסע מענשען ווערט ארויסגעוואָרפען פון רוסלאנד. וואס אנבאטרעפט זייער לאגע אין דעם דאָזיגען גלות־לאנד, האָט זי זיך ארויסגעוויזען אזוי טרויעריג, אז אין די לעצטע יאָהרען איז וועגען דער פראגע אויסגעוואקסען א גאנצע אָפּטיילונג פון דער ליטעראטור, וואָס האָט זיך פארנומען מיט אויפדעקען די שרעקען פון דער פארשיקונג. מען האָט וועגען דעם באשטימט ספּעציעלע אויספאָרשונגען; עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרען א מאסע ארטיקלען וועגען דער פראגע פון די רעזולטאטען פון דער ארויס־שיקונג אין סיביר, און זיי זיינען אלע געקומען צום פאָלגענדען שלוס: מיט דער אויסנאם פון באזונדערע פאלען, ווי, צום ביי־שפּיל, דעם אויסגעצייכענטען איינפלוס פון די פּוילישע און רוסישע פּאָליטישע פארשיקטע אויף די אנטוויקלונג פון מלאכות אין סיביר און וועגען אַן עהנליכער ווירקונג פון די סעקטאנטען און אוק־ראינער (וואָס פלעגען ארויסגעשיקט ווערן אין סיביר גאנצע וואָ־לאָסטען מיט אמאָל) אויף די אנטוויקלונג פון ערד־ארבייט, — איבערלאָזענדיג אַן א זייט אָט די ווייניגע אויסנאַמען, זעהען מיר, אז אָנשטאָט צוצושטעלען אין סיביר ניצליכע קאָלאָניסטען און געניטע בעלי־מלאכות, גיט אָט די אונגעהויערע מאסע פארשיקטע נאָר א וואנדערענדע באפעלקערונג, וואָס באשטעהט מעהרסטענ־טיילס פון בעטלער און איז ניט פעהיג צו קיין שום ניצליכער אר־בייט (זעה די ווערק און ארטיקלען פון מאקסימאָוו, לוואָוו, זאוואלישין, ראָווינסקי, יאדרינצעוו, פּעיזען, דר. שפּערך און א סך אנדערע, און אויך אויסצוגען פון אָפיציעלע אויספאָרשונגען, וואָס ווערן געבראכט אין יענע ווערק.)

סומירענדיג די רעזולטאטען פון די אויבענדערמאָנטע אר־בייטען, געפינען מיר, אז כאָטש פון 1825 ביז 1885 זיינען קיין סיביר פארשיקט געוואָרען מעהר פון א האלבען מיליאָן מענשען, זיינען פון זייער צאָהל אין 1885 איינגעשריבען געוואָרן אין דער אָרטיגער באפעלקערונג ניט מעהר ווי 200,000. די איבעריגע זיי־נען אָדער געשטאָרבען, ניט איבערלאָזענדיג נאָך זיך קיין קינדער, אָדער זיי זיינען שפּורלאָז פארשוואונדען. און אפילו פון די 200,000, וואָס פיגורירן אין די אָפיציעלע ליסטען, זיינען ניט

ווענינגער פון א דריטעל, ד. ה. ארום 70,000 (און אפילו מעהר, נאך אנאנדער רעכנונג) פארשוואונדען אין פארלויף פון די לעצטע עטליכע יאהר, מען וויים ניט וואוהין. זיי זיינען פארפלויגען, ווי א וואלקען אין א הייסען זומערדיגען טאג. א טייל פון זיי זיינען אנטלאפען און צוגעשטאנען צו דעם שטראם וואגאבונדען, וואס צעהלט ארום 20,000 מענשען, וואס געהט לאנגזאם און שווייגענדיג דורך די סיבירער טאיגא פון מזרח אויף מערב, אין דער ריכטונג פון אוראל. אנדערע, — און דאס איז די מעהרהייט, — האבען מיט זייערע ביינער פארזייט די „וואגאבונדען שטעגען" איבער דער טאיגא און זומפען און וועגען, וואס פיהרן צו די גאלדקוואלען און צוריק. די איבעריגע שטעלען צונויף די וואגאבונדען באפעלקערונג פון די גרויסע שטעדט, וואס זוכט אויסצומיידען די לעסטיגע פאליציי־אויפזיכט מיט דער הילף פון פאלשע פאספארטען און דערגלייכען.

וואס אנבאטרעפט די 130,000 פארשיקטע (נאך אנאנדער רעכנונג איז די ציפער א סך קלענער), וואס בלייבען אונטער דעם קאנטראל פון דער אדמיניסטראציע, זיינען זיי, לויט דעם עדותזאגען פון אלע אויספארשער, אפיציעלע און פריוואטע, א לאסט פאר'ן לאנד, צוליב דער בעטלערשער לאגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך. אפילו אין די פרוכטבארסטע גובערניעס פון סיביר, — ווי, צום ביישפיל, טאמסקער און דער דרום'דיגער טייל פון טאבאלסקער גובערניע, — האבען נאר א פערטעל פון דער גאנצער צאהל פארשיקטע אייגענע הייזער, און נאר איינער פון ניין באשעפטיגט זיך מיט ערד־ארבייט. אין די מזרח'דיגע גובערניעס איז דער פראצענט נאך קלענער. די איבעריגע פארשיקטע, וואס באשעפטיגען זיך ניט מיט ערד־ארבייט, — און אזעלכע צעהלען זיך אין גאנץ סיביר ארום 100,000 מענער און פרויען, — וואנדערן געוועהנליך פון שטאט צו שטאט אהן א שטענדיגער באשעפטיגונג, געהען אויף די גאלד־קוואלען און צוריק, אדער שלאגען זיך ווי עס איז דורך פון טאג צו טאג איבער די דערפער אין אן אומבאשרייבליכער ארימקייט, ליידענדיג פון אלע שלעכטע געוואוינהייטען, וואס זיינען דער אונפארמיידליכער רעזולטאט פון ארימקייט.*)

*) זעה ביילאגע „א".

די געצוואונגענע פוילקייט אין פארלויף פון עטליכע יאהר אין די אָרטיגע אָסטראָגען; די געוועהנהייט צום אזארטען קאָרטען-שפיל, וואָס אנטוויקעלט זיך אין די אָסטראָגען; די סיסטעמאטישע אונטערדריקונג פון דעם ארעסטאנט׳ס ווילען און די אנטוויקלונג פון פאסיוויטעט זיינען א דירעקטער היפוך פון דער מאָראלער קראפט, וואָס פאָדערט זיך פאר אן ערפאָלגרייכע קאָלאָניזירונג פון דעם יונגען לאנד. די מאָראלע צופאלונג, דער פארלוסט פון ווילען, די אנטוויקלונג פון נידעריגע ליידענשאפטען, קליינליכע פארלאנגען און אנטי-געזעלשאפטליכע אידעען, וואָס די געפענגנים ברענגט מיט זיך, — דאָס אַלץ מוז מען נעמען אין אכט, כדי פולשטענדיג אָפּצושאצען די גאנצע טיפקייט פון דער פארדארבונג, וואָס אונזערע געפענגניסען פארשפרייטען, און צו פארשטעהן, פארוואָס די געוועזענע איינוואוינער פון אָט די שטראף אינסטיטוציעס פארלירן אויף שטענדיג די פעהיגקייט אָנצופיהרן א שווערן קאמף פאר דער עקזיסטענץ אין דער רוסישער קאָלאָניע, וואָס ליגט ביים פּאָלארן קרייז.

אָבער די געפענגנים צושטערט ניט נאָר דעם ארעסטאנט׳ס גייסטיגע קרעפטען; זיינע פיזישע קרעפטען ווערן מעהרסטענטיילס אויך אונטערגעגראבען פון דער לאנגער וואנדערונג איבער עטאפּען און פון דער קאטאָרזשנער ארבייט. א סך ארעסטאנטען באקומען אונהיילבארע קראנקהייטען, און כמעט אַלע זיינען פיזיש שוואך. וואס אנבאטרעפט די דאָזיגע, ווען עס איז אויסגעקומען צו פארברענגען כמעט 20 יאָהר אויף קאטאָרגא (א פארזוך צו אנטלויפען ברענגט ניט זעלטען דעם טערמין פון קאטאָרגא ביז צו אזא הויך), זיינען זיי אין דער גרעסטער מעהרהייט אינגאנצען ניט פעהיג צו א וועלכער עס איז ארבייט. אפילו ווען זיי זאלען לעבען אונטער די בעסטע באדינגונגען, וועלען זיי אַלץ זיין א לאסט אויף דער געזעלשאפט. אָבער די באדינגונגען, אונטער וועלכע דעם קאָלאָניסט קומט אוים צו ארבייטען, זיינען זעהר שווער. מען שיקט איהם אין א וועלכען עס איז פארוואָרפענעם דאָרף, וואו מען טיילט איהם איין ערד, — געוועהנליך די ערגסטע אין גאנצען דאָרף, — און ער דארף זיך פארוואנדלען אין אן ערד-ארבייטער. אין דער אמת׳ען אָבער האָט גאָר אזא קאָלאָניסט קיין באגריף ניט וועגען די באדינגונגען פון ערד-ארבייט אין סיביר, און אָפּזייענדיג

דריי־פיער יאָהר אין געפענגניס, האָט ער אויסערדעם פארלאָרן יעדע ליעבע צו אזא מין ארבייט, אויב אפילו ער האָט זיך מיט איהר פריהער באַשעפטיגט. די פויערשע געמיינדע באַגעגענט איהם מיט פיינדשאַפט און פאראַכטונג. פאר איהר איז ער א „ראַסעיער" (רוסלענדער), דאָס הייסט, עפעס אַזוינס, וואָס איז פאראַכטליך אין א סיביריאַק'ס אויגען, און אויסערדעם איז ער א פאַרשיקטער! ער געהערט, פון דעם סיביריאַק'ס שטאַנדפונקט צו יענער גרויסער מאַסע „אומזיסטע פרעסער", וואָס אריבערפיהרן און אויפהאַלטען זיי קאָסט דעם סיבירער פויער אַזוי פיל הוצאות און זאָרג. מעהרס־טענטיילס איז א קאָלאָניסט ניט פאַרהייראַט און קאָן ניט חתונה האָבען, ווייל אויף זעקס פאַרשיקטע מענער קומט אויס נאָר איין פאַרשיקטע פרוי, און א סיביריאַק גיט איהם ניט אָפּ זיין טאָכטער, ניט קוקענדיג אויף די לאָקענדיגע פופציג רובעל, וואָס די מלוכה גיט אין אַזעלכע פאַלען ארויס, אָבער וואָס פאַרשווינדען געוועהנ־ליך אויף א העלפט אין די קעשענעס פון די באַאמטע, איידער דאָס געלט דערגרייכט דעם באַשטימטען אָרט. סיביר קאָן זיך ניט באַ־קלאָגען אויף די אפּוועזענהייט פון ביוראָקראַטישע טרוימער, וואָס האָבען, צום ביישפּיל, געהייסען די אָרטיגע פויערים בויען היי־זער פאר די קאָלאָניסטען, און האָבען זיי באַזעצט אין גרופּען פון פינף־זעקס מענשען, טרוימענדיג צו באַשאַפען אויף אַזאַ אופן א דאָרף אידיליע פון פאַרשיקטע־קאָלאָניסטען. אַלע אַזעלכע פּלענער האָבען זיך געוועהנליך געענדיגט מיט א דורכפאַל. פינף קאָלאָ־ניסטען פון זעקס, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן געצוואונגען געוועזן צו לעבען צוזאַמען, האָבען לאַנג ניט געקאָנט אויסהאַלטען, און נאָך א נוצלאָזען קאַמף מיט'ן הונגער, פלעגען זיי אַנטלויפען אונ־טער א פרעמדען נאָמען אין די שטעט, אָדער זיי פלעגען געהן זוכען ארבייט אויף די גאָלד־קוואַלען. גאַנצע דערפער פון ליי־דיגע הייזער אויף דעם גרויסען סיבירער וועג דערמאָנען ביז איצט די רייזענדע וועגען דער פרוכטלאָזיגקייט פון אָפיציעלע אוטאָפּיעס, וואָס ווערן דורכגעפיהרט מיט דער הילף פון בעריאָ־זאָווע ריטער.

דעם מזל פון די קאָלאָניסטען, וואָס ארבייטען ביים סיבירער פויער, איז אויך ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. דאָס גאַנצע סיסטעם פון אָנדינגען ארבייטער אין סיביר איז געבויט אויף ארויסגעבען

זיי האָנט־געלט, כדי צו מאַכען פון זיי אייביגע בעלי־חובות און האַלטען זיי אויף אַזאַ אופן אין אַ צושטאַנד פון שטענדיגער קנעכטשאַפט. די סיבירער פּויערים האַלטען געוועהנליך גראָד פון אַט דעם סיסטעם ביים אָנדינגען אַרבייטער. וואָס אַנבאַטרעפט די פאַרשיקטע, וואָס שטעלען צונויף אַ זעהר גרויסען פּראָצענט פון דער גאַנצער פאַרשיקטער באַפעלקערונג, און וואָס באַקומען זייערע לעבענסמיטלען דורך אַרבייטען אויף די גאָלד־קוואַלען, פאַרלירן זיי אַלע זייערע פאַרדינסטען, ווי נאָר זיי קומען צו צום ערשטען דאָרף און ערשטען שענק, כאָטש די פאַרדינסטען זיינען דער רעזולטאַט פון אַ 4־5 מאָנאַט אַרבייט — באמת קאַטאָרזשנער אַרבייט, מיט אַלע איהרע צרות. די דערפער אויף דער לענאַ, יעניסעי, קאַן, א. אז. וו., וואוהין די אַרבייטער קומען אין הערבסט אַרויס אויף די גאָלדקוואַלען, האָבען אין אַט דער הינזיכט אַ גרויסען שם. ווער קען דאָס ניט אין מערב־סיביר צוויי מיזעראַבעלע פאַרוואָרפענע דערפלאַך אויף דער לענאַ, וואָס טראָגען די קלינגענדע נעמען פּאַריז און לאָנדאָן, צוליב דער באַריהמטער קונסט פון זייערע איינוואוינער אויסצולייידיגען די קעשענעס פון די אַרבייטער, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון די גאָלדקוואַלען? ווען אַן אַרבייטער פאַרהוליעט אין שענק זיין פאַרדינסט ביז דער לעצטער קאָפּיקע און לאָזט איבער דעם שענקער אפילו זיין היטעל און העמד, דינגען איהם באַלד אָן די מענשען פון דעם גאָלד־הענדלער אויף דעם קומענדיגען זומער, און אַנשטאַט זיין פּאַספּאָרט באַקומט ער האַנט־געלט פאַר דעם צוקונפטיגער אַרבייט, און מיט דעם געלט נעהט ער אַהיים, אָבער אָפט גיט ער עס אויס ביז דער לעצטער קאָפּיקע אויפ'ן וועג. ער קומט אויף אַזאַ אופן אין דאָרף מיט ליידיגע הענט, און ניט זעלטען פאַרברענגט ער די לאַנגע ווינטער מאָנאַטען אין דעם נאָהענטסטען אָסטראָג! קורץ, אַלע אָפיציעלע אויספאָרשונגען, ביז צו דער איצטיגער צייט, ווייזען אָן, אַז די וויניגע פאַרשיקטע, וועמען עס איז געלונגען זיך איינצואָרדנען ווי „בעלי־בתים", לעבען אין דער שרעקליכסטער אָרימקייט. די איבעריגע, וואַרפענדיג די ערד, פאַרוואַנדלען זיך אין קנעכט אויפ'ן דינסט ביים שטרענגען סיבירער פּויער און די גאָלד־הענדלער, אָדער, — רעדענדיג מיט די ווערטער פון אָפיציעלען באַריכט, — „זיי שטאַרבען פון קעלט און הונגער."

די טאיגא (אוראלטע וועלדער, וואס באדעקען הונדערטער טויזענדער קוואדראט ווערסט אין סיביר) איז געדיכט באפעלקערט מיט אנטלאפענע, וואס קלייבען זיך שטילערהייד אין דער ריכטונג פון מערב. אט דער אונאויפהערליכער שטראם פון מענשען ווערט באוועגט פון דער האפנונג צו דערגרייכען די היים־דערפער, וואס געפינען זיך אויף יענער זייט אוראל. ווי נאר דער קוקו זאגט אן, אז די וועלדער האבען זיך באפרייט פון זייער שנייאיגען צודעק, אז זיי וועלען איינגיכען קאנען געבען דעם וואנדערער שוואמען און יאג־דעס, אנטלויפען די פארשיקטע אין די טויזענטער פון די גאלד־קוואלען און זאלץ־פאבריקען, פון די דערפער, וואו זיי האבען גע־הונגערט, און פון די שטעט, וואו זיי האבען זיך באהאלטען אונ־טער פרעמדע נעמען. געפיהרט פון דעם פאלארען שטערן, פון דעם מאך אויף די בוימער, אדער האבענדיג פאר וועגווייזער אלטע וואגאבונדען, וואס האבען אין די געפענגניסען גרינדליך אויסגע-שטודירט די קאמפליצירטע און וויכטיגע וויסענשאפט פאר דעם פליכטלינג — די וויסענשאפט וועגען „וואגא־בונדען שטעגען" און „וואגאבונדען סטאנציעס", — לאזען זיי זיך אוועק אין לאנגען און געפעהרליכען וועג צוריק. זיי נעהען ארום דעם באיקאלער ים, ארויפקלייבענדיג זיך אויף הויכע און ווילדע בערג ביי זיינע ברעגען, אדער זיי קלייבען זיך אריבער איבער'ן באיקאל אויף א פליט, אדער אפילו, ווי עס ווערט דער־צעהלט אין א פאלקס־ליד, אין א פיש־פעסעל. זיי מיידען אוים אויף אלערליי אופנים די גרויסע וועגען, שטעט און בוריאטישע דערפער, כאטש ניט זעלטען מאכען זיי א לאגער אין די וועלדער, לעבען שטעט. יעדען פריהלינג קאן מען אין טשיטא זעהן די פייערען פון די „וואגאבונדען", וואס פלאקערן אויף ארום דער קליינער הויפטשטאדט פון זאבאיקאלער געגענט אויף די בא־וואלדטע זייטען פון די ארומיגע בערג. זיי קומען אויך פריי אריין אין די רוסישע דערפער, וואו עס איז נאך ביז היינטיגען טאג פארבליבען דער מנהג ארויסצושטעלען אויף'ן פענסטער ברויט און מילך פאר די „אומגליקליכע".

אויב די פליכטלינגען פארנעמען זיך ניט אין וועג מיט גנבות, שטערן זיי די פויערים ניט אין זייער וועג. אבער ווי נאר איינער פון די וואגאבונדען האלט נישט דעם געגענזייטיגען שטילען אפ־

מאך, ווערן די סיביריאקעס גרויזאם. די „אינדוסטריעלע" (יעגער), — און אזעלכע זיינען ניט ווייניג פאראן אין יעדען סי־בירער דארף, — צושיטען זיך איבער דער טאיגא און פארניכ־טען די וואגאבונדען אהן רחמנות, דערגעהענדיג אמאל ביז צו א ראפינירטער גרויזאמקייט. מיט ארום דרייסיג יאהר צוריק איז דער געיעג אויף די רויבערס געווען א מין אינדוסטריע; איבריגענס, אזא מין געיעג אויף מענשען בלייבט נאך ביז איצט אן אינדוסטריע, מיט וועלכער עס פארנעמען זיך מעהרסטענטיילס די „קארימעס", א געמיש פון איינגעבארענע און רוסען. „פון א הירש באקומט מען נאר איין פעל, — זאגען אט די יעגער, — אבער פון א „הויקער" ווענינגסטענס צוויי: דאס העמד און די פעל." איי־ניגע וואגאבונדען געפינען ארבייט אויף די פויערשע געדונגענע פעלדער, וואס ליגען ווייט פון די דערפער, אבער די מעהרסטע פון זיי מיידען אויס אזא מין ארבייט, ווייל זומער איז די באקוועמסטע צייט צו געהן אין דער ריכטונג פון מערב: די טאיגא נעהרט און באהאלט די וואגלער אין דער ווארימער צייט פון יאהר. אמת, זי ווערט אין דער צייט אנגעפילט מיט גאנצע וואלקענס פון קא־מארעס, און די וואגאבונדען, וואס מען באגעגנט זומער, האבען א שרעקליכען אויסזעהן: זייערע געזיכטער זיינען איין געשווא־לענע וואונד; די אויגען זיינען אנטצונדען און כמעט פארמאכט אונטער די אויפגעבלאזענע, אויפגעשוואלענע אויגען־דעקלאך; די נאזפליגעל און ליפען זיינען באדעקט מיט אייטערענדיגע וואונדען. אין סיביר ווערען סאי מענשען, סאי בהמות משוגע־ווילד פון די ליידען וואס די קאמארעס פארשאפען זיי. ניט קוקענדיג אויפ'ן רויך פון די פאנאנדערגעלייגטע פייערען, דרינגען די קאמארעס דורך אומעטום. אבער דער וואגאבונד זעצט אונערמידליך פאר זיין וועג צו די בערגשפיצען, וואס טיילען אפ סיביר פון רוסלאנד, און מיט פרייד קלאפט זיין הארץ, ווען ער דערזעהט ווידער זייערע בלוילבע קאנטורען אויפ'ן האריזאנט. ארום 20,000 און אפשר 30,000 מענשען פיהרן שטענדיג אזא לעבען, און ניט ווייניגער פון הונדערט טויזענט האבען אויף אזא אופן געפרואווט קומען צוריק אהיים אין פארלויף פון 50 יאהר (פון 1835 ביז 1885). וויפיל פון זיי איז געלונגען צו קומען אין רוסלאנד? קיינער האט אפילו קיין באגריף ניט וועגען דעם. טויזענטער זיינען געשטאר־

בען אין דער טאיגא, און גליקליך זיינען געוועזן די, וועמען טרייע חברים־וואָגלער האָבען פארמאכט די אויגען. אנדערע טויזענטער האָבען געמוזט זוכען שוץ אין די אָסטראָגען, ווען זיי פלעגט פאר־כאפּען אין וועג דער שטרענגער סיבירער ווינטער, בעת אפילו קוועקזילבער ווערט פארפראָרן. די אויסגעמאטערטע קערפּערס פון די אומגליקליכע וואגאבונדען קענען אזא קעלט ניט אריבערטראָגען. פאר דעם ניט געלונגענעם פארזוך צו אנטלויפען ווערן זיי באשטראָפט מיט די אונפארמיידליכע הונדערט שמיץ מיט דער בייטש און ווערן צוריק אומגעקערט אין זאבאיקאלער גע־גענט. דעם קומענדיגען פריהלינג, באררייכערט מיט דער ער־פאהרונג פון דעם דורכפאל, לאָזען זיי זיך ווידער אוועק אויף דעם־זעלביגען וועג. טויזענטע וואגאבונדען ווערן פארפאָלגט, גע־כאפּט אָדער געטויט פון די בוריאטען, קארימעס און סיבירער אינ־דוסטריעלע יעגער. איינינע ארעסטירט מען עטליכע טעג נאָכ־דעם, ווי זיי האָבען באטראָטען דעם באָדען פון זייער „מוטער־רוס־לאנד”, ווען זיי האָבען קוים באוויזען ארומצונעמען די אלטע על־טערן, א קוק צו טאָן אויף זייער דאָרף, וואָס זיי האָבען פארלאָ־זען מיט א סך יאָהרען צוריק, אָפטמאָל נאָר דערפאר, וואָס זיי האָבען ניט געטאָן דעם ווילען פון דעם איספּראַווניק, אָדער האָבען ארויסגערופען דעם צאָרן פון אן אָרטיגען „קולאק”... וואָס פאר א תהום פון ליידען באהאלט זיך אונטער די דריי ווערטער „אַנט־לויפען פון סיביר”!

---

איך געה איצט איבער צו דער לאגע פון די פּאָליטישע פאר־שיקטע אין סיביר. עס פארשטעהט זיך, אז איך נעהם זיך ניט אונטער צו דערצעהלען אויף אָט די זייטען די געשיכטע פון דער פּאָליטישער פארשיקונג, אָנהויבענדיג פון 1607, ווען איינער פון די פּאָטערס פון דער איצטיגער קייזערליכער דינאסטיע, וואסילי ניקיטיטש ראָמאנאָוו, איז געוועזן דער ערשטער פון אן אונענדלי־כער רייה פּאָליטישע פארשיקטע (ער האָט געענדיגט זיין לעבען אין דער אונטערערדישער געפענגניס אין נירדאָב, אין קייטען, וואָס האָבען געוואויגען 64 פונט). איך וויל זיך ניט אָפּשטעלען אויף דער טראגישער געשיכטע פון די בארסקער קאָנפעדעראטען, וואָס זיינען אָנגעקומען אין סיביר מיט אָפּגעשניטענע נעזער און אוי־

ערען, און וואָס זיינען, ווי די לעגענדע דערצעהלט, ארונטערגע־
וואָרפען געוואָרן פון דער הויכער וואַנט פון טאָבאָלסקער קרעמל,
מיט קלעצער צוגעבונדען צו זיי. איך וועל ניט דערצעהלען לאַנג
וועגען די פאַרברעכענס פון דעם משוגע'נעם טרעסקין און דעם איס־
פּראַווניק לאָסקוטאָוו; איך וועל נאָר דערמאָנען וועגען דער עק־
זעקוציע פון 7טען מערץ 1837, ווען די פּאָליאַקען שאָקאַלסקי,
סעראָטשינסקי און פיער אַנדערע זיינען געשטאָרבען אונטער די
שמיץ פון שפּיצרוטענס. איך וועל ניט באַשרייבען די ליידען פון
די דעקאַבריסטען און די פּאָליטישע פאַרשיקטע פון די ערשטע
יאָהרען פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. איך וועל דאָ ניט אויס־
רעכנען די נעמען פון אַלע אונזערע פּאָעטען און פּובליציסטען,
אָנהויבענדיג פון ראַדישטשעוו'ן און זיין צייט און ביז אָדאָיעוו־
סקי'ן און שפּעטער טשערנישעווסקי'ן און מיכאַילאָוו'ן. איך וועל
דאָ זיך באַגרעניצען נאָר מיט באַשרייבען די לאַגע פון די פּאָליטישע
פאַרשיקטע, וואָס האָבען זיך געפונען אין סיביר אין 1883.

קאַרא איז דער פאַרהאַפטונגס אָרט פאַר די פּאָליטישע, וואָס
זיינען פאַראורטיילט אויף קאַטאָרגע, און אין הערבסט 1882 זיי־
נען דאָרט געווען 150 פּאָליטישע מענער און פרויען. נאָכדעם
ווי זיי זיינען אָפּגעווען פון צוויי ביז פיר יאָהר אונטער אויספאָר־
שונג אין פּעטראָפּאַוולאָווסקאַיאַ קרעפּאָסט, אין דעם באַריהמטען
ליטווישען שלאָס, אין פּעטערבורגער הויז פון פּרעלימינערער
פאַרהאַפטונג און אין די פּראָווינציעלע געפענגניסען, האָט מען
זיי נאָכ'ן פּראָצעס אַריינגעזעצט אין כאַרקאָווער צענטראַלע גע־
פענגנים, אין וועלכער זיי זיינען אָפּגעזעסען פון דריי ביז פינף
יאָהר, ווידער אין איינצעל־פאַרהאַפטונג, ניט האָבענדיג קיין מעג־
ליכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט אַ פיזישער אָדער גייסטיגער אַר־
בייט. באַלד נאָכדעם האָט מען זיי אַריבערגעפיהרט אויף עטליכע
מאָנאַטען אין מצענסקער איבערשיקונגס געפענגנים, וואו מען האָט
זיי באַהאַנדעלט אַ סך בעסער, און ענדליך האָט מען זיי פאַרשיקט
אין זאַבאַיקאַלער געגענט. די מעהרסטע פון זיי האָבען דורכגע־
מאַכט די רייזע אויף קאַראַ אונטער די באַדינגונגען, וואָס איך
האָב פריהער באַשריבען, — הינטער טאָמסק האָבען זיי געמוזט
געהן צופוס אין קייטען. אייניגע פון זיי האָבען פון די באַאַמטע
באַקומען די ערלויבניש צו באַנוצען זיך מיט פוהרען, אויף וועלכע

זיי האָבען זיך לאַנגזאַם געשלעפּט פון עטאַפּ צו עטאַפּ. אָבער אפילו אַט די, וואָס זיינען דאָך אין פאַרגלייך מיט זייערע צופוס־געהענדרע חברים געווען שוין גליקליכע, באַשרייבען די רייזע, ווי אַ רייה מאַטערנישען. זיי דערצעהלען: „מענשען זיינען פון זינען אראָפּ, ניט קענענדיג אריבערטראָגען די גייסטיגע און פיזישע ליי־דען פון וועג, אַזוי איז די פרוי פון דר. ביעלאָי, וואָס האָט באַ־גלייט איהר מאַן, משוגע געוואָרען; אויסער איהר האָבען נאָך צוויי־דריי חברים גענומען ליידען פון פּסיכישע קראַנקהייטען.״

די געפענגנים, אין וועלכער עס ווערן אויפגעהאַלטען די פּאָ־ליטישע אויף דער מיטעלער קאַראַ, איז איינע פון יענע פּאַרעל־טערטע, דורכגעפוילטע געביידעס, וועגען וועלכע איך האָב אויבען גערעדט. זי איז שוין געווען איבערפילט, ווען אין איהר זיי־נען געווען נאָר 91 פּאָליטישע ארעסטירטע. ווען עס איז אָנגע־קומען אַ נייע פּאַרטיע פון 60 מענשען, איז שוין די איבערפילונג, נאַטירליך, אונגעהויער געשטיגען. ווינט און שניי דרינגען פריי אריין אין די שפּאַרעס, וואָס האָבען זיך געעפענט צווישען די צו־פוילטע קלעצער. צוליב עהנליכע שפּאַרעס אין דיל, בלאָזט פון אונטער איהם שרעקליך. די הויפּט שפּייז פון די ארעסטאַנטען איז שוואַרץ ברויט און רעטשקענע קאַשע. פלייש ווערט זיי גע־געבען נאָר דעמאָלט, ווען זיי ארבייטען ביי באַקומען גאָלד, דאָס הייסט איינגאַנצען אין פאַרלויף פון דריי מאָנאַטען דורכ׳ן יאָהר, און דעמאָלט באַקומען פלייש נאָר 50 מענשען פון 150. טראָץ דעם געזעץ און מנהג, זיינען זיי אַלע אין 1881 געשמידט געוואָרן אין קייטען און האָבען אפילו געאַרבייט אין די קייטען.

פאַר די פּאָליטישע איז ניטאָ קיין שפּיטאָל, און די ניט ווייניג קראַנקע בלייבען ליגען אויף די נאַרעס, לעבען די געזונטע, אין די־זעלביגע קאַלטע קאַמערען, אין דערזעלביגער שטיקענדיגער אַט־מאָספערע. אפילו די פּסיכיש קראַנקע מ. קאָוואַלעווסקאַיאַ האַלט מען נאָך ביז איצט אין געפענגנים. צום גליק האָבען די פּאָלי־טישע צווישען זיך אייגענע דאָקטוירים. וואָס אַנבאַטרעפט דעם געפענגנים דאָקטאָר, איז פאַר זיין כאַראַקטעריסטיק גענוג צו זאָ־גען, אַז מ. קאָוואַלעווסקאַיאַ׳ן האָט מען אין זיין אַנוועזענהייט, בעת אַן אָנפאַל פון איהר משוגעת, געוואָרפען אויפ׳ן דיל און שרעקליך געשלאָגען. די פרויען פון די פּאָליטישע ארעסטאַנטען

איז ערלויבט צו וואוינען אויף דער נידעריגער קארא און באזוכען זייערע מענער צוויי מאָל א וואָך און ברענגען זיי ביכער. א באַדייטענדע צאָהל פון די פארשפארטע שטארבען מיט א לאנגזאַמען טויט, מעהרסטענטיילס פון אויסצערונג, און דער פּראָצענט פון שטערבליכקייט וואקסט שנעל.

די שרעקליכסטע זייט פון דער קארער קאטאָרגע איז דער אונבאגרענעצטער ווילקיר פון די געפענגנים באאמטע. די ארעסטאנטען הענגען איינגאנצען אָפּ פון די קאפּריזען פון מענשען, וואָס די מאכט באשטימט ספּעציעל „צו האלטען זיי אין דער שטרענגסטער דיסציפּלין." דער פארוואלטער פון דער קריגס קאָמאנדע אויף קארא זאָגט אָפען, אז איהם וואָלט געפרעהט, ווען א „פּאָליטישער" וואָלט איהם באליידיגט, ווייל מען וואָלט דעם באַליידיגער אויפגעהאנגען. דער געפענגנים ארצט היילט די ארעסטאנטען מיט דער הילף פון די פויסטען. דעם גענעראל־גובערנאַטאָר'ס אדיוטאנט, קאפּיטאן זאגארין, האָט אויף דער דראָהונג פון די ארעסטאנטען, אז זיי וועלען שיקען א קלאגע צום יוסטיץ־מיניסטער, הויך ערקלערט: „איך בין אייער גובערנאטאָר, אייער מיניסטער, אייער צאר!" עס איז גענוג צו באקענען זיך מיט דער געשיכטע פון דעם בונט אין קראסנאָיארסקער געפענגנים, וואָס דערזעלביגער קאפּיטאן זאגארין האָט ארויסגערופען, צו איַבערצייגען זיך, אז אנשטאט צו געפינען זיך אין מלוכה־דינסט וואָלט אזא הערר געדאַרפט זיצען אין א משוגעים־הויז. אפילו די פּאָליטישע פרויען האָבען געמוזט ליידען פון זיין גראָבקייט: ער פלעגט אין זיי באליידיגען אפילו דאָס געפיהל פון שעמעוודיגקייט. אָבער ווען שטשעדרין, פארטיידיגענדיג זיין כלה, האָט זאגארינ'ען געגעבען א פּאטש, האָט איהם א קריגס־געריכט פאַראורטיילט צום טויט. גענעראל פּעדאשענקאָ האָט געהאנדעלט לויט דער הויך־ארויסגעזאָגטער מיינונג פון דער גאנצער איר־קוטסקער געזעלשאפט, פארבייטענדיג דעם טויט־אורטייל מיט א צוויי־וואָכיגען ארעסט אין קארצער, אָבער, צום באדויערען, האָבען וועניג רוסישע באאמטע די דרייסטקייט פון דעם שטעל־פארטרעטער פון דעם מזרח־סיבירער גענעראל־גובערנאטאָר. קארצערס, קייטען, צושמידען צו דער טאטשקע, — דאָס זיינען די געוועהנליכע שטראָפען, און דערצו נאָך די אייביגע דראָהונגען פון „א

הונדערט שמיץ מיט דער בייטש", — „איך וועל פאַרשמייסען ביז טויט! איהר וועט ביי מיר פאַרפוילט ווערען אין קאַרצער!" — הערן שטענדיג די אַרעסטאַנטען די געשרייען פון די באַאמטע. אָבער צום גליק ווערט די קערפּערליכע באַשטראָפונג ניט אָנגע־ווענדעט אויף פּאָליטישע. די פופציג־יאָהריגע ערפאַהרונג האָט נעלערענט די באַאמטע, אַז דער טאָג, ווען זיי וואָלטען געוואָלט אָנווענדען אזא באַשטראָפונג אויף פּאָליטישע אַרעסטאַנטען, וואָלט געוועזן „אַ טאָג פון גרויסער בלוט־פאַרגיסונג", ווי עס דריקען זיך איים די אַרויסגעבער פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", באַשרייבענדיג דאָס לעבען פון זייערע פריינד אין סיביר.*)

די פאַרשריפטען פון געזעץ, אין באַצוג אויף פאַרשיקטע, ווערן אָפען איגנאָרירט ווי פון די העכערע, אזוי אויך פון די נידעריגערע באַאמטע. אזוי, צום ביישפּיל, האָט מען אוספּענסקי'ן, טשארושין'ען, סעמענאָווסקי'ן און שישקאָ'ן אַרויסגעלאָזען אין די פרייע קאָמאַנדעס אין דאָרף קאַרא, פאַר אַן „אויספּרואוו", לויט'ן געזעץ. אָבער אין 1881, נאָך אַ מיניסטערישען באַפעהל, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרן צוליב אונבאַקאַנטע אורזאַכען, האָט מען באַשלאָסען זיי אַריינצוזעצען צוריק אין געפענגניס.

האָבענדיג זיך איבערצייגט אויף אזא אופן, אַז די פּאָליטישע קאַטאָרזשאַנעס זיינען אויסער דעם געזעץ, און אַז די האָפנונגען אויף אַ בעסערע לאַגע זיינען אומזיסט, האָבען צוויי קאַרער באַנאַנגען זעלבסטמאָרד. אוספּענסקי, וואָס האָט זיך געמאַטערט אויף קאַטאָרזשנע ארבייטען פון 1872 אָן, וואָס האָט פעסט אַריבערגעטראָגען אַלע צרות פון קאַטאָרגא, וועמעס ווילענסקראַפט קיין זאַך האָט ביז דאַן ניט געקאָנט ברעכען, האָט נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון זיינע צוויי חברים. ווען די פּאָליטישע אויף קאַרא וואָלטען געוועזן געוועהנליכע קרימינעלע מערדער, וואָלטען זיי פאַרט געהאַט די האָפנונג, אַז נאָך זיבען — צעהן — צוועלף יאָהר קאַטאָרזשנע אַרבייט וועט מען זיי סוף כל סוף אַרויסלאָזען פריי און אַריבערפיהרן אין אַ וועלכע עס איז גובערניע פון דרום סיביר, און זיי וועלען אויף אזא אופן ווערן, לויט'ן געזעץ, קאָלאָניסטען. אָבער געזעצען זיינען געשריבען געוואָרן ניט פאַר פּאָלי־

*) דאָס איז געשריבען געוואָרן פאַר דעם באַקאַנטען פאַל מיט סיגידאַ'ן.

טישע... נ. ג. טשערנישעווסקי האָט שוין אין 1871 געהאט אָפּ־געזעסן 7 יאָהר אויף קאטאָרגע, לויט'ן ווערדיקט פון געריכט. ווען ער וואָלט ערמאָרדעט זיין פאָטער און מוטער, אָדער ער וואָלט אונטערגעצונדען אַ הויז מיט אַ האַלבען טוץ קינדער, וואָלט מען איהם נאָך דער קאטאָרגע באַזעצט אין אַ וועלכען עס איז דערפעל אין אירקוטסקער גובערניע. אָבער ער האָט געשריבען אַרטיקלען אויף עקאָנאָמישע פראגען; ער האָט זיי געדרוקט... מיט דער ער־לויבניש פון דער צענזור; די רעגירונג האָט איהם גערעכענט פאַר אַ מעגליכען פיהרער פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער פּאַרטיי אין רוס־לאַנד: האָט מען איהם צוליב אָט די אַלע אורזאַכען באַגראָבען לעבעדיגערהייד אין אַ קליינינקען שטעטעל ווילויסק, וואָס גע־פינט זיך צווישען בלאָטעס און וועלדער 750 וויאָרסט הינטער יאַ־קוטסק. דאָרטען, איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט, שטענדיג אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון צוויי זשאַנדאַרמען, וואָס וואוינען אין איין שטיבעל מיט איהם, איז ער שוין אָפּגעזעסען גאַנצע יאָהרען, און ניט די אַגיטאַציע פון דער רוסישער פּרעס און ניט די רעזאָלוציעס פון די אינטערנאַציאָנאַלע ליטעראַרישע קאָנגרעסען האָבען איהם ניט געקאָנט אַרויסרייסען פון די הענט פון דער פּאַרדעכטיגענדיגער רעגירונג. דאָס זעלביגע שיקזאַל ער־וואַרט מסתמא אויך די „פּאָליטישע", וואָס געפינען זיך איצט אויף קאַרא. ווען עס וועט פאַר זיי אָנקומען די געזעצליכע צייט צו ווערן קאָלאָניסטען, וועט מען, אַנשטאַט באַפרייען זיי, אַריבער־פיהרען זיי פון דער זאַבאַיקאַלער געגענט, וואָס האָט אַ ווייכע־רען קלימאַט, ערגעץ וואו אין די טונדרעס פון פּאָלאַרען קרייז.

ווי שווער עס איז די לאַגע פון די קרימינעלע פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס אין סיביר, דאָך האָט די רעגירונג געפונען פאַר מעג־ליך צו באַשטראַפען אַזוי, אָדער נאָך ערגער די דאָזיגע פון איהרע פּאָליטישע שונאים, וועלכע זי האָט ניט געקאָנט, אפילו מיט דער הילף פון פאַלשע געריכטען, פאַרשיקען אויף קאַטאָרגע אָדער אין סיביר. זי דערגרייכט אָט דעם רעזולטאַט מיט דער הילף פון „אַדמיניסטראַטיווער פאַרשיקונג אָדער אַרויסשיקונג" אין די מעהר אָדער ווייניגער דערווייטערטע גובערניעס פון דער אימפּעריע אָהן אַן אורטייל, אפילו אָהן אַ סימן פון אַ וועלכען עס איז געריכט, פּשוט אויפ'ן באַפעהל פון דעם אַלמעכטיגען זשאַנדאַרמען שעף.

יעדעס יאָהר װערן פון 500 ביז 600 בחורים און מײדלעך ארעסטירט אויף א פאַרדאַכט אין רעװאָלוציאָנערער אגיטאַציע. די אויספאָרשונג דױערט פון זעקס מאָנאַטען ביז צװײ יאָהר און נאָך מעהר, לויט דער צאָהל ארעסטירטע אין דעם פּראָצעס און דער װיכטיגקייט פון דער באַשולדיגונג. ניט מעהר װי א צעהנטעל פון דער גאַנצער צאָהל ארעסטירטע װערט איבערגעגעבען צום גע־ריכט. די איבעריגע, אנטקעגען װעלכע מען קאָן ניט ארויסשטע־לען קיין באַגרינדעטע באַשולדיגונג, אָבער װעמען די שפּיאָנען האָבען ארעסטירט װי מענשען „געפעהרליכע", די אַלע, װאָס קאָנען מיט זייער שכל, ענערגיע און „ראַדיקאַלע אנזיכטען" װערן „געפעהרליך", און באַזונדערס די, װאָס האָבען אין געפענגנים, אין דער צייט פון דער אונטערזוכונג, ארויסגעװיזען א „גייסט פון אונאכטונג", אַט די אַלע װערן ארויסגעשיקט אין א װעלכען עס איז מעהר אָדער װעניגער דערװייטערטען, פּאַרװאָרפענעם אָרט, װאָס ליגט אויף'ן שטח צװישען קאָלאַ און קאַמטשאַטקאַ. ניקאָ־לאַי דער ערשטער האָט זיך ניט דערנידעריגט מיט אַזעלכע פּאָרי־סעאישע מיטלען פון פאַרפאָלגונג, און אין דער גאַנצער צייט פון דער הערשאַפט פון דעם „אייזערנעם דעספּאָט" איז די אדמיניס־טראַטיװע פאַרשיקונג פון א „פּאָליטישען" כאַראַקטער װעניג װאָס פּראַקטיצירט געװאָרן. אָבער אין דער צייט פון אלעקסאַנדער דעם צװייטענס הערשאַפט האָט מען זיך מיט איהר באַנוצט אַזוי שטאַרק, אַז עס װעט זיך איצט קוים געפינען א װעלכע עס איז שטאָט אָדער דאָרף העכער פון 55 גראַד געאָגראַפישער ברייט, אָנ־הויבענדיג פון די נאָרװעגישע גרענעצען און ביז די ברעגען פון אָכאָטסקען ים, װאו עס זאָלען ניט זיין קיין פינף, צעהן, צװאַנ־ציג אדמיניסטראַטיװע פאַרשיקטע. אין יאַנואַר 1881 האָבען זיי זיך געצעהלט 29 מענשען אין פינעגאַ, א דערפעל מיט 750 איינ־װאוינער, 55 אין מענזען (1800 איינװאוינער), 11 אין קאָלאַ (740 איינװאוינער), 47 אין כאָלמאָגאָר, א דערפעל, װאָס האָט אינגאַנצען 90 הייזער, 160 אין זאַראַיסק (פינף טויזענט איינ־װאוינער), 19 אין יעניסעיסק, א. אז. װ.

דער באַשטאַנד פון די פאַרשיקטע פון אָט דער קאַטעגאָריע איז אַלעמאָל דערזעלבער: סטודענטען און מײדלאך מיט א „פּאַרדאָר־בענער געזינונג", שרייבער, װעמען מען האָט אויף א געזעצליכען

ווענ ניט געקאָנט פּארפאַלגען פאר זייער ליטעראַרישע טעטיגקייט, וואָס זיינען אָבער, אין דער מיינונג פון די באאמטע, געווען אָנגע־שטעקט מיט'ן „געפעהרליכען גייסט"; ארבייטער, וואָס האָבען גע־וואגט צו „רעדען העזה'דיג" מיט די באאמטע; פּערזאָנען, וואָס האָבען ארויסגעוויזען „אונאכטונג" צום גובערנאַטאָר, א. אז. וו.,— אָט די אַלע ווערן יעהרליך פארשיקט אין די הונדערטער אין די פארוואָרפענע שטעטלאַך און דערפלאַך פון די „מעהר אָדער ווע־ניגער דערווייטערטע גובערניעס פון דער אימפּעריע". וואָס אנבאטרעפט מענשען פון א קלאָר־ראַדיקאַלער געזינונג, וואָס ווערן פארדעכטיגט אין „געפעהרליכע טענדענצען", איז געווען די אונ־זיניגסטע מסירה, דער אונבארעכטיגטסטער פארדאכט, אז מען זאָל זיי פארשיקען. מיידלאַך (ווי, צום ביישפּיל, בארדינא, סובאָ־טינא, ליובאַטאָוויטש, און א סך אַנדערע) זיינען פאראורטיילט געוואָרן אויף זעקס־אכט יאָהר קאַטאָרזשנע ארבייט מעהר ניט דערפאר, וואָס זיי האָבען געוואגט צו פארשפּרייטען סאָציאַלי־סטישע בראָשורען צווישען ארבייטער. עס איז אפילו גע־ווען אַזאַ פאַל, ווען די פערצעהן־יאָהריגע גוקאָווסקאַיאַ איז פאר־שיקט געוואָרן דערפאר, וואָס זי האָט צווישען עולם פּראָטעסטירט געגען דער הינריכטונג פון קאָוואלסקי. אויב קאַטאָרגא און פאר־שיקונג ווערן פון געריכטען באַשטימט פאר אַזעלכע האַנדלונגען, איז דאָך נאַטירליך, וואָס מען באַנוצט זיך מיט אדמיניסטראטיווער פארשיקונג בעת מען קאָן ניט, טראָץ אַלע אנשטרענגונגען, ארויס־ברענגען א וועלכע עס איז מעהר אָדער ווענינער באַגרינדעטע באַ־שולדיגונג*). קורץ, אין דער צייט פון אלעקסאַנדער דעם צווייטענס

---

*) פון די אונצעהליגע מוסטערען פון אַזאַ מין אַדמיניסטראַ־טיווען ווילקיר, וואָס זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרן אין 1881, ווען די פּרעסע האָט אַ קורצע צייט געהאַט פאַרהעלטניסמעסיגע פריהייט, וועל איך נאָר ברענגען איין ביישפּיל.

אין 1872 האָט דער קורסקער אַדעל געעהרט דעם אָרטיגען גובער־נאַטאָר מיט א מיטאָג. דעם גרויסען לאַנדבאַזיצער מ. אַנענקאָוו האָט מען באַפולמעכטיגט צו זאָגען א טאָסט לכבוד דעם גובערנאַטאָר. ער האָט דעם טאָסט געזאגט, אָבער צום סוף האָט ער צוגעגעבען: „אייער עקסעלענץ, איך טרינק פאר אייער געזונט, אָבער איך דריק אויך אויס מיין האַרציגסטען וואונש, אז איהר זאָלט אָפּגעבען מעהר צייט פאר די געשעפטען פון דער

הערשאפט האָט מען די אדמיניסטראַטיווע פאַרשיקונג אזוי ברייט אָנגעווענדט און מיט אזא פאַראַכטונג צום געזעץ, אז ווי נאָר די גובערניע „זעמסטוואָס" האָבען אין דער צייט פון לאָרים־מעלי־קאָוו'ס קורצער דיקטאַטור באַקומען אביסעל פרייהייט, האָבען זיי באַלד אוועקגעשיקט צום אימפּעראַטאָר א מאסע צושריפטען, אין וועלכע זיי האָבען געבעטען, מען זאָל באַלד אָפּשאַפען דעם דאָזיגען מין פאַרשיקונג, אָנווייזענדיג קלאָר אויף דער שרעקליכקייט פון דעם אדמיניסטראַטיווען ווילקיר*). ווי באַקאַנט, האָבען די אַלע פּראָטעסטען אייגענטליך ניט געפיהרט צו גאָרנישט; די רעגירונג האָט הויך ערקלערט איהר אבזיכט צו אמניסטירען די פאַרשיקטע, האָט זיך אָבער באַגרענעצט מיט באַשטימען א קאָמיסיע צו רעווידירען זייערע פּראָצעסן. די רעגירונג האָט אמניסטירט זעהר, זעהר ווייניג, און פאַר דער גרויסער מעהרהייט איז באַשטימט געוואָרן א פאַרשיקונגס טערמין פון פינף־זעקס יאָהר, נאָך וועלכען מען האָט געזאָלט ווידער רעווידירען זייערע פּראָצעסען**). די פּראָצעסען זיינען ווירקליך רעווידירט געווארן, און אין רעזולטאַט האָט מען א סך פון זיי נאָך פאַרלענגערט דעם טערמין, מיט דעם תנאי אָבער, אז נאָך אָט דעם טערמין זאָל מען זייערע פּראָצעסען ווידער רעווידירן. א סך פון די פאַרשיקטע האָ־

גובערניע, וואָס איז אייך אָנגעטרויט געוואָרן."

אין אַ וואָך אַרום נאָך דעם עפּיזאָד האָט זיך ביי די טירען פון זיין הויז אָפּגעשטעלט אַ פּאָסט קאַרעטע מיט צוויי זשאַנדארמען. ניט ערלויבענדיג איהם צו זעגענען זיך ניט נאָר מיט זיינע פריינד, נאָר אפילו מיט זיין פרוי, האָט מען איהם אָפּגעפיהרט אין וויאַטקאַ. זיין פרוי און די אַדעל־אָנפיהרער פון קורסקער און פאַטישער קרייזען האָבען געמוזט אין פאַרלויף פון זעקס מאָנאַטען אויף דעם דרינגענדסטען אופן בעטען ביי פאַרשידענע זעהר איינפלוסרייכע פערזאָנען אין פעטערבורג, אַז מען זאָל אומקערן אַנענקאָוו'ען פון פאַרשיקונג. („גאָלאָס", „פּאָריאַדאָק", און אַנדערע צייטונגען, פעב. 21־20, 1881).

*) אין דער ביילאַגע ווערט געבראַכט אן אויסצוג פון שאַקעיעוו'ס רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטען אויף דער פעטערבורגער „פאַרזאַמלונג פון לאַנדבאַזיצער".

**) אין פאַרלויף פון 1881 האָט מען רעווידירט 2837 פּראָצעסען וועגען אדמיניסטראַטיוו פאַרשיקטע פּאָליטישע; 1950 פון זיי האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין סיביר („פּאָריאַדאָק", 17טען סעפּטעמבער, 1881).

בען ניט געוואָלט וואַרטען אויף נייע רעווידירונגען, און אין 1883 האָט זיך אָנגעהויבען אין סיביר אַן עפּידעמיע פון זעלבסטמאָרדען.

עס איז לייכט צו באַגרייפען די געפיהלען פון אָט די פאַרשיקטע. שטעלט זיך פאָר די לאַגע פון אַ סטודענט, אָדער אַ מיידעל פון אַ גוטער פאַמיליע, אָדער אַ געניטען ארבייטער, וועמען די זשאַנדאַרמען ברענגען ערגעץ־וואו אין אַ שטעטעל, וואָס צעהלט איינגאַנצען אַ 100 הייזער, און די איינוואוינער זיינען עטליכע צעהנדליג זיריאַנער און רוסישע יעגער, צוויי־דריי פּעל־סוחרים, אַ פּאָפּ און אַן איספּראַווניק! ברויט איז שרעקליך טייער; אַלערליי פּראָדוקטען, ווי צוקער, טיי, ליכט, ווערן פאַרקויפט כמעט אויף'ן געוויכט פון גאָלד; וועגען פאַרדינען עפּעס אין שטעטעל קאָן גאָר קיין רעד ניט זיין. די רעגירונג גיט ארויס אזעלכע פאַרשיקטע פון פיער ביז אכט רובעל אַ מאָנאַט, און אפילו אָט די בעטלערשע סומע ווערט אָפּגעשטעלט, אויב דער פאַרשיקטער באַקומט פון קרובים אָדער פריינד די נישטיגסטע סומע געלט, צום ביישפּיעל, צעהן רובעל אין פאַרלויף פון אַ יאָהר. נעבען לעקציעס איז שטרענג פאַרבאָטען, אפילו ווען די שילער זאָלען זיין די קינדער פון סטאַנאָוואָי, אָדער איספּראַווניק. די מעהרסטע פאַרשיקטע פון די קולטורעלע קלאַסען ווייסען ניט קיין מלאכה, און געפינען באַשעפטיגונג אין אַ וועלכער עס איז קאַנטאָר אָדער אין אַ פּריוואַטען געשעפט, אויב אזעלכע זיינען פאַראַן אין שטעטעל, איז איינגאַנצען אונמעגליך.

„מיר האָבען מורא צו געבען זיי באַשעפטיגונג, — האָט געשריבען דער יעניסעיסקער קאָרעספּאָנדענט פון „רוסקי קוריער", — ווייל מיר קאָנען צוליב דעם אליין ארונטערפאַלען אונטער פּאָליציי אויפזיכט... עס איז גענוג צו טרעפען זיך מיט אַן אדמיניסטראַטיוו־פאַרשיקטען אָדער זאָגען איהם עטליכע ווערטער, אז מען זאָל אליין אריינפאַלען אין די צאָהל פון פאַרדעכטיגע... דער הויפּט פון איין האנדעלס פירמא האָט ניט לאַנג צוריק געצוואונגען זיינע אָנגעשטעלטע אונטערצושרייבען אַ באַדינגונג, וואָס פאַרפליכטעט זיי ניט צו פיהרען קיין באַקאַנטשאַפט מיט „פּאָליטישע", און אפילו ניט צו גריסען זיך מיט זיי ביי אַ צופעליגער באַגעגעניש אויף דער גאַס".

נאָך מעהר, אין 1880 איז אונז אויסגעקומען צו לייענען אין די רוסישע צייטונגען, אז דער פינאַנץ־מיניסטער האָט געמאַכט אַ

פאָרשלאַג „צו ערלויבען די קרימינעלע און פּאָליטישע אדמיניסט־ראַטיוו־פאַרשיקטע צו באַשעפטיגען זיך מיט אַלערליי מלאכות, מיט דער ערלויבניש פון גענעראל־גובערנאַטאָר, אבער אזא ערלויב־ניש מוז אויסגעבעטען ווערן אין יעדען איינצעלנעם פאַל". איך ווייס ניט, צי אָט דער פּלאַן איז דורכגעפיהרט געוואָרן, אָבער מיר איז באַקאַנט, אַז נאָך ערשט ניט לאַנג איז געווען פאַרבאָטען די אדמיניסטראַטיוו־פאַרשיקטע צו באַשעפטיגען זיך מיט כמעט אַלע מינים מלאכות, שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם, אַז אין אַ סך פאַלען איז פּשוט געוועזן אונמעגליך צו פאַרנעהמען זיך מיט געוויסע מלאכות, צוליעב דעם, וואָס די אדמיניסטראַטיוו-פאַרשיקטע איז פאַרבאָטען ארויסצוגעהן פון שטאָט אפילו אויף עטליכע שעה. נאָך דעם אויבען געזאָגטען איז שוין איבעריג צו רעדען וועגען דער שרעקליכער, אונבאַשרייבליכער אָרימקייט, אין וועלכער עס קומט אוים די פאַרשיקטע צו עקזיסטירן. — „אָהן קליידער, אָהן שטיוועל, אָהן וועלכע עס איז באַשעפטיגונגען, ליגענדיג אין קליינינקע, אוּמ־געזונטע שטיבלאַך, שטאַרבען זיי מעהרסטענטיילס פון אויסצע־רונג", — איז באַשריבען געוואָרן אין „גאָלאָס" (2טען פעברואר 1881). „אונזערע אדמיניסטראַטיוו־פאַרשיקטע הונגערן בוכ־שטעבליך. אייניגע פון זיי, ניט האָבענדיג קיין דירות, האָבען זיך איינגעאָרדענט אין קעלער אונטער דעם גלאָקען־טורעם", — האָט אנאַנדער קאָרעספּאָנדענט געשריבען. „די אדמיניסטראַטיווע פאַרשיקונג מיינט, איינפאַכער גערעדט, ערמאָרדונג דורך הונגער", —דאָס איז געווען די מיינונג פון דער רוסישער פּרעסע, ווען זי האָט געהאַט די מעגליכקייט ארויסצוזאָגען זיך אין דער פראַגע. „דאָס מיינט פאַראורטיילט ווערן צו אַ לאַנגזאַמען, אָבער זיכערן טויט", — האָט וועגען דעמזעלביגען ענין געשריבען די צייטונג „גאָלאָס".

און דאָך איז די אָרימקייט ניט דאָס שווערסטע פון די אונ־גליקען, וואָס פאַלען אויס אויף'ן גורל פון די אדמיניסטראַטיוו־פאַרשיקטע. די אָרטיגע באַאַמטע באַהאַנדלען זיי אויף'ן שוידער־ליכסטען אופן. פאַר אריינגעבען ידיעות אין די צייטונגען וועגען זייער לאַגע פיהרט מען אריבער די פאַרשיקטע אין די ווייטסטע ערטער פון מזרח סיביר. יונגע מיידלאַך, וואָס זיינען פאַרשיקט געוואָרען אין קאַרגאָפּאָל, מוזען אָננעמען ביינאַכטיגע וויזיטען פון די שיכור'ע אָרטיגע באַאַמטע, וואָס רייסען זיך איבערגעוואַלט

אריין אין זייערע צימערן מיט'ן אויסרעד, אז באמת האבען דאס רעכט צו באזוכען די פארשיקטע צו יעדער צייט פון טאג און נאכט. אין אנאנדער געגענט פאדערט א פאליציי באאמטער פון די פאליטישע פארשיקטע מיידלאך, אז זיי זאלען קומען יעדע וואך אין פאליציי באצירק „פאר אן אונטערזוכונג, צוזאמען מיט די פראסטיטוטקעס", א.א.וו., א.א.וו.*)

אויב דאס איז די לאגע פון די פארשיקטע אין די ווייניגער דערוויטערטע טיילען פון רוסלאנד און סיביר, קאן מען זיך שוין פארשטעלען, ווי זי איז אין אזעלכע ערטער, ווי אלעקמיעסק, ווער־כאיאנסק אדער ניזשנע־קאלימסק ,א דערפעל, וואס ליגט ביים אויס־גוס פון קאלימא איבער 68 גראד געאגראפישער ברייט, און וואס האט נאר 190 איינוואוינער. אין אט די אלע דערפלאך, וואס בא־שטעהן אפטמאל אינגאנצען פון עטליכע הייזער, וואוינען די פאר־שיקטע, מארטירער, לעבעדיג־באגראבענע דא דערפאר נאר, ווייל די רעגירונג האט ניט געקאנט ארויסשטעלען קעגען זיי קיין ערנסטע באשולדיגונג. נאך א וואנדערונג פון גאנצע מאנאטען איבער מיט שניי באדעקטע בערג, איבער פארפרארענע טייכען, איבער טונדרעס, ווערן זיי פארשפארט אין אט די דערפלאך, וואו עס לעבען קוים עטליכע האלב־הונגעריגע מענשען, וואס פאר־נעמען זיך מיט יאגד. אבער די רעגירונג באשרענקט זיך ניט מיט פארשיקען אין אזעלכע, דוכט זיך, גענוג פארווארפענע און אונ־היימליכע ערטער. ווי שווער דאס איז ניט צו גלויבען, פארשיקט די רעגירונג אייניגע אויף אן אדמיניסטראטיווען אופן אין די יאקוטער אולוסען, וואו זיי מוזען וואוינען אין יורטעס, צוזאמען מיט די יאקוטען, וואס לייזען אפטמאל פון די אפשטויסענדסטע הויט־קראנקהייטען. „מיר לעבען אין דער פינסטער, — האט איינער פון זיי געשריבען צו זיינע פריינד, באנוצענדיג זיך מיט דער רייזע פון א יעגער אין ווערכאיאנסק, פון וואנען א בריף האט געמוזט געהן 10 מאנאטען, ביז ער האט דערגרייכט אלעקמינסק, —

*) „גאלאס", פון 12טען פעברואר 1881. אנהויבענדיג פון אפריל, 1881, איז די צייטונגען שטרענג פארבאטען געווארן צו דרוקען וועלכע עס איז ידיעות וועגען די אדמיניסטראטיוו־פארשיקטע, און בכלל זיינען אלע צייטונגען, וואס זיינען געווען מעהר אדער ווייניגער אוטאפאהענגיג, פארמאכט געווארן.

מיר לעבען אין דער פינסטער און צינדען אָן ליכט נאָר אויף אַנ־דערהאַלבען שעה דורכ'ן טאָג: זיי קאָסטען צו טייער. ברויט איז איינגאַנצען ניטאָ, און מיר דערנעהרן זיך מיט פיש. פלייש קאָן מען פאר קיין פרייז ניט קריגען". אנאַנדערער האָט געשריבען: „איך שרייב צו אייך, ליידענדיג פון שרעקליכע וועהטאָגען, צוליעב אַן אנטצינדונג פון דער הייטעל איבער די ביינער... איך האָב זיך געבעטען אין שפּיטאָל, אָבער אָהן רעזולטאַטען. איך ווייס ניט, צי מיינע ליידען וועלען לאַנג אָנהאַלטען. מיין איינציגער פאַר־לאַנג איצט איז צו באַפרייען זיך ווי עס איז פון אָט דעם וועהטאָג. מען ערלויבט אונז ניט צו זעהן זיך איינער מיט'ן אַנדערן, כאָטש מיר וואוינען איינגאַנצען פינף וויאָרסט איינער פון דעם אַנדערן. די מלוכה קאַסע באַוויליגט אונז פיער רובעל און פופציג קאָפּיקעס — אַ חודש." אַ דריטער פאַרשיקטער האָט אַרום דערזעלביגער צייט געשריבען: „אַ דאַנק אייך, טייערע פריינד, פאר די צייטונגען, אָבער, צום באַדויערן, קאָן איך זיי ניט לייענען: עס זיינען ניטאָ קיין ליכט, און עס איז ניטאָ וואו זיי צו קויפען. מיין סקאָרבוט פּראָגרעסירט, און אַזוי ווי עס איז ניטאָ קיין האָפנונג צו ווערן אריבערגעפיהרט, האָף איך, אַז איך וועל דאָ שטאַרבען אין פאַר־לויף פון דעם ווינטער".

„איך האָף, אַז איך וועל דאָ שטאַרבען אין פאַרלויף פון דעם ווינטער!" — דאָס איז די איינציגע האָפנונג, וואס עס קאָן האָבען אַ פאַרשיקטער אין אַ יאַקוטער אולוס אונטער 68 גראַד געאָגראַ־פישער ברייט!

לייענענדיג אַזעלכע בריף, ווערן מיר ווידער אריבערגעטראָגען אין זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט, און אונז דוכט זיך, אַז מיר הערן ווידער די ווערטער פון פּראָטאָפּאָפּ אַוואַקום: „און איך בין דאָ געבליבען אין דער קאַלטער כאַטע, און שפּעטער מיט די שמוציגע טונגוזען, ווי אַ גוטער הונט, ליגענדיג אויפ'ן שטרוי; אַמאָל גיט מען מיר עסען, אַמאָל פאַרגעסט מען". און ווי אַוואַקום'ס פרוי פרעגען מיר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל: „לאַנג וועלען די מאַ־טערנישען דויערן?" פון דער צייט פון יענעם עפּיזאָד מיט אַוואַקום זיינען אַוועק יאָהרהונדערטער. אין פאַרלויף פון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט האָבען מיר געהערט פאַטעטישע דעקלאַ־מאַציעס וועגען פּראָגרעס און הומאַניטאַרע פּרינציפּען, און דאָס

אלץ נאָר צוליעב דעם, אז מען זאָל זיך אומקערן צו דעמזעלביגען פונקט, צו דערזעלביגער צייט, ווען די מאָסקווער צארען, אויף די שטילע מסירות פון די מקורבים־באָיארן, פלעגען פארשיקען זייערע שונאים צו שטארבען אין די טונדרעס.

און אויף דער פראגע פון אוואקום'ס פרוי, וואָס ווערט כסדר ווידערהאָלט איבער דעם גאנצען שטח פון סיביר, האָבען מיר נאָר איין ענטפער: קיין טיילווייזע רעפאָרם, קיין פארבייטונג פון מענשען וועלען די שרעקליכע לאגע ניט קאָנען פארבעסערן; די לאגע וועט ענדערן נאָר א פולשטענדיגע ענדערונג פון אלע גרונד־יסודות פון רוסישען לעבען.

## זעקסטער קאפיטעל.

# די פאַרשיקונג אויף סאכאַלין.

אויפ'ן צפונ'דיגען טייל פון שטילען אָקעאַן, לעבען די ברעגען פון רוסישער מאַנדזשוריען, ליגט א גרויסער אינזעל, איינער פון די גאָר גרעסטע אינזלען פון דער וועלט. אָבער זיין דערוויטערט־קייט פון די וואסער־וועגען, די ווילדקייט פון זיין נאַטור, די פרוכט־לאָזיגקייט פון זיין באָדען און די שווערקייט צוצוקומען צו איהם, זיינען געוועזן די אורזאַכען פון דעם, וואָס ביז צום פאָריגען יאָהר־הונדערט האָט מען זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט, באטראַכטענדיג איהם ווי א האַלב־אינזעל. וועניג ערטער זיינען פאַראַן אויף דער גאַנצער גרויס פון דער רוסלענדישער אימפּעריע, וואָס זיינען ערגער פון אינזעל סאַכאַלין; און דעריבער פאַרשיקט איצט אַהין די רוסישע רעגירונג די קרימינעלע קאַטאָרזשניקעס.

ביים פאַרשיקען אויף סאַכאַלין האָט מען אַלעמאָל געהאַט אין זינען א דרייפאַכען ציעל: באַפרייען זיך פון דער אָנזאַמלונג פון פאַרברעכערישע עלעמענטען אין רוסלאַנד, ביי די מינימאַלסטע הוצאות מצד דער רעגירונג; באַזאָרגען די מינען מיט ביליגע אַר־בייטער, און, ענדליך, קאָלאָניזירן סיביר. אין פאַרלויף פון א סך יאָהרען האָט מען געמיינט, אז דער אויבענדערמאָנטער ציעל ווערט דערגרייכט. אָט די אילוזיע האָט זיך געקאָנט האַלטען נאָר, ווי לאַנג די מיינונג פון די סיביריאַקעס גופא איז דערגאַנגען ביז פּע-טערבורג דורך די גובערנאַטאָרען, וואָס זיינען אין דעמזועלביגען פּעטערבורג באַשטימט געוואָרן. אָבער אין פאַרלויף פון די לעצטע צוואַנציג יאָהר איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער צו פאַר־שטיקען די אונאָפּהענגיגע מיינונגען, ווי פון די סיביריאַקעס גופא, אזוי אויך בכלל פון מענשען, וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער אמת'ער

לאגע פון דער פארשיקונגס פראגע. עס איז אנטשטאנען א גאנצע ליטעראטור, וואָס צושטערט אָהן רחמנות די ביוראָקראטישע אי־לוזיעס. די פעטערבורגער רעגירונג איז געצוואונגען געווען צו פארנעהמען זיך מיט דער אויספאָרשונג פון דער פראגע וועגען פארשיקונג און וועגען איהרע ענדליכע רעזולטאטען, און אָט די אויספאָרשונג האָט פולשטענדיג באַשטעטיגט די מיינונג פון מענ־שען, וואָס האָבען זיך אויף זייער אייגענער איניציאטיווע פארנו־מען מיט א שטודיום פון דער פראגע.

עס האָט זיך קודם כל ארויסגעשטעלט, אז אויב דער קאבינעט האָט ווירקליך ביליגע ארבייטער אין די פארשיקטע קאַ־טאָרזשניקעס וואס באקומען גאלד און זילבער פון די מינען, ווערט אזא ביליגקייט דערגרייכט דורך א פולשטענדיגער פאר־אכטונג צום ווערט פון מענשליכען לעבען. אן אונגעהויער הויכער פּראָצענט פון שטערבליכקייט צווישען קאַטאָרזשניקעס, וואָס האָבען געארבייט אין אָט די מינען, האָט אויפגעבראכט דאָס געזעלשאפט־ליכע געוויסען. אויב עס איז מעגליך געווען מיט צוואנציג יאָהר צוריק צו פארמאטערן מיט ארבייט ביז טויט, כדי צו באקומען אזוי פיעל גאָלד, וויפיעל עס איז פאָרגעשריבען געוואָרן אין פע־טערבורג; אויב מען האָט געקאָנט צווינגען די קאטאָרזשניקעס צו ארבייטען איבער די כחות און אין דערזעלביגער צייט הונגערן, פון וואָס זיי פלעגען שטארבען הונדערטערווייז אין פארלויף פון איין זומער, און קיינער, קיינער האָט וועגען די גרוילטאטען ניט געוואגט א פּיפּס צו טאָן, — איז דאָס געוואָרן אונמעגליך, ווען אזעלכע פאקטען זיינען געוואָרן אלגעמיין באקאנט. פון דער צייט, ווען עס איז אנטדעקט געווארן דער וואסער־וועג איבער'ן אמור, זיי־נען שוין די קייזערליכע גאלד־מינען אויף קאַראַ און די זילבער־מינען אויף גאזימור ניט מעהר געווען אין עק וועלט. ביי א גרינדליכער אויספאָרשונג האָט מען אויך אויסגעפונען, אז מען האָט זיך אָפּ־גענארט אין דער ביליגקייט פון דער ארבייט. הגם דער קאַ־בינעט האָט געצאָהלט די קאטאָרזשניקעס גראָשענס פאר זייער ארבייט, אָבער די טראנספּאָרטירונג פון ארעסטאַנטען פון רוסלאנד, די שרעקליכע שטערבליכקייט, וואָס האָט געהערשט צווישען זיי, די מאַסע פליכטלינגען, וואָס האָבען געוואַנדערט איבער גאַנץ סי־ביר, די נויטיגקייט אויפצוהאלטען אן אונגעהויערע אדמיניסט־

ראציע, און דערצו נאך די אויפהאלטונג פון סאלדאטען און קאנא־
קען איז געפאלען ווי א שווערע לאסט אויף רוסלאנד און סי־
ביר. און כדי פטור צו ווערן פון אט דער לאסט, וואלט דאס לאנד
גערן געגעבען דעם קאבינעט צוויי מאל אזויפיל ווי די סומע וואס
מען האט באקומען אין זיינע מינען דורך „ביליגע” ארעסטאנטישע
ארבייט.

די אנדער אילוזיע, אז סיביר ווערט גליקליך דורך דעם, וואס
מען קאלאניזירט זי מיט פארשיקטע, איז שוין געווען שווערער
צו צושטערן. די סטאטיסטיק האט אנגעוויזען, אז פון דעם יאהר
1754 ביז 1885 זיינען אין סיביר פארשיקט געווארן ארום
1,200,000 מענשען; און ווי גרויס עס זאל ניט האבען געווען די
צאהל פון אנטלאפענע און פריהצייטיג געשטארבענע, זיינען דאך
א סך הונדערטער טויזענטער איינוואוינער אויף אזא אופן צוגעגע־
בען געווארן צו דער ארטיקער באפעלקערונג פון לאנד. מען האט
אויך געפרואווט באווייזען, אז אויב סיביר האט איצט א בא־
פעלקערונג פון 4,100,000 מענשען, באשטעהט אט די באפעלקע-
רונג הויפטזעכליך פון די פארשיקטע און זייערע קינדער.

אבער די ציפער, וואס מיר האבען געבראכט אין פאריגען
קאפיטעל, און אויך א סך אנדערע סטאטיסטישע דאטען, האבען
אין א געוויסער מאס צושטערט אויך אט די אילוזיע. די אפי־
ציעלע אויספארשונג, וואס איז געמאכט געווארן אין 1875, האט
אנגעוויזען, אז כאטש אין דער פיער־מיליאנענדיגער באפעלקערונג
פון סיביר איז פאראן א באדייטענדער פראצענט פון מענשען,
וואס שטאמען אפ פון די פארשיקטע, איז דאך דאס לאנד קאלא־
ניזירט געווארן הויפטזעכליך דורך פרייע איינוואנדערונגען, וואס
האבען געגעבען דעם לאנד א סך בעסערע עלעמענטען, אין פארגלייך
מיט די מאסען פארשיקטע ארעסטאנטען, וואס זיינען דעמארא-
ליזירט געווארן פון א לאנגען זיצען אין געפענגניסען, אויסגעצערט
פון דער ארבייט אויף קאטארגא, און וואס באזעצען זיך אין סיביר
נאר אהן דער אבזיכט אנצוהויבען דא א ניי לעבען. אויב די סטא־
טיסטישע דאטען שטימען ניט אינגאנצען מיט די עקסטרעמע
אנזיכטען פון איינינגע סיביריאקעס, וואס זיינען גרייט צו באהויפ־
טען, אז די פארשיקונג האט ניט געשפיעלט קיין ראל אין דעם
וואוקס פון דער סיבירער באפעלקערונג, באווייזען דאך אט די

דאטען, אז דער צואוואוקס פון דער באפעלקערונג דורך א צופלוס פון פארשיקטע האָט געקאָסט אונגעהויערע מענשליכע ליידען, נאָך מעהר צוליב דעם, וואָר נאָר וועניגער פון א העלפט פון די פארשיקטע ווערן שטענדיגע קאָלאָניסטען. די אנדער העלפט איז נאָר א שווערע לאסט פאר דער קאָלאָניע.*)

די אונבאדייטענדע רעזולטאטען פון קאָלאָניזירן סיביר דורך דער פארשיקונג האָבען געדארפט אָפּהאלטען דער רעגירונג פון ווייטערדיגע פארזוכען אין אָט דער ריכטונג, באזונדערס ווען מען וואָלט גענומען אין אכט די ליידען, וואָס די פארשיקטע מוזען אויסשטעהן. אָבער דער פארלאנג צו האָבען א שטענדיגע רוסישע באפעלקערונג אויפ׳ן אינזעל סאכאלין, און אויך די שטרעבונג פון די סיבירער גענעראל-גובערנאטאָרען צו באפרייען זיך פון דעם יעהרליך וואקסענדיגען צופלוס פון קאטאָרזשניקעס, וואס ווערן געשיקט אויף די נערטשינסקער פאבריקען, האָט געצוואונגען די רעגירונג אויפצונעמען א נייעם פארזוך: קאָלאָניזירן דעם ווילדען אינזעל דורך פארשיקען אהין די קאטאָרזשניקעס. אָט די אידעע האָט נושא חן גענוען אין פעטערבורג, און דעריבער האָבען די סיבירער גענעראל-גובערנאטאָרען לייכט געפונען די באטרעפענדע באאמטע, וואָס האָבען באשריבען דעם אינזעל, ווי דעם פאסיגסטען אָרט פאר אזא עקספערימענט, און האָבען אין די העלסטע פארבען באשריבען די מינעראלע רייכטימער פון דעם אינזעל, זיינע אוצרות פון שטיינקוילען, א. אז. וו. די רעגירונג האָט ניט געוואָלט זיך צוהערן צו די שטימען פון פריוואטע אויספאָרשער, מענער פון וויסענשאפט, בערג אינזשענערען און ים אָפיצירען, וואָס האָבען כאראקטעריזירט סאכאלין, ווי ער איז טאקי אין דער אמת׳ען. אָנהויבענדיג פון 1869, געהט דער שטראָם פון פארשיקטע קאטאָרזשניקעס אויפ׳ן אונגליקליכען אינזעל.

אין פארלויף פון עטליכע יאָהר זיינען אין די צייטונגען ניט אריינגעדרונגען קיין ידיעות וועגען דעם אונזיניגען עקספערימענט; אָבער סוף כל סוף האָט דער אמת גענומען ארויסקומען, און מיר האָבען איצט גענוג דאטען צו מאכען זיך אן אלגעמיינעם באגריף וועגען די רעזולטאטען פון אָט דעם ביוראָקראטישען פלאן.

כאָטש לויט דער גרויס פארנעמט סאכאלין איינעם פון די

*) זעה ביילאגע „א“.

ערשטע ערטער צווישען די אינזלען אויף דער וועלט, דאַרף מען איהם צורעכענען צו די ערטער, וואָס טויגען ווענינער פון אַלץ פאַר קאָלאָניזאַציע. אין אָט דער הינזיכט קאָנען אפשר נאָר ניי־לאַנד און ניי־סיביר געשטעלט ווערן נידריגער פון סאַכאַלין. איי־גענטליך איז ער אַ פאַרבינדונגס רינג צווישען דעם יאַפּאַנעזישען ארכיפּעלאַג און די קורילער אינזלען, אזוי אז יאַפּאַן האָט באַטראַכט סאַכאַלין, ווי אַ טייל פון איהר טעריטאָריע, ביז דעם מאָמענט, ווען די רוסען האָבען אין 1853 אויפגעשטעלט דעם ערשטען מילי־טערישען פּאָסט אין דעם דרום׳דיגען טייל פון אינזעל. מיט דריי יאָהר שפּעטער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַנאַנדער פּאָסט ביי די שטיינקויל־מינען פון דוע, אַנטקעגען דעם אויסגוס פון אמור. רוסלאַנד האָט אויף אַזאַ אופן ערָאָבערט דעם אינזעל, און אין פאַרלויף פון 1860—1867 האָבען עטליכע וויסענשאַפטליכע עקס־פּעדיציעס איהם אויסגעפאָרשט. די מיליטערישע פּאָסטען זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן, מען האָט אָנגעהויבען אויסצואַרבייטען די יורער שטיינקויל רעזערווען אין דוע, און אין 1875 האָט יאַפּאַן, וואָס האָט נאָך אַלץ באַטראַכט דרום סאַכאַלין, ווי אַ טייל פון איהר טעריטאָריע, דעם אינזעל אָפּגעטראָטען רוסלאַנד, אין אויסטויש פאַר די קורילער אינזלען.

אייגענטליך איז דער אינזעל אין קיין הינזיכט ניט אָנציהענד, און ניט קוקענדיג אויף זיין אונגעהויערע גרויס (1000 וויאָרסט לאַנג און פון 30 ביז 220 וויאָרסט ברייט). דערגרייכט זיין באַ־פעלקערונג קוים 5000 נפשות. ארום 2000 גיליאַקען ציהען אַ מיזעראַבעלע עקזיסטענץ אויפ׳ן צפון׳דיגען טייל אינזעל, פאַר־נעמענדיג זיך מיט יאַגד; ארום 2500 אינאָס, — אַ באַרדיגער שבט פון איין אָפּשטאַמונג מיט די קורילער, — וואוינען אין די ווענינע דערפלעך, וואָס זיינען צוזאַרפען איבער׳ן דרום׳דיגען טייל; און, ענדליך, עטליכע הונדערט אָראָטשעס, דאָס הייסט, טונגוסען, פיהרען אַ וואַנדער לעבען אין דעם בערגיגען טייל פון אינזעל. די אינאָס געפינען זיך אין דירעקטער שקלאַפעריי ביי עטליכע יאַפּאַ־נעזישע סוחרים, וואָס גיבען זיי תבואה, זאַלץ און אַנדערע נויטיגע פּראָדוקטען, אין אויסטויש פאַר וועלכע דער אונגליקליכער שבט׳ל איז געצוואונגען צו באַצאָהלען מיט שווערער ארבייט: די יאַפּאַ־נעזישע סוחרים נעמען צו ביי די אינאָס גאָר די פיש, וואָס די לעצ־

טע באוויזען צו פאנגען אין די ים־בוזעמס און ביי די אויסגוסען
פון די ווענינגע טייכען, איבערלאזענדיג פאר די אינאס נאר אזוי
פיעל פיש, וויפיעל עס איז נויטיג פאר זייער קארגער דערנעהרונג.
אין דער גאנצער צייט פון סאכאלין'ס היסטארישער עקזיסטענץ,
צוערשט אונטער דער הערשאפט פון כינא, און דערנאך פון יאפאן,
האט דער אינזעל קיינמאל ניט געהאט קיין באזעסענע באפעלקע־
רונג; אויף איהם האבען געלעבט נאר הייפלאך בעטלערשע יעגער
און פיש-פאנגער.

יע, אייגענטליך, האבען דא נאר יעגער און פיש־פאנגער גע־
קאנט געפינען וועלכע עס איז לעבענס-מיטלען.

דער אינזעל ליגט ניט אזוי ווייט צו צפון: זיין דרום עק
דערגעהט ביז 46 גראד, און דער צפונ'דיגער געהט ניט אריבער דעם
54טען גראד, אבער דער וואַרימער ים-שטראם, וואס וואלט געקאנט
ברענגען צום אינזעל די וואַרימקייט פון די כינעזישע וואסערען,
דערגרייכט איהם ניט; אין דער צייט, ווען דער אייז־קאלטער
שטראם, וואס קומט ארויס פון דעם „גרויסען אייז־קאסטען" פון
שטילען אקעאן, — דעם אכאטסקען ים, — באוואשט די מזרח'דיגע
ברעגען פון דעם אינזעל. אינמיטען זומער האבען רוסישע אויס־
פארשער געפונען די מזרח'דיגע ברעגען באדעקט מיט אייז-פעלדער
און הויפענס אייז, וואס די צפון־מזרח'דיגע ווינטען האבען אנגע־
טראגען. און אויף מערב האט דער שמאלער, לאנגליכער אינזעל
אן אונגעהויערע גרויסען אפקיהלער, — די קאלטע און הויכע בערג־
קייטען פון סיביר, פון וועלכע דער אינזעל איז אפגעטיילט נאר
מיט א שמאלען און פלאכען ים-אויסגוס. די זונשטראלען בא־
האלטען זיך הינטער שווערע וואלקענס און געדיכטע נעבלען. ווען
איוואן סעמיאנאוויטש פאליאקאוו האט סוף יוני זיך ארויסגעזעצט
אין דוע (אין מיטעלסטען סאכאלין), האט ער געפונען די בערג בא־
דעקט מיט שניי און דעם באדען איינגעפרארען ביז 21 צאל טיף.
די זומערדיגע שפראצונגען האבען קוים גענומען ארויסקומען, און
פארזעצען גארטען־גרינסען האט מען ניט געקאנט אנהויבען פריהער
פון דעם 20טען יוני. יולי האט זיך גענעהענטערט צום סוף, אבער
דער טערמאמעטער איז אין דער גאנצער צייט ניט געשטיגען הע־
כער פון 18 גראד צעלזיוס. אין פארלויף פון דער גאנצער צייט
איז ניט געוועזען קיין איין קלארער טאג; א געדיכטער נעבעל האט

איינגעהילט דעם ברעג און די אַרומיגע בערג גאַנצע אַכט טעג אין פאַרלויף פון יוני.

עטליכע בערג-קייטען (פון 2000 ביז 5000 פוס הויך) שניידען דורך דעם אינזעל. זייערע זומפיגע אָדער שטייניגע זייטען זיינען פון אויבען ביז אונטען באַדעקט מיט קלעגליכע וועלדער, וואָס באַשטעהען פון בוימער, וואָס וואַקסען אין די סובאַרקטישע געגענ־טען. און צווישען די בערג געהען דורך נאָר שמאָלע, נאַסע, זומ־פיגע טאָלען, וואָס טויגען לחלוטין ניט פאַר ערד־אַרבייט. די שטיילע זייטען פון די בערג לאָזען זיך אַראָפּ דירעקט צום טאַ־טערשען ים־אויסגוס, אַזוי אַז מען קאָן ניט דורכלעגען אַ וועג איבער'ן ברעג, ניט דורכהאַקענדיג די פעלזען.

אייגענטליך שניידען נאָר צוויי טאָלען דורך די בערג, וואָס פילען אָן דעם אינזעל: דער טאָל פון טייך דוע, וואָס ווערט אין צפון־מזרח פאַרטגעזעצט פון דעם טאָל פון טימיא, און דער טאָל פון פאַראָנאַ, אין דרום'דיגען טייל פון אינזעל. אין דעם ערשטען טאָל, אין דעם פונקט, וואו מען באַארבייט שטיינקוילען, האָט מען דאָס געגומען שיקען די קאַטאָרזשניקעס.

א. ס. פּאָליאַקאָוו, וואָס האָט באַזוכט סאַכאַלין אין 1881־82, אויף דעם אויפטראַג פון דער פּעטערבורגער וויסענשאַפטליכער אַקאַ־דעמיע, באַשרייבט אַזוי דעם טאָג, וואָס האָט אין דער פאַנטאַזיע פון די רוסישע ביוראָקראַטען געזאָלט ווערן דער צענטער פון רוסישער ציוויליזאַציע אויפ'ן אינזעל. די בערג, וואָס רינגלען אַרום דעם שמאָלען טאָל, זיינען מעהרסטענס נאַקעט, אָהן קיין שום פלאַנצען, און זייערע זייטען זיינען צו משופּע'דיג, אַז מען זאָל אויף זיי קאָנען פאַרזייהען תבואה. דער דעק פון טאָל באַשטעהט פון אַ שיכט פון שווערען ליים, וואָס איז אויבען באַדעקט נאָר מיט אַ דינעם שיכט פון ערד, וואָס מען קאָן אַקערן און פאַרזייהען. דער גאַנצער טאָל איז זעהר זומפּיג: „מען קאָן געהן, ניט אַריינגע־הענדיג זעהר טיף אין בלאָטע, — זאָגט פּאָליאַקאָוו, — אָבער דער גאַנצער טאָל איז באַדעקט מיט טאָרף און טיפע זומפען... דער באָדען טויג אין ערגעץ ניט פאַר ערד־אַרבייט... די געגענט דער־מאָנט שטאַרק אָן די ערגסטע טיילען פון אָלאָנעצער גובערניע, מיט דעם איין אונטערשיד, וואָס די געגענט דאָ איז אָפט באַדעקט מיט וואַסער, אפילו אין די וועלדער, און דאָס מאַכט אונמעגליך

אָנצואווענדען דעם מעטאָד פון אויסברענען די וועלדער און דער־נאָך ארויסרייסען די וואָרצלען, ווי דאָס ווערט פראַקטיצירט אין אָלאָנעצקער גובערניע". „אונטער אזעלכע באדינגונגען איז ערד־ארבייט און גערטנעריי אונמעגליך אין דער געגענד פון דוע. נאָר עטליכע פאסען אין דעם אויבערשטען טייל פון טאָל און אויף דער אויבערשטער טימיא (א טייך) קאָנען אויסגענוצט ווערן פאר אָט דעם צוועק. אָבער אָט די ווייניגע פאסען, וואָס מען באגעגענט זעל־טען, זיינען שוין מעהרסטענטיילס באארבייט"*).

אָבער גראד דאָ, אין דער אומגעגענט פון דוע, ווערן קאָנצענט־רירט די קאטאָרזשניקעס־קאָלאָניסטען, נאָכדעם ווי זיי זיינען אָפּ־געווען זייער קאטאָרגא אין דער אלעקסאנדראָווסקער געפענגניס. דער דאָרף ארום אָט דער געפענגניס איז אַן אויסערגעוועהנליך אומהיימליכער. עס זיינען פאראן צוויי גרויסע קאטאָרגאס־גע־פענגניסען, לעבען זיי זיינען צוואוואָרפען עטליכע הייזער, און הינטער זיי הויבט זיך אָן די טאיגא. נאָר אויבער־אלעקסאנד־ראָווסק, וואָס ליגט אביסעל העכער אין טאָל, און קארסאקאָווא מיט זיינען עטליכע הייזער האָבען נאָך דעם אויסזעהן פון א ישוב: אָבער אויך דאָרטען ווערט שוין באארבייט די גאנצע ערד, וואָס טויג פאר גערטנעריי. און סאכאלין איז דאָך אויסגע־קליבען געוואָרן פאר א פארשיקונגס אָרט פון קאטאָרזשניקעס גראָד מיט דעם צוועק צו מאכען פון זיי שטענדיגע אָדער ארבייטער קאָ־לאָניעס. מען האָט געמיינט, אז נאָך'ן טערמין אין די שטיינ־קוילען מינען וועט מען זיי באזעצען אין דער נאכבארשאפט, און זיי וועלען אויפברענגען גענוג תבואה צו דערנעהרן זיך אליין און פארזאָרגען די געפענגנים.

אין דעם אויבערשטען טייל פון טאָל, וואָס האָט, לויט די איבערטריבענע באריכטען פון דער אדמיניסטראציע, געדאַרפט ווערן דער שפייזער פון סאכאלין, האָט דער באָדען דיזעלביגע איינגענשאפטען, און די קליינע דערפער, ריקאָוו און מאלא־טימאָווסק, „וואָס זיינען די באקוועמסטע ערטער פאר ערד־ארבייט אויף'ן גאנצען אינזעל", מוזען אָנפיהרן דעמזעלביגען פאר'עקשן'טען קאמף

*) איוואַן פּאָליאַקאָוו, „אַ רייזע אויפ'ן אינזעל סאַכאַלין אין יאָהר 1881—2". דאָס ווערק איז געווען געדרוקט אין די באַריכטען פון דער רוסישער געאָגראַפישער געזעלשאפט (1883).

מיט דער נאטור. האָבער ווערט ניט צייטיג, פארזייהט מען דאָ נאָר גערשטען. וואָס אָנבאטרעפט די וועגען, וואָס פארבינדען די דערפער, איז דער פארקער אויף זיי זעהר א שוואכער. אין די וועלדער זיינען פאראן אויסגעהאקטע ערטער, אָבער די פערד ווערן פארזונקען אין דעם זומפּינען באָדען. א סך האָפנונגען האָט מען ארויפגעלעגט אויף דעם טימאַ טאָל, וואָס איז א פאָרטזעצונג פון דעם אלעקסאנדראָווסקער טאָל צו צפון־מזרח און דערגעהט ביז צום אָכאָטסקער ים. אָבער זיין זומפּיגער באָדען, און נאָך מעהר די קעלט און נעבלען פון אָכאָטסקער ים, מאכען אינגאנצען אונמעג־ליך צו פארנעמען זיך מיט ערד־ארבייט אין דעם טאָל, אויסער אין דעם צפון'דיגען טייל. זיינע פלאנצען זיינען פון א סוב-פּאָלארען כאראקטער, און דער ים־ברעג צייכענט זיך מיט קיין זאך ניט אויס פון דער סיבירער טונדרא. „אויב מען וועט שפּעטער, — זאָגט פּאָליאקאָוו אין דעם אָפיציעלען באריכט, — נאָך גרינדליכע אונ־טערזוכונגען שוין געפינען עטליכע ערטער אין דעם טימער טאָל, וואָס טויגען פאר גערטנעריי און פאר אויפברייניגען תבואות, וואָלט מען צוערשט געדארפט ווארטען אויף די רעזולטאטען פון די עקס־פּערימענטען אין די שוין עקזיסטירענדיגע דערפער, איידער מען וועט מאכען נייע; נאָך מעהר צוליב דעם, וואָס עס איז שוין איצט אפילו אונגעהויער שווער צו באזאָרגען אָט די דערפער מיט שפּייז־פּראָדוקטען, און די קאָלאָניע ליידט ערנסט פון א מאנגעל אין שפּייז. וואָס אָנבאטרעפט די האָפנונג איינצואָרדנען דערפער ביים אויסגוס פון טימאָ, איז זי אינגאנצען א טעות, ווייל דאָס איז א געגענט פון טונדרא און פּאָלארער בעריאָזע." אָט די שלוסען פון דעם רוסישען רייזענדען, וואָס זיינען אויסגעדריקט אין אן איינגעהאלטענער, — אפשר צו איינגעהאלטענער, — פאָרם, ווערן פולשטענדיג באשטעטיגט פון די באָאבאכטונגען פון דר. פּעטרי אין 1883, מיט דעם איינציגען אונטערשיד, וואָס דער איטאליענישער דאָקטאָר האָט ניט די איינגעהאלטענקייט פון דעם רוסישען געלעהרטען. „אלע מעשיות וועגען דער קאָלאָניזאציע פון סאכאלין", — האָט ער געשריבען אין „יאָהרבאריכט" פון בערנער געאָגראפישער געזעלשאפט פאר די יאָהרען 1883 און 1884, — זיינען ניט מעהר, ווי דער אונפארשעמסטער ליגען, וואָס די אדמיניסטראציע פון אינזעל פארשפּרייט. אין דער צייט, וואָס

די אָרטיגע אדמיניסטראציע באוויזט אויפ'ן פּאפּיר טויזענד דעס-יאטין, וואָס ווערען שוין כלומרשט באארבייט, גיט אָן די אויס-מעסטונג פון העררן קאראאולאָווסקי אינגאנצען 510 דעסיאטין, וואָס ווערען באמת באארבייט. קומט אויס, אז 700 פאמיליעס פון פארשיקטע קאטאָרזשאנעס, ווען מען האָט צוגעזאָגט חלקים פון 13 דעסיאטין גוטער ערד אויף יעדען פערזאָן פון מענליכען געשלעכט, האָבען אין דער אמת'ן געקאָנט אָפּריינינגען ניט מעהר ווי צוויי דריטעל דעסיאטין אויף א פאמיליע*). דר. פּעטרי קומט צום שלוס, אז דער אינזעל טויג אינגאנצען ניט פאר ערד-ארבייט, און אז די רעגירונג האָט זיך אנטשלאָסען אויף אזא עקספּערימענט נאָר צוליב די ליגנערישע באריכטען פון מענשען, וואָס זיינען אויף א וועלכער עס איז ארט פאראינטערעסירט אין דער אונטערנעמונג.

אויף וויפיל מען קאָן אורטיילען נאָך די פארעפענטליכטע פאקטען, האָט די ערפאהרונג פולשטענדיג באַשטעטיגט די פינס-טערע נביאות פון פּאָליאקאָוו און דר. פּעטרי. דאָס אויפברענגען תבואות אויפ'ן אינזעל איז אזוי שווער און אזוי אונזיכער, אז די נייע קאָלאָניסטען דארפען זיך דערנעהרען מיט פּראָדוקטען, וואָס מען ברענגט צופיהרען פון רוסלאנד; און דערביי איז ניטאָ קיין שום האָפנונג אויסצובעסערן די געגענט. די שפּייז פּראָדוקטען מוז מען אריבערטראָגען פון דעם דועֶ טאָל אין טימער טאָל (אין דאָרף דערבינסקאָיע) דורך א קייט פון בערג, אויף די רוקענס פון ארעסטאנטען, אויף א שטרעקע פון 90 וויאָרסט**). איצט קאָן שוין דער לעזער פארשטעהן, וואָס, אייגענטליך, עס האָבען גע-מיינט פּאָליאקאָוו'ס אייניגע האלבע ווערטער וועגען א „מאנגעל אין שפּייז". וואָס אָנבאטרעפט די וויניגע פרייע קאָלאָניסטען, וואָס האָבען געגלויבט די פאלשע צוזאָגען, האָבען געוואָרפען זייערע הייזער אין טאָבאָלסקער גובערניע און האָבען זיך באזעצט אין טאנא, גרינדענדיג דאָ א דאָרף פון 25 הייזער— זיינען זיי גע-צוואונגען געוועזן צו פארלאָזען סאכאלין נאָך א דריי-יאָהריגען

*) „יאָהרבאריכט דער געאָגראפישען געזעלשאפט פאָן בערן", 1883-84, זעה זייטען 129 און 39. זעה אויך „סט.-פּעטערבורג'ס הע-ראלד", נומערען 353—356, יאָהר 1884.

**) דר. פּעטרי, אין דער אויבענדערמאָנטער ארבייט.

פארצווייפעלטען קאמף מיט דעם אונגאסטפריינדליכען קלימאט און דעם פרוכטלאָזען באָדען. ניט קוקענדיג אויף די סובסידיעס פון דער מלוכה, האָבען זיי ניט געוואָלט בלייבען אויפ'ן אינזעל און האָבען זיך באזעצט אויפ'ן קאָנטינענט, אויפ'ן ברעג פון שטי־לען אָקעאן.

עס איז קיין ספק ניט, אז סאַכאַלין וועט קיינמאָל ניט ווערן קיין ערד־ארבייטער קאָלאָניע. אויב מען וועט שוין איינפיהרן דאָ קאָלאָניסטען, וועלען זיי, פונקט ווי די קאָלאָניסטען פון נידע־ריגען אמור, זיין א שטענדיגע לאסט פאר דער מלוכה, און די רע־גירונג וועט סוף כל סוף זיין געצוואונגען צו ערלויבען זיי צו באַ־זעצען זיך אין אנאנדער געגענט, ווייל אנדערש וועט איהר אויס־קומען אויסצוהאלטען זיי לאנגע יאָהרען. אפשר וואָלט מען אויפ'ן אינזעל געקאָסט מיט א געוויסען ערפאָלג אָנפיהרן פיה־צוכט. אָבער יעדענפאלס קאָן סאכאלין רעכענען אויף א גאנץ אונבאַ־דייטענדע צאָהל קאָלאָניסטען, וואס זאָלען זיך קאָנען דערנעהרן מיט די פּראָדוקטען פון פיה־צוכט און פיש־פאנג.

מען האָט אין רוסלאנד א סך גערעדט וועגען די סאכאלינער שטיינקוילען. אָבער אפילו אין אָט דעם פּרט האָט מען זיך ער־לויבט גרויסע גוזמאות. אמת, די סאכאלינער שטיינקוילען ווע־רען אין מזרח פאָרגעצויגען צו די אויסטראליער, אָבער זיי זיינען א סך ערגער פון די ניו־קעסלער אָדער קארדיפער קוילען.*)

די אויסגראָבונג פון שטיינקוילען אויף סאכאלין איז אָנגע־הויבען געוואָרן נאָך אין 1858, און אין פארלויף פון די ערשטע צעהן יאָהר האָט מען באקומען 30,000 טאָן. אָבער די קוילען זיינען געוועזן שלעכטע און די אויסארבייטונג (וואָס פלעגט געמאכט ווערען פאר סטעארין ליכט!**) האָט אָפּגעקאָסט פאבעלהאפט גרויסע סומען. דאָך איז דער רעזערוו פון שטיינקוילען שנעל גע־וואקסען, וואָס מעהר עס זיינען יעדען יאָהר, א פארטיע נאָך א

*) נאָך די ידיעות, וואָס דר. פּעטרי ברענגט, צאָהלט מען פאַר סאַכאַ־לינער קוילען פון זיבען ביז זיבען און אַ האלב דאָלאר אַ טאָן, בעת די יאפאנעזישע און אויסטראַלישע קוילען קאָסטען 5 דאָלאר.

**) קעפּען, „סאַכאַלין, זיינע שטיינקוילען־מינען און שטיינקוילען־אינדוסטריע.“ פּעטערבורג, 1875. (אַ זעהר ווערטפולע ארבייט, אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזען.)

פאַרטיע, אָנגעקומענע נייע פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס, אַזוי, אַז איצט איז א טייל פון זיי באַשעפטיגט מיט דורכפיהרן א וועג ביים ים־ברעג, מיט׳ן צוועק צו פאַרלייכטערן דעם פאַרקעהר צווי־שען דוע און אַלעקסאנדראָווסק. אגב אורחא, אין די פעלזען האָט מען יאָ דורכגעמאַכט א טונעל, אָבער אָט דער באַריהמטער טונעל, וואָס האָט באַדאַרפט באַריהמט מאַכען סאַכאַלין, און וועגען וועל־כען מען האָט פייערליך מודיע געווען אין די רוסישע צייטונגען, אַז די אַרבייטען אין איהם זיינען געענדיגט, איז נאָך אין 1886 גאַר ניט געווען פאַרטיג. דאָס איז דעמאָלט געווען נאָר א רונדע לאָך, דורך וועלכע מענשען האָבען געקאָנט דורכקריכען נאָר אויף אַלע פיער.

ערגער פון אַלץ איז אפשר דאָס, וואָס אויף דער גאַנצער ברעג לענג פון סאַכאַלין איז ניטאָ קיין איין נאַטירליכער האַפען, און צוקומען צו זיינע ברעגען איז אונגעהויער שווער, צוליב די נעב־לען, דעם שפּעטען אָנקומען פון זומער און דער אָפּוועזענהייט פון ליכט-טורעמס אין טאָטערשען ים־אויסגוס. דער אַנקער-פּלאַץ אין דוע איז גאָר ניט באַשיצט פון ווינטען. דער גרויסער אויסגוס פון „געדולד” איז צו פּלאַך, זיין טיפקייט איבערשטייגט ניט 24 פוס אויף א שטח פון א האַלבען מייל פון ברעג. דער בעסטער אויסגוס דער אַניווער, וואָס פאַרפריהרט נאָר אויף עטליכע וואָכען, איז אויך אינגאַנצען ניט באַשיצט פון ווינטען און האָט ניט קיין האַ־פענס, נאָר דער אויסגוס מאָרדווינאָווא גיט א גוטע אַנקער סטאַנציע.

עס וועלען מסתמא אריבערגעהן ניט ווייניג יאָהרען, ביז די סאַכאַלינער שטיינקוילען וועלען קאָנען קאָנקורירן מיט די איי־ראָפּעאישע אין די כינעזער פּאָרטען. און ביז דאָס וועט געשעהן, וואָלט געווען גענוג די אַרבייט פון 120 מענשען צו באַקומען די פינף טויזענט טאָן קוילען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דעם טייל פון דעם רוסישען פלאָט, וואָס געפינט זיך אין יענע וואַסערן. טוי־זענטער אַרעסטאַנטען האָבען אויף אַזא אופן אייגענטליך גאָרנישט וואָס צו טאָן אויף סאַכאַלין, און די קוילען, וואָס זיי באַקומען, וועלען מסתמא אָפּליגען צעהנדליגער יאָהרען אָהן געברויך.

די ערשטע פּאַרטיע אַרעסטאַנטען, וואָס איז באַשטאַנען פון 800 מענשען, איז געשיקט געוואָרן אויף סאַכאַלין אין יאָהר 1869. פּאָלגענדיג די איינגעשטעלטע טראַדיציעס, האָט די אַדמיניסטראַ־

ציע ניט נעקאָנט אויסטראַכטען קיין בעסערע זאַך, ווי צו שיקען זיי דורך סיביר. אויף אַזאַ אופן האָבען די דאָזיגע, וואָס זיינען נעגאַנגען פון די קאַריער קאַטאָרזשנער געפענגניסען, נעמוזט מאַכען א רייזע פון דריי טויזענט וויאָרסט אראָפּ דעם אמור, און די, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון רוסלאַנד, האָבען געמוזט גערהן ניט ווענינער פון זיבען טויזענט וויאָרסט, איידער זיי זיינען צוגעקומען צו ניקאָלאַיעווסק, ביים אויסגוס פון אמור.

די רעזולטאַטען פון אָט דער רייזע זיינען געוועזן באמת שרעקליכע. ווען די ערשטע פּאַרטיע, וואָס איז ביים ערשטען אַרויסטריט באַשטאַנען פון 250 מענשען, האָט ענדליך דערגרייכט ניקאָלאַיעווסק, האָבען אַלע אַרעסטאַנטען (ניט רעדענדיג שוין וועגען די, וואָס זיינען געשטאָרבען אין וועג) גליטען פון סקאָרבוט; פּופציג פון זיי האָבען זיך ניט געקאָנט ריהרן...*) און אָט די אונגליקליכע מענשען האָט מען באַשטימט צו ווערן די פּיאָנערן פון קאָלאָניזאַציע אויף סאַכאַלין! עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אין פאַרלויף פון די ערשטע יאָהרען האָט די שטערבליכקייט אויף סאַכאַלין דערגרייכט ביז 117 מענשען אויף יעדע 1000, און אז יעדער פאַרשיקטער האָט די ערשטע צייט געמוזט זיין אין שפּיטאָל דריי מאָל אין פאַרלויף פון איין יאָהר.**)

ערשט נאָך א לאַנגער רייהע פון עהנליכע „טעות'ן", וועגען וועלכע מען האָט גערעדט אפילו אין אונזער צענזורירטער פּרעסע, האָט מען אָפּגעשטעלט די טראַנספּאָרטירונג דורך סיביר פון די פאַרשיקטע אויף סאַכאַלין, און מען האָט זיי גענומען אַרויסשיקען מיט'ן ים, דורך אָדעס און דעם סועץ קאַנאַל. די ענגלענדער געדענקען נאָך מסתמא, אין וואָס פאַר א שרעקליכען צושטאַנד מען האָט די קאַטאָרזשניקעס געבראַכט אין סועץ, און וואָס פאַר צאָרן עס האָט זיך אויפגעהויבען וועגען דעם אין דער ענגלישער פּרעסע. די לאַגע האָט זיך אַביסעל פאַרבעסערט אין די לעצטע יאָהרען, אורטיילענדיג נאָך די מעדיצינישע באַריכטען, וואָס באַהויפּטען, אז די טראַנספּאָרטירונג פון אַרעסטאַנטען אויף דאַמפּפערס, וואָס

*) טאָלבערג. „די פאַרשיקונג אויף סאַכאַלין." „וויעסטניק יעוורָאפּי", מאַי 1879.

**) קעפּען, אין דער אויבענדערמאָנטער אַרבייט.

געהן פון אָדעס, געהט אָן אונטער פארהעלטניסמעסיג ערטרעגליכע באדינגונגען. אָבער נאָך ערשט ניט לאנג איז אין די ציימונגען ערשינען אַ מעלדונג, אז דער לעצטער טראנספּאָרט (אין 1886) האָט געליטען פון אַ פּאָקען עפּידעמיע, און אז די שטערבליכקייט האָט ווידער דערגרייכט אַ שרעקליכע הויך. באלד נאָך אָט דער ציימונגס ידיעה וועט מסתמא קומען אַן אָפּיציעלע אָפּלייקענונג, אָבער ווער וועט איהר גלויבען?

ווענען דער לאגע פון די פארשיקטע קאטאָרזשניקעס אויף סאכאלין ווייס מען אייגענטליך זעהר ווענינ*). אין 1879 איז אין די רוסישע צייטונגען ערשינען אַן ערקלערונג, אונטערגעשרי־בען פון אַ רוסישען סוחר, ווענען דעם אונבאגרעניצטען ווילקיר פון דעם הויפּט פארוואלטער פון אינזעל. מען האָט באשולדיגט די געפענגנים אדמיניסטראציע אין דעם, אז זי באַ'גנב'עט די אָרימע ארעסטאנטען. דאָקטאָר א. א. האָט געשריבען פון אַלעקסאנד־ראָווסק אין אָקטאָבער 1880: „מען האָט מיך באשטימט אין קאָרסאקאָווער שפּיטאָל (אין דעם דרומ'דיגען טייל פון אינזעל), אָבער איך וועל צו איהם ניט קאָנען צוקומען פאר דעם קומענדיגען יוני . . . מיין חבר איז אוועק פון דינסט . . . ער האָט מעהר ניט געקאָנט צוזעהן די לומפּערייען, וואס ווערן אפּגעטאָן!**) דאָס זיינען פּילבאדייטענדע ווערטער, וואָס גיבען דעם רוסישען לעזער אַ מעגליכקייט אָנצוהויבען באגרייפען דעם אמת, באזונדערס ווען מען שטעלט דאָס צונויף מיט דעם פאָלגענדען: „דער פארוואלטער פון דער קאָלאָניע באזוכט זעלטען די קאזארמעס און דאָס אויך נאָר אין באגלייטונג פון באוואפענטע וועכטער. דער פאר־וואלטער פון געפענגנים וואגט ניט צו באווייזען זיך צווישען די ארעסטאנטען.“ שפּעטער איז אין דער פּעטערבורגער צייטונג „סטראנא“ געווען געדרוקט אַ מעלדונג ווענען די מעשים פון דער אדמיניסטראציע פון אינזעל, וואָס דער הויפּט-קאָמאנדיר פון דער רוסישער פּאסיפישער עקספּעדיציע האָט אויפגעדעקט. עס האָט

*) געשריבען אין 1886. פון יענער צייט אָן האָבען די אַרבייטען פון טשערנאָוו'ן און דאָראָשעוויטש'ן פולשטענדיג באלויכטען די סאָכאַלינער פיהרונגען.

**) „פּאָריאַדאָק“, 8טען סעפּטעמבער, 1881.

זיך ארויסגעשטעלט, אז בעת די קאטאָרזשניקעס פון די אָרימע קלאסען פלעגט מען שיקען אויף די שווערסטע ארבייטען, געשמידטע אין קייטען, האָבען די רייכע אויסוואורפען צווישען זיי פארנומען א פריווילעגירטע לאגע: מען האָט זיי געגעבען אויפ'ן אינזעל פולשטענדיגע פרייהייט, און זיי האָבען געוואָרפען מיט געלט און געמאכט באנקעטען פאר די באאמטע.

די אויבענגעבראכטע אויפדעקונגען האָבען ארויסגערופען אן אָפיציעלע אויספאָרשונג. די צייטונגען האָבען וועגען דעם גע-יובעלט, אָבער וואָס די רעזולטאטען פון דער אויספאָרשונג זיינען געוועזען, דאָס איז געבליבען אונבאקאנט. פון דעמאָלט אָן זיינען אין דער פרעסע ניט געוועזען קיין שום ידיעות וועגען סאכאלין, אויסער דער אויבענדערמאָהנטער ארבייט פון דר. פעטרי. די איבערפילונג פון דער אלעקסאנדראָווסקער געפענגניס איז מסתמא אונגעהויער גרויס. זי איז געוועזען אויפגעבויט איינגאנצען פאר 600 מענשען, אָבער אין 1881 זיינען אין איהר געוועזען 1103 מענשען, און אין 1882 — 2230 מענשען. מען האָט מסתמא אויפגעשטעלט וועלכע עס איז צייטווייליגע קאזארמעס. מען קאָן באגרייפען, וואָס אזוינס עס דארפען זיין „צייטווייליגע קאזארמעס" אויף סאכאלין!

פון דעם, וואָס מיר האָבען אויבען געזאָגט, זעהט מען, אז די גרעסטע שווערקייט האָט די סאכאלינער אדמיניסטראציע מיט פא-נאנדערטיילען די קאטאָרזשניקעס און געפינען א וועלכע עס איז באַ-שעפטיגונג פאר די דאָזיגע, וואָס ווערן באפרייט פון קאטאָרזשנער ארבייט. אזוי ווי ניט אין רוסלאנד, ניט אין סיביר איז ניטאָ קיין פאסיגער אָרט אויף אויפצוהאלטען די קאטאָרזשניקעס, שיקט מען זיי ארויס אויף סאכאלין אין א פּראָפּאָרציע, וואָס פארגרעסערט זיך מיט יעדען יאָהר. אין סיביר, נאָך דער באפרייאונג, באקומען זיי א טייל לאנד און איינינגע אגריקולטורעלע אינסטרומענטען; נאָך צוויי יאָהר נעהמט די רעגירונג אראפּ פון זיך יעדע זארג וועגען זיי. אָבער וואס טוט מען מיט זיי אויף סאכאלין? ערד־ארבייט אויפ'ן אינזעל איז, ווי מיר האָבען געזעהן, כמעט אונמעגליך, די קאָלאָ-ניסטען קומט אויס בוכשטעבליך צו הונגערן, און די אדמיניסטרא-ציע איז געצוואונגען צו ברענגען פאר זיי שפּייז פּראָדוקטען פון רוסלאנד, וואָס איז אונטערוואָרפען אלע געוועהנליכע ריזיקעס. אזוי,

צום ביישפּיל, אורטיילענדיג נאָך א נאָטיץ אין דער האַלב־אָפיציעלער צייטונג, וואָס געהט ארוים אין וולאַדיוואָסטאָק, איז א לאַדונג מעהל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר סאַכאַלין, אַנגעקומען אַהין דורכגענעצט און ווערימדיג. מען האָט וועגען דעם, ווי געוועהנליך, באַשטימט אַן „אויספאָרשונג״; אָבער אָט די „אויספאָרשונג״ וועט ווייניג העלפען די סאַכאַלינער, וואָס זיינען געבליבען אָהן מעהל.

די געשיכטע פון סאַכאַלינער „קאָלאָניזאַציע״ איז א ווידערהאָלונג פון דעם, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו באָאָבאַכטען אין די זעכציגער יאָהרען אויפ׳ן אמור און אוסורי; דער אונטערשיד באַשטעהט אפשר אין דעם, וואָס אויף סאַכאַלין זיינען ערגערע באַדינגונגען. אויף סאַכאַלין קאָסט א פוד מעהל פון דעם ערגסטען מין 4 רובעל; דער פּרייז ווערט פאַרדאָפּעלט אין פאַל פון א מאַנגעל אין די רעגירונגס וועהרהייזער, צוליב דעם, וואָס עס ווערט ניט צוגעשטעלט אין צייט אָדער צוליב אַנאַנדער צופעלינער אורזאַך. און די פּראָספּעקטיווע ערד־ארבייטער, וואָס וואָלטען איינגיכען נעדאַרפט באַזאָרגען די געפענגנים מיט אגריקולטור פּראָדוקטען און וואָס וואָלטען, אונטער פּאַסיגערע אומשטענדען, אָט דעם ציעל אפשר דערגרייכט, מוזען אויף אזא אופן, אונטער די איצטיגע באַדינגונגען, אליין געראַטעוועט ווערן פון הונגער. און דאָס איז פאַרשטענדליך, ווען יעדע פאַמיליע האָט געקאַנט אַפּרייניגען דורכשניטליך נאָר צוויי דריטעל דעסיאַטין פון די זומפּיגע וועלדער.

איינער פון די גרויסע פאַרצוגען פון סאַכאַלין, פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער געפענגנים אַדמיניסטראַציע, איז געווען דאָס, וואָס אנטלויפען פון איהם איז געווען אונגעהויער שווער. אָט דעם פאַרצוג האָט ווירקליך סאַכאַלין. אייגענטליך איז אנטלויפען אליין ניט אונמעגליך. אין 1870 האָבען ניט ווייניגער פון זעכצעהן פּראָצענט פון דער גאַנצער ארעסטאַנטען באַפעלקערונג געפּרואווט אנטלויפען. אָבער א גרויסע מעהרהייט פון זיי זיינען געכאַפּט געוואָרן פון די איינגעבאָרענע, וואָס האָבען זיי אָדער געטויט, אויב זיי האָבען זיי געכאַפּט ווייט פון א מיליטערישען פּאָסטען אָדער געבראַכט צום פּאָסטען, אויב זיי האָבען געמיינט, אז זיי וועלען פאַר דעם באַקומען א פּאַסיגע באַלוינונג. פאַר יעדען אנטלאָפענעם, וואָס מען האָט געכאַפּט אין סיביר, האָט די מלוכה גע־

צאָהלט די איינגעבאָרענע צו צעהן רובעל, אויב זיי האָבען איהם נעבראכט אַ לעבעדיגען, און צו פינף רובעל, אויב זיי האָבען איהם געטויט. אויף סאכאלין שאצט מען די ארעסטאנטען ביליגער, און אין ערשטען פאל צאָהלט מען זעקס רובעל, און אין צווייטען — דריי רובעל, מיינענדיג אז אזא נידריגע טאקסע וועט נאָך אלץ באוועגען די אָרימע גיליאַקעס אָנצופיהרען אַ יאגד אויף די אנט־לאָפענע. זיי פיהרען אָן אָט די „יאגד" אויף דעם בארבארישסטען אופן, באזונדערס פון זינט די סאכאלינער באאמטע האָבען צווישען זיי פאנאנדערגעטיילט ביקסען. דר. פעטרי דערצעהלט, אז איינ־מאָל האָבען די גיליאקעס באגעגענט אַ פארטיע סעקטאנטען, פון דער סעקטע „לויפער". זייער רעליגיעזע לעהרע צווינגט זיי אָפּ־צורייסען אַלע פארבינדונגען מיט דער זינדיגער וועלט, וואָס גע־פינט זיך אונטער דער הערשאפט פון אנטיכריסט, און פיהרען אַ לעבען פון אייביגע וואנדערער, וואָס פארמאָגען ניט נאָר קיין היימען, נאָר אויך ניט קיין שום אייגענטום. זיי זיינען געוועזען צוועלף פערזאָן, איינינע פון זיי האָבען געהאלטען קינדער אויף די הענט, און די גיליאקעס האָבען זיי אַלעמען ערמאָרדעט. דער מערקווירדיגסטער כאראקטערשטריך ביי אָט די אונגליקליכע איינ־געבאָרענע איז די אָפּוועזענקייט פון וועלכער עס איז בייזקייט צו די אנטלויפענדיגע: זיי וועלען דעם פליכטלינג באהאנדלען אויף דעם בעסטען אופן, אויב ער וועט זיי געבען דריי רובעל, אָדער עפּעס פון גלייכער ווערט. אויב אָבער דער פליכטלינג קאָן ניט באצאָהלען די געפאָדערטע אויסלייז־סומע, וועלען איהם די גיליא־קעס אָהן רחמנות דער׳הרג׳ענען, כדי צו באקומען „דעם פרייז פון בלוט", די דריי רובעל, וואָס די געפענגנים אדמיניסטראציע באַ־צאָהלט. ווען די אויסצאָהלונג פון דעם פרעמיום פאר מענשליכע לעבענס איז צייטווייליג אָפּגעשטעלט געווארן, האָבען די גיליא־קעס אליין געהאָלפען די אנטרינער. — „נו וואָס קאָן מען טאָן? — זאָגען די סאכאלינער פארשיקטע, — זיי הונגערן אליין, און דריי רובעל און דערצו נאָך די קליידער פון דעם דער׳הרג׳עטען זיינען ניט קיין קליינער נסיון פאר אַ הונגעריגען מענשען".

און דאָך זיינען די אנטרינונגען צאָהלרייך. די אנטלויפער געהען ווי עס איז דורך צו דרום־מזרח, כאָטש דער וועג איבער בערג און וועלדער איז אונגעהויער שווער, און דערקלייבענדיג זיך

צום ים-ברעג, ווארטען זיי דארטען, ביז זיי וועלען דערזעהן אן אמעריקאנער וואלפיש־שיף. אייניגע קלייבען זיך אריבער איבער דעם טאטערשען ים־אויסגוס, וואס איז אינגאנצען ניין וויארסט ברייט ביים לאנד־שפיץ פאגאבי, וואו מען קאן ווינטער־צייט ארי־בערגעהן איבער'ן אייז אויפ'ן קאנטינענט; אנדערע מאכען א פליט פון דריי־פיר בוימער און לאזען זיך אוועק אין ים. דאס שיפעל „וואסטאק" האט ניט לאנג צוריק באגעגענט אין דעם ים־אויסגוס אזא פליט. פון שיפעל האט מען באמערקט עפעס א שווארץ פינטעל, וואס האט זיך באוועגט; צוקומענדיג נאהנטער, האט מען דערזעהן צוויי פליכטלינגען אויף א פליט פון פיער קלע־צער. זיי האבען געהאט מיט זיך אן עמער זיסען וואסער, אביסעל ברויט, סוכארעס און צוויי ציגעל טיי. זיי האבען זיך געטראגען איבער'ן ים, ניט האבענדיג קיין שום פארשטעלונג וועגען דעם, וואוהין דער שטראם וועט זיי פארטראגען. אויף דער פראגע: וואוהין שווימען זיי? האבען די אנטרינער געענטפערט: „אהין, אין רוסלאנד!" — אנווייזענדיג דערביי ערגעץ וואו אין מערב. די מעהרסטע פון זיי שטארבען אין וועג, ווערענדיג דערטרונקען אין אן אנלויפענדיגער כוואליע, אדער אריינפאלענדיג אונטער דעם בוראן, — דעם שרעקליכען אמורער בוראן (א שטורעם), — וואס באגראבט אמאל ניקאלאיעווסק אויף עטליכע טעג אונטער'ן שניי. און אויב זיי געלינגט שוין ענדליך צו דערקלייבען זיך צום קאנטי־נענט, דארפען זיי אריבערטראגען א מאסע ליידען, איידער זיי דערשלאגען זיך צו די באפעלקערטע טיילען פון אמור. מען דער־צעהלט, אז עס זיינען אפילו געווען פאלען פון מענשענפרעסעריי. און דאך געלינגט אייניגע זיך אומצוקעהרן אין רוסלאנד. מיט עטליכע יאהר צוריק איז איינער פון זיי, קאמאלאוו, וואס האט זיך שוין דערקליבען צוריק צום היימישען דארף, אבער איז ארויס־געגעבען געווארן פון עפעס א פערזענליכען שונא, געשטעלט גע־ווארן צום געריכט פאר אנטלויפען, און זיין איינפאכע דערצעה־לונג האט געריהרט די הערצער פון א סך מענשען אין רוסלאנד. ער האט געוואנדערט צוויי יאהר, אריבערשווימענדיג אזיערעס און טייכען, דורכקריכענדיג וועלדער און סטעפעס, ביז ער האט זיך דערקליבען אהיים. זיין פרווי האט געווארט, ער זאל זיך אומקעה־רען. אין פארלויף פון עטליכע וואכען איז ער געווען גליקליך.

„טייכען, בערג, דער שטורמינגער באַיקאַל, די שרעקליכע שניי-שטורמס האָבען מיר ניט געטאָן קיין שלעכטס, — האָט ער דער-צעהלט ביים פּראָצעס, — חיות האָבען רחמנות געהאַט אויף מיר. אָבער מענשען, ברידער פון אייגענעם דאָרף, זיינען געווען אונ-דערבאַרעמליך: זיי האָבען מיך אַרויסגעגעבען!“

„צוריק אין רוסלאַנד!“ — דאָס איז דער חלום, וואָס פאַר-פאָלגט אָהן אויפהער יעדען פאַרשיקטען. מען קאָן איהם פאַר-שיקען אויף סאַכאַלין, אָבער זיינע געדאַנקען זיינען שטענדיג גע-ווענדעט צו מערב, און אפילו פון סאַכאַלין וועט ער אויף אַלערליי אופנים פּרואווען זיך אומקערן אין זיין היימישען דאָרף, דערזעהן זיין פאַרוואָרפענע כאַטע. דאָס סיסטעם פון פאַרשיקונג האָט, ווייזט אויס, אָפּגעלעבט זיין צייט, אויב מען מוז באַזעצען די פאַר-שיקטע אויף אַן איינזאַמען אינזעל כדי צו פאַרהינדערן אַנטרי-נונגען.

מיר האָפען, אַז אין דער מעהר אָדער ווייניגער נאָהנטער צוקונפט וועט די פאַרשיקונג אין סיביר אָפּגעשטעלט ווערן. און וואָס שנעלער, אַלץ בעסער, ווייל סיביר איז גרויס, און די ביוראָ-קראַטישע פאַנטאַזיע איז גרענעצלאָז. ווער קאָן גאַראַנטירן, אַז מאָרגען וועט די ביוראָקראַטישע באַאַמטע ניט איינפאַלען איינ-צופיהרן נייע אגריקולטורעלע קאָלאָניעס אין לאַנד פון די טשוק-טשעס, אָדער אויף „ניילאַנד“ און מאַכען נייע העקאַטאָמבען פון מאַרטירער, מיט דעם איינציגען ציעל, — צו געבען עטליכע באַ-אַמטע פּראָפּיטאַבעלע שטעלען?

יעדענפאַלס האָבען די ביוראָקראַטישע איגנאַראַמוסעס אין פּעטערבורג, דוכט זיך, באַשלאָסען אָפּצוזאָגען זיך פון אויספיהרן דעם פאַנטאַסטישען פּלאַן, וואָס האָט געהאַט דעם ציעל צו פאַר-וואַנדלען סאַכאַלין אין אַ קרימינעלע קאָלאָניע.*) אורטיילענדיג נאָך די לעצטע נאַכריכטען, פּלאַנט מען אויסצוברייטען די קאַריער געפענגניסען און צו פאַרגרעסערן די צאָהל קאַטאָרזשניקעס, וואָס מען פאַרשיקט אַהין, אויף טויזענט מענשען; מען פּלאַנט אויך ווידער אָנצוהויבען די אויסאַרבייטונג פון די נערטשינסקער זיל-

*) אַלץ איז פאַרבליבען ווי געווען, ביז די יאַפּאַנעזער האָבען פאַרנומען סאַכאַלין.

בער מינען, וואו די ארבייט איז אפגעשטעלט געוואָרן מיט עטליכע יאָהר צוריק. ווי איהר זעהט, קערן מיר זיך אום, אין דער פאַר־שיקונג, ווי אין א סך אנדערע פּרטים, צו דער לאַגע, וואָס האָט עקזיסטירט מיט פינף און דרייסיג יאָהר צוריק, ערב דער קרימער מלחמה.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

# וואָס אויסלענדער זאָגען וועגען די רוסישע געפענגניסען.

אויסלענדער, וואָס האָבען באַזוכט רוסלאַנד, אויב זיי האָבען נעהאַט גענוג באַאָבאַכטונגס־ פעהיגקייט, האָבען באַמערקט דעם פאָלגענדען כאַראַקטעריסטישען שטריך פון דער רוסישער ביוראָ־קראַטיע. די רוסישע באַאַמטע ווייסען גוט די פעהלערען פון זייער ביוראָקראַטישען סיסטעם, ווייסען זיינע ערגסטע זייטען; און דאָס איז קיין וואונדער ניט: זיי זיינען דאָך אַליין אַ באַשטאַנד־טייל פון אָט דער ביוראָקראַטיע. איינינע פון זיי באַהאַלטען אפילו ניט אָט די חסרונות און ווייזען אָפען אָן אין געשפּרעכען, אין דעם קרייז פון פריינד, אויף די פאַרשידענע חסרונות פון דער רוסישער ביוראָקראַטיע. אפילו אין די אָפּיציעלע באַריכטען באַהאַלטען ניט די פאַרוואַלטער פון די באַזונדערע דעפּאַרטאַמענטען די חסרונות, וואָס זיי האָבען באַמערקט צווישען זייערע אונטערגעאָרדענטע. אָבער ווי נאָר עס קומט אַריין אַן אויסלענדער אין גאַסט-צימער, וואו מיט עטליכע מינוטען צוריק איז די רוסישע אַדמיניסטראַציע אויף אַזאַ אומערבאַרעמליכען אופן פאַראורטיילט געוואָרן, נע־מען דיזעלביגע קריטיקער אין איין קול פאַרזיכערן דעם אויסלענדער, אַז „נאַטירליך איז אונזער אַדמיניסטראַציע ניט פריי פון איי־נינע קליינע פעהלערען, זיינען דאָך אָבער אויף דער זון אויך פאַראַן פלעקען; דערצו נאָך נעמט שוין זיין עקסעלענץ נ. נ. אָן די ענער־נישסטע מיטלען אָפּצואווישען די לעצטע שפּורען פון די פעה־לערען, וואָס האָבען זיך, צום באַדויערן, אריינגעגנב'עט אין די אַדמיניסטראַציע פון זיין פאָרגעננער, דעם גענעראַל מ. מ." אויב אָבער דער אויסלענדער איז אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ וועלכער עס איז צייטונג און ווייזט אַרויס אַ נייגונג צו טיילען זיך מיט דעם לעזענדען עולם פון זיין לאַנד מיט די ידיעות, וואָס ער נעמט

ארויס פון פריוואטע געשפרעכען, וועלען דיזעלביגע, וואס האָ־בען „אונערבארעמליך קריטיקירט" אין דעם אייגענעם קרייז, זעהן פאָרצושטעלען פאר דעם אויסלענדער די גאנצע רוסישע אד־מיניסטראציע אין דעם העלסטען ליכט. אויף אזא אופן וועלען זיי פרואווען פארניכטען די „נקמה נעמענדיגע פובליציסטען", וואס צוקלינגען אין אויסלאנד דאס, וואס דיזעלביגע באאמטע האָבען געשריבען אין רוסלאנד, אָבער בלויז פאר'ן היימישען געברויך. מיר איז גוט באקאנט געווען אזא באציהונג אין דער מאנדזשורישער אדמיניסטראציע, ווי אויך אין דער רוסישער, — אין אירקוטסק אזוי גוט ווי אין פעטערבורג. עס איז באמת שווער צו געבען א שטארקערע באשרייבונג פון דער אלגעמיינער גנבה וגזלה אין די רייהען פון דער גאנצער העכערער אדמיניסטראציע פון רוסלאנד, איידער די, וואס פלעגט געגעבען ווערן אין די באריכטען פון דעם מלוכה קאָנטראָליאָר צו אלעקסאנדער דעם צווייטען, ווען דער קאָנטראָל איז צוערשט איינגעפיהרט געוואָרן אין רוסלאנד. אָבער וואס פאר א שטורעם פון צאָרן וואָלט זיך דאס אויפגעהויבען! אנטקעגען דעם רוס, וואס וואָלט איבערזעצט אָט די באריכטען און איבערגעגעבען זייער אינהאלט אין דער אויסלענדישער פרע־סע! — „דערצעהלט ניט פון חדר!" — וואָלטען געשריען אלע די, וואס האָבען א וועלכע עס איז שיכות צו די ביוראָקראטישע ספערען.

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען, ווי שווער עס איז פאר דעם אויסלענדער, אונטער אזעלכע באדינגונגען, צו באקאנען זיך מיט דעם אמת'ען צושטאנד פון אזא צווייג פון דער אדמיני־סטראציע, ווי די רוסישע געפענגניסען, באזונדערס אויב איהם קומט אויס צו פארקערן אויסשליסליך אין די אדמיניסטראטיווע קריי־זען, אויב ער איז נאָך דערצו ניט באקאנט מיט דער רוסישער שפראך, און אויב ער האָט ניט שטודירט די רוסישע ליטעראטור אין דער פראגע. אויב ער וואָלט אפילו געהאט דעם אויפריכ־טיגסטען פארלאנג צו דערגעהן דעם אמת און ניט ווערן א שפיעל־צייג אין די הענט פון דער ביוראָקראטיע, וואס איז שטענדיג גרייט זיך אָנצוכאפען אָן א באקוועמער געלעגענהייט ריינגעוואשען צו ווערן אין דער אויסלענדישער פרעסע, וואָלט אויך דעמאָלט זיין וועג געווען פול מיט אלערליי שוועריקייטען.

צום באדויערן, איז אָט דער איינפאכער אמת ניט אַלעמאָל פארשטאַנען געוואָרן פון אויסלענדער, וואָס האָבען באזוכט רוס־לאַנד, און אין דער צייט, ווען סטעפּניאַק (קראַווטשינסקי) און איך האָבען געפּרואווט צוציהען די אויפמערקזאמקייט פון דער ענגלישער געזעלשאַפטליכער מיינונג אויף די שרעקען, וואָס קומען פאָר אין די רוסישע געפענגניסען, האָט זיך געפונען אַן ענגלענ־דער, דער גייסטליכער לענסדייל, וואָס האָט זיך אונטערגענומען ריינצוואַשען די רוסישע אדמיניסטראַציע. האָבענדיג דורכגע־פאָהרן סיביר מיט אַן אונגעהויערער שנעלקייט, האָט ער פארעפענט־ליכט צוערשט אַ רייה ארטיקלען, און דערנאָך אַ גאַנץ בוך, אין וועלכען ער האָט דערצעהלט נסים, אפילו וועגען אַזעלכע שרעק־ליכע געפענגניסען, ווי די טומענער און טאָמסקער איבערשיקונגס־געפענגניסען.

אַזוי ווי זיינע באַשרייבונגען האָבען ניט געשטימט מיט מיינע, און מען האָט איהם אויף דעם אָנגעוויזען אין דער פרעסע, האָט ער געפּרואווט ערקלערן די ווידערשפּרוכען אין אַן ארטי־קעל, וואָס ער האָט געדרוקט אין דעם ענגלישען זשורנאַל „קאָנ־טעמפּאָרערי ריוויו“, פעברואַר 1883, און איך האָב איהם געענט־פערט, שוין פון דער ליאָנער געפענגניס. מיר איז ניט שווער גע־ווען אָנצואווייזען דעם ענגלישען גייסטליכען, אַז ער הויבט ניט אָן צו וויסען גאָרנישט וועגען די רוסישע געפענגניסען, ניט פון איינענע באַאָבאַכטונגען, ניט פון דער רוסישער ליטעראַטור אין דער פּרעסע. אַזוי, צום ביישפּיעל, האָט זיך ארויסגעשטעלט פון לענסדעל׳ס איינענעם בוך (זעה זיינע קאַפּיטלען 5, 9, 21, 36 און 37), אַז, האָבענדיג דורכגעפלויגען סיביר מיט דער שנעלקייט פון אַ קוריער, האָט ער אָפּגעגעבען ווייניגער פון פער־צעהן שעה אויף אַ שטודיום פון די וויכטיגסטע שטראָף איינריכטונגען פון סיביר; נעמליך, ארום צוויי שעה אויף די טאָבאָלסקער געפענגניס, צוויי שעה אויף דער אַלעקסאַנדראָווסקער פאַבריק, ארום אירקוטסק, און ווייניגער פון צעהן שעה אויף קאַרא, ווייל אין איין טאָג האָט ער ניט נאָר באזוכט די געפענגניסען פון דער אונטערשטער קאַרא, נאָר האָט נאָך באוויזען אָפּצופאָהרן דרייסיג ווערסט און זיך באַנוצען מיט דער סיבירער גאַסטפריינד־ליכקייט, אין דער פאָרם פון פרישטיקען און אַ מיטאָג, וועלכע ער

האָט אויספיהרליך באשריבען אין זיין בוך. וואָס אנבאַטרעפט דעם צווייטען טאָג פון לענסדעל'ס זיין אויף קארא, ווען ער האָט געדאַרפט באזוכען די געפענגניסען אויף דער אונטערשטער קארא, וואו עס האָבען זיך אויפגעהאַלטען די פּאָליטישע, איז אין יענעם טאָג גראָד געווען אויסגעפאַלען דער געבורטסטאָג פון דעם גע־פענגניס-פּאַרוואַלטער, פּאָלקאָווניק קאָנאָנאָוויטש. איך אוועגט ווידער האָט לענסדעל געדאַרפט כאַפּען דעם דאַמפּער אויף שילקאַ. „ווען מיר זיינען אָנגעקומען, — שרייבט ער, — אין די ערשטע גע־פענגניס, וואו אַן אָפיצער האָט געוואַרט אויף אונז, האָב איך גענומען מורא האָבען, אַז אונז וועט ניט בלייבען קיין צייט, און איך וועל פאַרשפּעטיגען דעם דאַמפער. איך האָב דעריבער גע־בעטען, אַז מיר זאָלען באַלד פאָהרען ווייטער, און מיר זיינען אָפּ־געפאָהרען צו אוסט־קארא".

מיט איין וואָרט, עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז ווען ל. נ. טאָל־סטאָי האָט אין זיין ראָמאַן „וואָסקרעסעניע" באַשריבען אַן ענג־לענדער, וואָס באַזוכט פאַרבייפליהענדיג די סיבירער געפענגני־סען, האָט ער געהאַט אין זינען לענסדעל'ען.

עס איז אויך געווען קאָמיש צו באַמערקען, אַז, ציטירענדיג די מאַטעריאַלען, וואָס לענסדעל האָט דורכגעקוקט פאַר דעם שטו־דיום פון רוסישע געפענגניסען, דערמאָנט ער ניט נאָר די אַנטרינונג פון פּיאָטרקאָווסקי'ן, וואָס איז געשעהן אין די פער־ציגער יאָהרען, נאָר אפילו דעם צווייטען באַנד פון „ראָבינזאָן קרוזאָ"!

אָבער אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז דאָס, וואָס מיר האָבען זיך אינגיכען דערוואוסט, אַז דער עצם פון לענסדעל'ס ענטפער אויף מיין קריטיק איז אָנגעשריבען געוואָרן אין פּעטערבורג, אין דעם געפענגניס דעפּאַרטאַמענט, וואָס איז דעמאָלט געווען אונטער הערן גאַלקין-וורַאסקי. מיט אָט דעם צוועק האָט מען דעם הערן לענסדעל אפילו ערלויבט דורכצושפּאַ־צירען זיך איבער די קאָרידאָרען פון טרובעצקאָי באַסטיאָן פון פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג און אריינקוקען אין צוויי קאַזעמאַ־טען, דורך שפּאַרונעס אין די טירען. נאָכדעם האָט לענסדעל מודיע געווען דער וועלט, דיקטירט פון די רוסישע אַגענטען אין לאָנדאָן, אַז אַלץ, וואָס מיר האָבען געדרוקט וועגען די שרעקען

פון פאַרהאַפּטונג אין אַלעקסעיעווער ראַוועלין, איז דורכאויס לי־גען! די עראַינערונגען פון פּאָליוואַנאָוו און אַנדערע, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרען די לעצטע יאָהרען, באַווייזען איצט, ווי ווייט עס איז דעמאָלט געגאַנגען די חוצפּה פון די פּעטערבורגער באַאַמטע.

דאָס אַלץ איז שוין איצט געוואָרן אַ ווייטע פאַרגאַנגענהייט, און עס וואָלט ניט געלוינט צו דערמאָנען וועגען דעם, ווען די רוסישע געפענגניס אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט ערמוטיגט לענס־דעל'ען, וואָלט אַליין ניט אַריינגעפאַלען. קענאַנ'ען און דעם מאַלער פראָסט'ען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון אַן אַמעריקאַנער אי־לוסטרירטען זשורנאַל, האָט מען, ווי באַקאַנט, אין פּעטערבורג אויפגענומען מיט אָפענע אַרעמס. מען האָט זיי געגעבען אַלע פולמאַכטען, האָפענדיג, אַז זיי, פּונקט ווי לענסדעל, וועלען זיך דורכפאָהרען איבער סיביר און וועלען אָנשרייבען וועגען די סיבי־רער געפענגניסען אַלץ, וואָס די פּעטערבורגער ביוראָקראַטען ווי־לען; אָבער, ווי אַלע ווייסען, האָבען קענאַן און פראָסט זיך אויס־געלערענט רוסיש, באַזונדערס קענאַן, האָבען זיך באַקאַנט מיט אַ מאַסע פאַרשיקטע, און סוף כל סוף האָט קענאַן אָנגעשריבען וועגען סיביר אַ בוך, וואָס האָט אויפגעדעקט דאָס גאַנצע שרעקליכע בילד פון פאַרשיקונג.

פון דאַן אָן האָט מיין פּאָלעמיק מיט לענסדעל'ען, — דאָס הייסט, אייגענטליך, מיט העררן גאַלקין־וורואַסקי'ן, — פאַרלאָרן אויף אַזאַ אופן יעדען אינטערעס, און דעריבער וואַרף איך זי אַרויס פון אָט דעם בוך און לאָז נאָר איבער די פאָלגענדע דאַטען וועגען די רוסישע געפענגניסען, וואָס זיינען אַרויסגענומען פון אָפי־ציעלע אָנגאַבען און פון מאַטעריאַלען פון יענער צייט.

אָט איז, צום ביישפּיעל, וואָס אַן אויספאָרשער פון די פּע־טערבורגער געפענגניסען, העררר ניקיטין, האָט געשריבען וועגען דעם ליטווישען שלאָס, אין פּעטערבורג:

„אין אָט דער געפענגניס זיינען פאַראַן 103 קאַמערען, אין וועלכע עס ווערן אויפגעהאַלטען 801 אַרעסטאַנטען... די קאַמערען זיינען שרעקליך שמוציג; שוין אויף די טרעפּ באַגעגענט אייך אַ שטיקענדיגער גערוך. די קאַרצערען מאַכען אַ שוידערליכען איינדרוק; זיי זיינען כמעט אינגאַנצען אָהן ליכט. צוקומען צו זיי מוז מען דורך עפּעס פינסטערע לאַבירינטען, און די קאַרצערען

גופא זיינען שרעקליך נאָס: עס איז אין זיי גאָרנישט ניטאָ, אויסער א צופוילטען דיל און נאַסע ווענט. א מענש, וואָס קומט אריין פון פרישער לופט אין אַזא קארצער, מוז באלד אנטלויפען, מורא האָבענדיג דערשטיקט צו ווערן... ספּעציאַליסטען זאָגען, אַז דער געזונטסטער מענש מוז שטארבען, ווען מען האלט איהם אָפּ אין אזא קארצער דריי אָדער פיער וואָכען. די ארעסטאנטען, וואָס זיינען אָפּגעווען אין זיי א געוויסע צייט, זיינען ארויסגעקומען פון דאָרטען אינגאַנצען אָהן כחות; אייניגע האָבען זיך קוים געקאָנט האַלטען אויף די פיס. נאָר אייניגע, וואָס געהערען צו די וועניגער וויכטיגע קאטעגאָריעס, איז ערלויבט צו ארבייטען. די איבעריגע זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענט מאָנאטען לאנג, אמאָל יאָהרען לאנג". ווען הערר ניקיטין האָט זיך פאראינטערעסירט און געוואָלט דורכקוקען די באריכטען וועגען די סומען געלט, וואָס די קרובים ברענגען צו די ארעסטאנטען, אָדער וואָס די לעצטע פארדינען אין געפענגנים, האָבען סאַי די העכערע, סאַי די נידריגערע געפענגנים באאמטע איהם אויפ'ן אנטשידענסטען אופן אנטזאגט.

דערזעלביגער אויטאָר באשרייבט אויפ'ן פאָלגענדען אופן די פאַרהאַפטונגס-פּלעצער ביי די פּאָליציייאישע באצירקען פון דער הויפּט-שטאָט:

„אין די קאַמערען פאר'ן איינפאכען פאָלק איז שרעקליך שמוציג; די ארעסטאנטען מוזען שלאָפען אויף די הוילע הילצערנע נארעס, אָדער, ווען עס איז א מאנגעל אין פּלאַץ, שלאָפט ניט זעלטען א העלפט פון זיי אונטער די נארעס אויפ'ן דיל, ביי יעדער געפענגניס אַזא זיינען פאראן קארצערן: דאָס זיינען פשוט זעהר קליינע קאַמערלאך, וואוהין שניי און רעגען דרינגען אריין גאנץ פריי. עס איז אין זיי גאָרנישט ניטאָ, שלאָפען מוז מען אויפ'ן דיל; די ווענט און דער דיל זיינען אינגאנצען נאַס. די פּריווילעגירטע ארעסטאנטען, וועלכע מען האַלט אין איינצעל־קאמערן, פאלען באלד אריין אין מעלאַנכאָליע; אייניגע פון זיי זיינען געוועזען נאָהענט צו משוגעת... אין די אַלגעמיינע קאמערן גיט מען ניט קיין ביכער צום לייענען, אויסער רעליגיעזע, וועלכע מען באנוצט אויף צונויפדרעהען פּאַפּיראָסען". (די באַצירק געפענגניסען אין פּעטערבורג).

דער אָפיציעלער באריכט פון פעטערבורגער קאָמיטעט פון דער „געזעלשאפט צו העלפען די פארשפארטע אין געפענגניסען", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פעטערבורג, אין 1880, באשרייבט די געפענגניסען פון דער רוסישער הויפטשטאָט אזוי:

„דער ליטווישער שלאָס איז אויסגעבויט געוואָרן פאר 700 ארעסטאנטען, און די איבערשיקונגס געפענגנים — פאר 200, אָבער אָפטמאָל געפינען זיך אין זיי: אין שלאָס — פון 900 ביז 1000 מענשען, און אין דער איבערשיקונגס געפענגנים — פון 350 ביז 400 און אפילו מעהר. אויסערדעם אנטשפרעכען שוין לאנג ניט די געביידען פון אָט די געפענגניסען ניט די סאניטארע פאָדערונגען, ניט זייער באשטימונג, ווי פארהאפטונגס פלעצער".

קאטקאָוו'ס זשורנאל „רוסקי וויעסטניק" איז אויך ווייט פון לויבען די רוסישע געפענגניסען. נאָך א באשרייבונג פון די פארהאפטונגס פלעצער ביי די פּאָליציי באצירקען, באמערקט הערר מוראוויאָוו (דער אויטאָר פון ארטיקלען, וואָס זיינען פארעפענט־ליכט געוואָרן אין „רוסקי וויעסטניק"), אז די אָ ס ט ר אָ ג ע ן זיינען ניט בעסער. געוועהנליך איז דאָס אַן אלטע, שמוציגע גע־ביידע, אָדער א רייהע פון אזעלכע געביידען, וואָס זיינען ארום־גערינגעלט מיט א וואנט. ניט אָנציהענד אויסערליך, זיינען די אָסטראָגען אינווענינג אויך ניט בעסער: נאַסקייט, שמוץ, אי־בערפילונג און געשטאנק — דאָס זיינען די טיפּישע שטריכען פון די אָסטראָגען, ווי אין די הויפט שטעדט, אזוי אויך אויף דער פראָווינץ.

„קליידער אין די אָסטראָגען, — זאָגט הערר מוראוויאָוו, — זיינען פאראַן פון צוויי סאָרטען: אלטע, ניט געניגענדע קליידער, וואָס די ארעסטאנטען טראָגען געוועהנליך, און בעסערע, וואָס ווערן זיי פאנאנדערגעטיילט, ווען באאמטע דארפען באזוכען די גע־פענגנים; אין אנאנדער צייט ווערן אָט די קליידער געהאלטען אין צעכהויז... קיין שולען, קיין ביבליאָטעקען זיינען ניטאָ... די איבערשיקונגס געפענגניסען זיינען נאָך ערגער... מיר וועלען זיך אויף עטליכע מינוט אָפּשטעלען אויף איין קאמער אזא. דאָס איז א גרויסער צימער, מיט נארעס ביי די ווענט און שמאָלע דורכגאנגען צווישען זיי. הונדערטער פרויען און קינדער זיינען דאָ צונויפגעקליבען. דאָס איז דער אזוי-גערופענער „פאמיליען־

קאמער", פאר די פאמיליען פון די ארעסטאנטען. אין אט דער שטיקענדיגער אטמאספער געפינט איהר קינדער פון יעדען על־טער, אין דער שרעקליכסטער ארימקייט; קיין קליידער פון דער רעגירונג גיט מען זיי ניט, און דעריבער זיינען זיי אנגעטאן אין שמאטעס, וואס הענגען אויף זיי שטיקערווייז און באשיצען זיי ניט ניט פון קעלט, ניט פון נאסקייט. און דאך וועלען די קינדער אין אט די שמאטעס געהן אין פארשיקונג אין סיביר". („רוסקי וויעסטניק", 1878).

רעדענדיג וועגען די סיבירער געפענגניסען, שרייבט יאדרינ־צעוו דאס פאלגענדע (איך וועל פארקירצען זיין דערצעהלונג): „כמעט אין יעדען אסטראג איז פאראן עפעס אן אונטעראירדישער קארידאר, א נאסער און שטינקענדיגער, — אן אמת'ער קבר. אין איהם געפינען זיך עטליכע קאמערען, וואו־הין מען פארזעצט די געפעהרליכע ארעסטאנטען, וואס ווארטען אויף זייער פראצעס. די קאמערען זיינען אויף א העלפט אונטער דער ערד. די דילען אין זיי זיינען אלעמאל נאס און צופוילט, שימעל און שוועמלאך באדעקען די וועגט; וואסער רינט שטענ־דיג דורך פון אונטער דעם דיל. א קליין, באפארבט פענסטער לאזט כמעט איינגאנצען ניט דורך קיין ליכט. די ארעסטאנטען ווערן דא געהאלטען אין קייטען. קיין בעטען און קיין בעט-גע־וואנט זיינען ניט ערלויבט: מען שלאפט אויפ'ן דיל, וואס איז באדעקט מיט ווערים און מיריאדען פליי; אנשטאט בעט־געוואנט בעט מען זיי אונטער שטרוי, און פאר קאלדרעס באנוצען די ארעסטאנטען זייערע אויף שטיקער צוריסענע כאלאטען. פון נאסקייט און קעלט ציטערט מען דא אפילו זומער-צייט. די וועכ־טער מוזען פון צייט צו צייט ארויסלויפען, כדי אריינצואטעמען פרישע לופט. און אין אזעלכע קאמערען פארברענגען די ארעס־טאנטען גאנצע יאהרן, ווארטענדיג אויף זייער פראצעס! קיין וואונדער ניט, וואס אפילו די געזונטסטע פון זיי פאלען אריין אין משוגעת. „איך האב איינמאל ביינאכט געהערט שרעקליכע גע־שרייען, — דערצעהלט איין ארעסטאנט אין זיינע עראינערונגען, — דאס זיינען געווען געשרייען פון א ריז, וואס איז אראפ פון זינען".

א. אז. וו., א. אז. וו. איך וואלט געקאנט אנפילען צעהנד־

ליגער בלעטער מיט אזעלכע באשרייבונגען. האָט מען די אויס־לענדער, וואָס האָבען באזוכט די רוסישע געפענגניסען, געוויזען אָט די ערטער? — געווים נים.

וואָס אנבאטרעפט די איבערפילונג פון די רוסישע געפענג־ניסען, איז אָט זיינען נאָך עטליכע כאראקטעריסטישע דאטען:

„די טאָמסקער איבערשיקונגס געפענגנים (טיילט מיט דער קאָרעספאָנדענט פון „סיבירסקאיא גאזעטא") איז איבערפילט. צו די 1520 ארעסטאנטען, וואָס זיינען שוין דאָרט געווען, זיינען צוגעקומען נאָך 700 מענשען, און אויף אזא אופן געפינען זיך איצט אין דער געפענגנים, וואס איז אויסגעבויט געווען נאָר פאר 900 מענשען, — 2220; פון זיי זיינען 207 קראנק („סיבי־סקאיא גאזעטא" און „מאָסקאָווסקי טעלעגראף" פון 28טען אוי־גוסט 1881).

אין סאמארא: „די דורכשניטליכע צאהל ארעסטאנטען אין אונזערע געפענגניסען צום 1טען פון יעדען מאָנאט איז היי־יאָהר געווען 1147 מענשען; די אלגעמיינע קובישע אויסמעסטונג פון אלע אונזערע געפענגניסען איז אויסגערעכענט אויף 552 („גאָלאָס" פון 13טען מאי, 1882).

אין ניזשני נאָווגאָראָד: „די געפענגנים, וואָס איז אויסגע־בויט געווען פאר 300 מענשען, האָט אין צייט פון נאווינאציע 700, און אמאָל אפילו 800 ארעסטאנטען (אָפיציעלער באריכט, וואָכ ווערט געבראכט אין „גאָלאָס", מערץ 1882).

אין פוילען: „אין יעדער געפענגנים אין פוילען פארנעמען פיער מענשען דעם אָרט, וואָס איז באשטימט פאר איין ארעס־טאנט. מען פלאנט אויפצובויען נאָך א רייהע נייע געפענגניסען". זיי זיינען אגב נאָך ביז איצט ניט אויפגעבויט געוואָרן. („מאָס־קאָווסקי טעלעגראף", נאָוועמבער 1881).

מיט אזעלכע אויסצוגען וואָלט מען געקאָנט אָנפילען גאנצע זייטען; אָבער אָט זיינען די מיינונגען פון די באאמטע גופא, ווענען עס איז אנפארטרויט געוואָרן די אויפזיכט איבער די גע־פענגניסען.

הערר מוראוויאָוו, א מיטארבייטער פון קאטקאָוו'ס זשור־נאל, זאָגט דאָס פאָלגענדע אין א זאָרגפעלטיג צונויפגעשטעלטען ארטיקעל (וואָס איז נאָך דערצו אָנגעשריבען געוואָרן אין א

גייסט, וואָס איז באַליבט און ווערט ערמוטיגט פון דער רוסישער רעגירונג) : „כמעט אין אַלע אונזערע געפענגניסען געפינען זיך אַנדערהאַלבען אָדער צוויי מאָל אַזוי פיעל אַרעסטאַנטען, ווי די צאָהל, אויף וועלכע מען האָט אויסגערעכענט ביי זייער אויפבוי־אונג" („געפענגניסען און די געפענגנים פראגע", „רוסקי וויעסט־ניק", 1878). און אָט וואָס עס טיילט מיט א סיבירער באַאַמטער, הערר מישלאָ, וועגען די סיבירער געפענגניסען, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער זיין אויפזיכט : „דער וועכטער האָט מיך אריינגעפיהרט אין די קאַמערן. אומעטום איז שמוץ, איבער־פילונג, נאַסקייט, מאַנגעל אין לופט און ליכט. ארומגעקוקט די קאַמערן, בין איך אַוועק אין שפּיטאָל. אריינקומענדיג אין ערשטען קאַמער פון שפּיטאָל, האָב איך ניט ווילענדיג א שפּרונג געטאָן צוריק, ערשטוינט פון אַן אונגלויבליכען געשטאַנק... סאָר־טירן זיינען אַ קאָמפּאָרטאַבעלע לוקסוס וואוינונג, אין פארגלייך מיט אָט דעם שפּיטאָל... אומעטום איבערשטייגט די צאָהל אַרעסטאַנטען דריי מאָל די צאָהל, וואָס איז ערלויבט נאָכ'ן געזעץ. אין ווערכניע־אודינסק, צום ביישפּיעל, איז דער אָסטראָג אויפ־געבויט געוואָרן פאר 240 מענשען, און מען האַלט אין איהם גע־וועהנליך 800" („אָטעטשעסטווענניא זאַפּיסקי", 1881).

און טאַקי מחמת אזא איבערפילונג און דער פענאָמענאַלער שמוץ האָט זיך אָנגעהויבען אין דער קיעווער געפענגנים די באַ־ריהמטע טיפוס־עפּידעמיע. עס קאָן זיין, אַן אמת, אַז זי איז אין די געפענגנים פארטראָגען געוואָרן, ווי די געפענגנים באַ־אַמטע האָבען באַהויפּטעט, פון געפאַנגענע טערקען, אָבער עס איז קיין ספק ניט, אַז זי האָט זיך אזוי שרעקליך אַנטוויקעלט צוליעב דער איבערפילונג פון די געפענגניסען און דער שרעקליכער שמוץ. „געביידען, וואָס זיינען אויסגעבויט געוואָרן פאר 550 מענשען, האָבען געהאַט אין זיך צוויי מאָל אַזוי פיעל", — דערצעהלט דער קאָרעספּאָנדענט פון „גאָלאָס", אין א בריף פון 30טען אָקטאָ־בער 1880 ; ער גיט דערביי צו : „ווי באַקאַנט, זיינען די פּראָ־פעסאָרען פון אוניווערזיטעט, וואָס האָבען די געפענגנים באַ־זוכט, געקומען צום שלוס, אַז די איבערפילונג איז געוועזען די הויפּט אורזאַך פון דער עפּידעמיע". דער צירקולאַר פון דעם הויפּט

אינספּעקטאָר פון געפענגניסען (וואָס איז דערמאָנט געוואָרן אין צווייטען קאַפּיטעל) באשטעטיגט די ריכטיגקייט פון אָט דעם שלום. קיין וואונדער ניט, וואָס אפילו נאָך דעם, ווי א טייל ארעסטאנטען זיינען ארויסגעפיהרט געווארן, זיינען פון די 750 מענשען, וואָס האָבען זיך געפונען אין געפענגניס, 200 נאָך אַלץ גע־לעגען אין א טיפוס פיבער. עס איז אויך קיין וואונדער ניט, וואָס די שטערבליכקייט אין דער כארקאָווער געפענגניס האָט דערגרייכט אזא אונגעהייערע הויך, — עס זיינען, נעמליך, געשטאָרבען 200 מענשען פון 500, ווי דאָס האָט אָנגעוויזען דער געפענגניס גייסט־ליכער אין א דרשה, וואָס איז אפּגעדרוקט געווארן אין דער אָרטיגער „יעפּארכיאלנאיא גאזעטא", וואָס ווערט, ווי באקאנט, ארויסגעגעבען אונטער דער צענזור פון דעם אָרטיגען ערץ־בישאָפּ.

איך פארשטעה גוט די שווערקייטען, וואָס עס באגעגענט אַן אויסלענדער, וואָס וויל זיך באקאנען מיט דער אמת'ער לאגע פון רוסלאנד. אָבער וואָס גרעסער עס זיינען די שווערקייטען, אַלץ גרעסערע אָנשטרענגונגען וואָלט מען, דוכט זיך, געדארפט מאכען צו דערגעהן דעם אמת. איינינע אויסלענדער האָבען טאקי אזוי געטאָן. אנדערע אָבער האָבען זיך באצוינגען צו זייער אויפ־גאבע מיט אַן אונפארצייהליכער לייכטזיניגקייט. און דאָך, אויב לייכטזיניגקייט איז בכלל ניט לויבענסווערט, ווערט זי כמעט פארברעכעריש, ווען זי ווייזט זיך ארויס ביים באטראכטען אזעלכע ערנסטע פראגען, און וועגען אזא לאנד, ווי רוסלאנד. אין פאר־לויף פון צוואנציג יאָהר האָט די עפענטליכע מיינונג אין רוס־לאנד אומזיסט געפאָדערט א פּולשטענדיגע רעווידירונג פון דעם גאנצען געפענגניס סיסטעם. אָבער זי האָט דאָס ניט אויסגע־פיהרט. און אונזער רעגירונג, וואָס בלייבט טויב צו אָט די אַלע פאָדערונגען, דערפרעהט זיך, נאטירליך, זעהר שטארק יעדעס מאָל, ווען זי האָט א מעגליכקייט צו ענטפערן די אונצופרידענע אונ־געפעהר אזוי: „אָט האָט איהר די מיינונג פון אַן אויסלענדער, וואָס ווייס אַלץ וועגען די געפענגניסען פון דער גאנצער וועלט! ער געפינט, אז איהר איבערטרייבט אַלץ אין אייערע קלאגען: ער זאָגט, אז אונזערע געפענגניסען זיינען מיט קיין זאך ניט ערגער פון די געפענגניסען אין אנדערע מלוכות".

ווען הונדערטער טויזענטער מענשען, — מענער, פרויען און

קינדער, — קרעכצען אונטער'ן יאָך פון אונזערע געפענגניס אָרד־נונגען, מוז מען צוטרעטען צו אַזעלכע פראַגען מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיגקייט. און איך בעט אויפריכטיג די אויסלענדער, וואָס וועלען זיך פאַרנעמען מיט'ן שטודיום פון אָט די פראַגען, ניט צו פאַרגעסען קיינמאָל, אַז יעדער פאַרזוך פּאָרצושטעלען אין אַ מעהר-וועניגער גינסטיגען ליכט אונזערע געפענגניסען, וועט נאָר העלפען לענגער אויפהאַלטען די העסליכע פיהרונגען, וואָס ווערען איצט פּראַקטיצירט.

## אכטער קאפיטעל.

# אין די פראַנצויזישע געפענגניסען.

די געפענגניס פון סט. פאול אין ליאָן, אין וועלכער איך האָב פארבראכט די ערשטע דריי מאָנאטען פון מיין פארהאפטונג, געהערט ניט צו דער צאָהל פון יענע אַלטע, האלב-צושטערטע און דומפיגע שלאָסען, מיט וועלכע מען באנוצט זיך נאָך אַלץ אין א סך פראָווינציעלע פראנצויזישע שטעדט, צו האַלטען אין זיי ארעס־טאַנטען. דאָס איז א מאָדערנע געפענגניס, וואָס פרעטענדירט אויף איינעם פון די ערשטע ערטער אין דער רייה פון די דעפאר־טאמענטאַלע געפענגניסען. זי פארנעמט א גרויסען שטח און איז ארומגערינגעלט מיט א טאָפּעלטען גורט פון הויכע ווענט; די געביידען פון דער געפענגניס זיינען געראָס, פון מאָדערנער ארכיטעקטור און קוקען אויס ריין. ביי איהר אויסבויאונג האָט מען, ווייזט אויס, געהאט אין זינען די מאָדערנע אידעען אין דער געפענגניס פראגע; דעריבער האָט מען אויך אָנגענומען מיט־לען, אז מען זאָל זי קאָנען פארוואנדלען אין א פאָרט, אין פאַל פון א בונט אין ליאָן. פונקט ווי אנדערע דעפארטאמענטאַלע גע־פענגניסען, איז זי באשטימט פאר ארעסטאנטען, וואָס ווארטען אויף זייער פראָצעס, און אויך די שוין פאראורטיילטע, וועמענס פארהאפטונגס טערמין איבערשטייגט ניט איין יאָהר. אָן אונ־טערערדישע נאַלעריע פארבינדט זי מיט אנאנדער גרויסער גע־פענגניס — סען זשאָזעף — אין וועלכע עס ווערן געהאַלטען פרויען.

איך בין אהער אָנגעקומען אין א דעצעמבער נאכט פון טאָ־נאָן, באגלייט פון דריי זשאנדארמען. נאָך די געוועהנליכע פרא־גען האָט מען מיך אריינגעזעצט אין א צימער (פּיסטאָל), וואס

איז ספּעציעל אויפגערואמט און אויסגעהייצט געווארן פאר מיר; דאָ בין איך געבליבען ביז דעם פאָלגענדיגען מערץ. פאר זעקס פראנק א מאָנאט און דריי פראנק דעם באדינער, קאָן יע-דער ארעסטירטער, וואָס איז אין געפענגנים צום ערשטען מאָל, זיך דינגען א פּיסטאָל פאר די גאנצע צייט פון זיין זיצען אין דער ערווארטונג פון פּראָצעס און אויף אזא אופן אויסמיידען די איינ־צעל־קאמער. א פּיסטאָל איז געוועהנליך גראמער און ריינער פון די געוועהנליכע איינצעל-קאמערן. א טיף פענסטער אונטער'ן סופיט גיט גענוג ליכט; פון איין ווינקעל פון קאמער ביז'ן צווייטען, איבער'ן שטיינערנעם דיל, קאָן מען מאכען זעקס-זיבען טריט. עס איז אין איהר פאראן א בעט מיט ריינעם בעט-גע־וואנט און א קליין אייזערן אויוועלע, וואָס ווערט באהייצט מיט קאָקס; פאר א מענשען, וואָס איז פארנומען מיט א וועלכער עס איז ארבייט און איז געוואוינט צו איינזאמקייט, איז די פּיסטאָל א גאנץ קאָמפּאָרטאבלער אָרט, אויב נאָר די פארהאפטונג פאר־ציהט זיך ניט צו לאנג.

די געוועהנליכע איינצעל-קאמערען, וואָס פארנעמען א באַ-זונדערן פליגעל פון געפענגנים, זיינען א סך ערגער. זיי זיינען אויסגעבויט נאָכ'ן מוסטער, וואָס איז איצט אָנגענומען אומעטום אין אייראָפּא: איהר געהט אריין אין א ברייטע און הויכע גאלעריע, און פון ביידע זייטען זעהט איהר צוויי אָדער דריי עטאזשען אייזערנע באלקאָנען; אויף דער גאנצער לענג פון אָט די באלקאָנען זיינען פאראן טירען, וואָס פיהרן אין די איינצעל־קאמערען. די קאמערען זיינען צעהן פוס לאנג און פון זעקס ביז זיבען פוס ברייט און זיינען יעדערער באזאָרגט מיט אַן אייזערנער בעט, א קליינעם טישעל און א קליינעם ביינקעל, — אלע פעסט צוגעשמידעטע צו די ווענט. אין דער ליאָנער געפענגנים זיינען אָט די איינצעל-קאמערען זעהר שמוציג, איבערפילט מיט וואנצען און ווערן קיינמאָל ניט באהייצט, ניט קוקענדיג אויפ'ן פייכטען קלימאט און די נעבלען, וואָס קאָנען קאָנקורירן מיט די לאָנדאָ־נער, אויב ניט אין קאָליר, איז אין געדיכטקייט. גאז ווערט קיינ-מאָל ניט אָנגעצונדען, און אויף אזא אופן איז דער ארעסטאנט פאר'משפּט אויף פולשטענדיגע פינסטערניש און אונטעטיגקייט פון פינף, און אין די ווינטער אווענטען אפילו פון פיער אזיי־

גער ביז דעם קומענדיגען מאָרגען. יעדער ארעסטאַנט דאַרף אליין ריינינגען זיין איינצעל־קאמער; דאָס הייסט, אין דער פריה לאָזט ער זיך אראָפּ אין געפענגנים-הויף, וואו ער גיסט אויס און וואשט זיין פּאַראשאַ, מיט די אויסדאמפונגען פון וועלכער ער אָטעמט אין פארלויף פון א גאנצען טאָג. אפילו די איינפאכסטע אויסבעסערונגען אויסצומיידען אָט די אונבאקוועמליכקייט, — אויסבעסערונגען, וואָס מיר האָבען שפּעטער געפונען אין קלערוואָ (וואו די פּאַראשאַ געפינט זיך אין וואַנט אין א לאָך, וואָס האָט א טיר אין קאָרידאָר און א טיר אין קאמער), — אפילו דאָס איז נאָך ניט געווען איינגעפיהרט אין ליאָן. געוויס גיט מען די ארעס־טאנטען ניט קיין ארבייט אין דער צייט פון פּרעלימינערער פאר־האפטונג, און זיי פארברענגען געוועהנליך גאַנצע טעג אין פול־שטענדיגער אונטעטיגקייט. דער פארדארבענדיגער איינפלוס פון דער געפענגנים הויבט זיך אָן אויף אזא אופן באלד, ווי נאָר דער ארעסטאַנט טרעט אריבער איהר שוועל.

צום גליק ווערט די פּרעלימינערע פארהאפטונג אין פראנק־רייך ניט פארצויגען אויף אזא שרעקליך-לאנגע צייט, ווי ביי אונז אין רוסלאנד. אויב דער פּראָצעס איז ניט קיין קאָמפּליצירטער, באטראכט מען איהם געוועהנליך אין דער צייט פון די קומענדיגע אסיזען, וואס האָבען זייערע זיצונגען יעדע דריי חדשים. די פּראָצעסען, אין וועלכע די פּרעלימינערע פארהאפטונג דויערט מעהר ווי צעהן־צוועלף מאָנאטען, זיינען אַן אויסנאם. וואָס אנבא־טרעפט די פּראָצעסען, וואָס ווערן באטראכט פון די געריכטען פון דער „קאָרעקציאָנעלער פּאָליציי", ענדיגען זיי זיך געוועהנליך אלעמאָל מיט א פאראורטיילונג אין פארלויף פון א מאָנאט אָדער אפילו צוויי וואָכען. איינציגע ארעסטאנטען, פון צווישען די שוין פאראורטיילטע, ווערן אויך אויפגעהאלטען אין אָט די קאמערען. ניט לאנג צוריק איז דורכגעפיהרט געוואָרן א געזעץ, לויט וועלכען ארעסטאנטען האָבען דאָס רעכט אָפּצוזיין זייער טערמין אין איינ־צעל־פארהאפטונג, און דריי מאָנאטען ווערן דערביי פאררעכענט פאר פיער. איבריגענס, איז אָט די קאטעגאָריע פון ארעסטאנטען זעהר קליין, ווייל פאר יעדען באזונדערן פאל פאָדערט זיך א ספּע־ציעלע ערלויבניש פון מיניסטער.

צווישען די הויכע פליגלען פון דער שטערנפאָרמיגער גע־

פענגנים געפינען זיך קליינע הויפען, אויסגעברוקירט מיט אס־פאלט, און איינער פון זיי איז איינגעטיילט אין דריי שמאָלע פּאַ-סען פאר די איינצעל־פארשפארטע. דאָ שפּאַצירן די ארעסטאַנ־טען אָדער פארנעמען זיך מיט אזא ארבייט, וואָס איז מעגליך אויף דער אָפענער לופט. יעדען פריהמאָרגען האָב איך געזעהן פון מיין פענסטער, ווי א פופציג ארעסטאנטען האָבען זיך אראָפּ-געלאָזען אין הויף; דאָ האָבען זיי זיך געזעצט אויפ׳ן אספאל־טענעם ברוק און האָבען געריבען די פאנאנדערגעוויקעלטע זייד-קאָקאָנעס, פון וועלכע מען באקומט שטיקלאך זייד. פון מיין פענסטער, אָדער ווען איך פלעג צופעלינ פארבייגעהן, האָב איך אויך געזען א סך ארעסטירטע אינגלאך, וואס האָבען אנגעפילט איי־נעם פון די הויפען; און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ס׳זיינען שוין פון דעמאָלט אָן פארבייגעגאנגען עטליכע יאָהר, קאָן איך נאָך ביז איצט ניט דערמאָנען זיך וועגען אָט די אינגלאך אָהן א גע-פיהל פון טיפען טרויער.

די אורטיילען, וואָס קינדער באקומען פון די געריכטען פון קאָרעקציאָנעלער פּאָליציי (און איך וויל דאָ אויך באמערקען, אז זיי גיבען קיינמאָל ניט ארויס קיין פריישפרעכונגען), צייכענען זיך אויס מיט מעהר גרויזאמקייט, איידער די אורטיילען פאר די דערוואקסענע. די דערוואקסענע קאָנען אָפּקומען מיט עטליכע חדשים אָדער עטליכע יאָהרען פארהאפטונג; א אינגעל אָבער ווערט מען פאר דעמזעלביגען פארברעך דורכאויס שיקען אין „קאָ־רעקציאָנס הויז״, וואו ער מוז זיין, ביז וואנען ער וועט ניט ווערן 18 אָדער 21 יאָהר אלט. ווען די פארפאָלגונג פון די ליאָנער אנארכיסטען האָט דערגרייכט דעם קולמינאציאָנס-פונקט, האָט דאָס ליאָנער אפעלאציאָנס געריכט פאראורטיילט דעם 15 יעה־ריגען אינגעל סיריע צו פארהאפטונג אין געפענגניס, ביז וואנען ער וועט ניט אלט ווערן 21 יאָהר, — פאר באליידיגען די פּאָליציי אין א רעדע, וואָס ער האָט געהאלטען אויף א מיטינג. דער פּאָר-זיצער פון דעמזעלביגען מיטינג איז פאר דעמזעלביגען פאר־ברעך פאראורטיילט געוואָרן צו א יאָהר געפענגניס, און איצט איז ער שוין לאנג אויף דער פריי, בעת סיריע מוז נאָך אָפּזיצען עטליכע יאָהר. אזעלכע אורטיילען זיינען גאָר ניט קיין זעלטענ־הייט אין די פראנצויזישע געריכטען.

איך בין ווייניג באַקאַנט מיט די פּראָווינציעלע קאָרעקציאָנס איינריכטונגען און קאָלאָניעס פאַר מינדעריאָהריגע פאַרברעכער, און מיר קומט אויס צו הערען וועגען זיי די ווידערשפּרעכענדיגסטע מיינונגען. אַזוי האָבען מיר איינינגע דערצעהלט, אַז מען לערנט דאָרט די קינדער ערד־אַרבייט, און בכלל איז דאָרט די באַהאַנדלונג נישקשה, באַזונדערס פון זינט מען האָט איינגעפיהרט איינינגע רעפאָרמען. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז מיר אויסגעקומען צו הערען, אַז מיט עטליכע יאָהר צוריק, אין אַ קאָרעקציאָנס קאָלאָניע אין דער אומגעבונג פון קלערוואָ, האָט אַ פּערזאָן, וועמען די מלוכה האָט אָפּגעגעבען קינדער אין אָרענדע, געצוואונגען זיי צו אַרבייטען איבער די כחות*) און האָט בכלל זיי באַהאַנדעלט זעהר שלעכט. יעדענפאַלס איז מיר אויסגעקומען צו זעהן אין ליאָנער געפענגניס אַ באַדייטענדיגע צאָהל אינגלאַך, — דער גרעסטער טייל פון זיי „אונקאָרעגירבארע״ און אַנטלאָפענע פון קאָרעקציאָנס אַנשטאַלטען—און די דעמאָראַליזאַציע, וואָס האָט זיך אַנטוויקעלט צווישען אָט די קינדער, איז געווען באמת שרעקליך. אונטער דעם יאָך פון גראָבע וועכטער, איבערגעלאָזען אָהן קיין שום מאָראַלען איינפלוס, ווערן זיי שפּעטער שטענדיגע איינוואוינער פון געפענגניסען, און דערגרייכענדיג די עלטערע יאָהרען, מוזען זיי אַלעמאָל ענדיגען זייער לעבען ערגעץ וואו אין אַ צענטראַלער געפענגניס אָדער אין ניי-קאַלעדאָניען. נאָך דעם איינשטימיגען עדות זאָגען פון די וועכטער און דעם גייסטליכען פון דער סט. פּאָול געפענגניס, גיבען זיך אָט די קינדער שטענדיג אָפּ מיט אַ געוויסער זינד, — אין די שלאָפצימערען, אין קירך, אין די הויפלאַך, און זעהענדיג די ערשטווינענדע צאָהל פאַרברעכען געגען מאָראַליטעט, וואָס ווערן יעהרליך פאַרהאַנדעלט אין די פראַנצויזישע געריכטען, מוז מען דעריבער געדענקען, אַז די מלוכה אַליין האַלט אויף אין ליאָן און אין אַנדערע געפענגניסען ספּעציעלע פאַרשפּרייטער פון אַזעלכע פאַרברעכען. צוליב דעם ראַט איך ערנסט אַלע די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אויסאַרבייטען פּלענער, ווי גענזעצליך אויסצוראָטען די רעצידיוויסטען אויף ניי-גווינעיא, צו דינגען קודם כל פאַר זיך אַ פּיסטאָל אין ליאָן אויף אַ וואָך־צוויי

*) זעה ביילאַגע ג.

און דאַרטען רעווידירען פון דאָס ניי זייערע אונזיניגע פּלענער.*) זיי וועלען זיך דעמאָלט איבערצייגען, אז מען קאָן ניט אָנהויבען רעפאָרמירען דעם מענשליכען כאראקטער, ווען ער האָט זיך שוין פאָרמירט, און אז די אמת'ע אורזאַך פון רעצידיוויזם ליגט אין די פּערווערזיטעטען, וועמעס פארשפּרייטער עס זיינען געפענגניסען ווי די ליאָנער. פון מיין אייגענעם שטאנדפּונקט הייסט פארשפּארען הונדערטער אינגלאך אין אזעלכע נעסטען פון מאָראַלישער אָנשטעקונג — באגעהן א פארברעך, וואָס איז א סך גרעסער, איידער וועלכער עס איז פון די, וואָס אָט די אונגליקליכע קינדער זיינען באגאנגען.

בכלל לערנען די געפענגניסען ניט אויס די מענשען קיין עהרליכקייט, און די סט. פּאול געפענגנים איז ניט קיין אויסנאהם פון דעם אלגעמיינעם כלל. די לעקציעס פון עהרליכקייט, וואָס ווערן געגעבען פון אויבען, אונטערשיידען זיך, ווי די לעזער וועלען זעהן, וועניג וואָס פון די באגריפען וועגען עהרליכקייט, וואָס הערשען אונטען, אין דער ארעסטאנטען מאסע. אין די פראנצויזישע געפענגניסען ווערן פראקטיצירט צוויי פארשידענע סיסטעמען פון באזאָרגען די ארעסטאנטען מיט שפּייז, קליידער און אנדערע זאַכען. אין איינינע געפענגניסען טרעט די מלוכה אליין ארויס אין דער ראָל פון א צושטעלער פון שפּייז, קליידער און די זאכען, וואָס דער ארעסטאנט קאָן באקומען פאר אייגענע געלט אין דער געפענגנים קראָם (ברויט, קעז, פליייש, וויין און אויך טאבאק פאר די, וואָס וואַרטען אויפ'ן פּראָצעס; מעסערלאך, קעמלאך, בערשטלאך, לייב יאַקלאך, פּאַפּיר, א. אז. וו.). אין אזא פאַל האלט די מלוכה אליין איין א געוויסען טייל (פון דריי צעהנטעל ביז ניין צעהנטעל) פון דעם ארעסטאנט'ס פארדינסט, וואָס ער האָט פאר זיין ארבייט אין געפענגנים אויף דער באשטעלונג פון דער מלוכה אָדער פון א פּריוואטען צושטעלער. דריי-צענטלאך פון אָט דעם ארבייטס-לוין האלט איין די רעגירונגס קאסע, אויב דער ארעס־

---

*) דאָס געזעץ וועגען רעצידיוויסטען, וואָס וואַלדעק-רוסאָ'ס מיניסטעריום האָט דורכגעפיהרט, איז באמת שרעקליך. און די שטערבליכקייט אין ניי-גווינעאַ, וואוהין מען פאַרשיקט די רעצידיוויסטען, איז אַזוי גרויס, אַז יעדעס יאָהר שטאַרבט אַ ד ר י ט ע ל פון די פאַרשיקטע. אַזוי לויטעט איין אָפיציעלער באַריכט.

טאַנט געפינט זיך אין פּרעלימינערער פאַרהאַפטונג; פינף צענט־לאָך — אויב ער איז פאַראורטיילט צום ערשטען מאָל, און זעקס, זיבען, אכט און ניין צענטלאָך — אויב ער איז שוין געווען אין געפענגנים צוויי מאָל, דריי מאָל, א. אז. וו. אָבער איין צענטעל פון דעם אַרבייטס־לוין ווערט אַלע מאָל איבערגעלאָזען פאַר דעם אַרעסטירטען, וויפיל מאָל ער זאָל ניט האָבען אָפּגעוועזען אין גע־פענגנים. אין אַנדערע געפענגניסען ווערט די באַזאָרגונג פון די אַרעסטאַנטען איבערגעגעבען צו אַ פּריוואַטען אונטערנעמער, וואָס מוז צושטעלען אַלץ, לויט די רעגלען. דער צושטעלער באַקומט אין אַזאַ פאַל די אויבענדערמאָנטע טיילען פון אַרבייטסלוין, און אויסערדעם צאָהלט איהם נאָך די רעגירונג עטליכע סאַנטים פאַר יעדען אַרעסטאַנט. וואָס אַנבאַטרעפט יענע אַרעסטאַנטען, וואָס אַרבייטען אויף פּריוואַטע באַשטעלער פון דער פריי (באַזונדערס געניטע שוסטער, שניידער און איבערשרייבער), זיינען זיי פאַר־פליכטעט צו צאָהלען דעם געפענגנים צושטעלער אַ געוויסע "אויס־לייז סומע", מעהרסטענטיילס איין פראַנק (פערציג קאָפּיקעס) אַ טאָג, און אויף אַזאַ אופן באַפרייען זיי זיך פון דער צוואַנגס־אַרבייט אין געפענגנים.*)

די סט. פּאָול געפענגנים האַלט זיך ביים צווייטען סיסטעם: אין איהר ווערט אַלצדינג צוגעשטעלט פון דעם געפענגנים צו־שטעלער, און דערביי זיינען אַלע צוגעשטעלטע פּראָדוקטען פון דער ערגסטער קוואַליטעט. דער צושטעלער באַרויבט די אַרעס־טאַנטען אויף דעם געוויסענלאָזסטען אופן. געוויס, די שפּייז איז ניט אַזוי שלעכט, ווי זי איז אין די רוסישע געפענגניסען, דאָך איז זי גענוג שלעכט, באַזונדערס אין פאַרגלייך מיט דער, וואָס מען גיט אין קלערוואָ. דאָס ברויט איז פון אַ זעהר שלעכטען סאָרט, און זופּ און קאַשע פון רייז אָדער באָב זיינען אָפּטמאָל שוידערליך. אין דער געפענגנים קראָם איז אַלץ טייער און שלעכט; בעת אין קלערוואָ האָט אונז די אַדמיניסטראַציע פון געפענגנים געגעבען

*) אַזוי ווי דאָס פאָלק אין פראַנקרייך ברעכט קיינמאָל ניט אָפּ דאָס ברויט, נאָר שניידט עס אין קליינע שטיקלאַך, מאַכט מען פאַר די אַרעס־טאַנטען באַזונדערע קליינע זיך־צונויפלייגענדע מעסערלאַך, טעמפּע, מיט פאַררונדעטע שפּיצען און אָהן אַ פּרוזשינע, וואָס זאָל אויפהאַלטען דעם געעפענטען שאַרף.

פאר דרייסיג סאנטים (12 קאפיקעס) א שטיק גוטען ביפשטעקס מיט קארטאפעל, האבען מיר אין ליאנער געפענגנים געצאהלט צוויי מאל אזוי פיל פאר א שטיקעל שלעכט געקאכטען פלייש, און אזוי איז אין אלץ.

איך קאן ניט אורטיילען פון מיינע פערזענליכע באאבאכטונ־גען, ווי ארבייט באצאהלט זיך אין דער ליאנער געפענגנים; אבער דאס וואס איך האב אויבען דערצעהלט, גיט ניט צו קיין באזונ־דערען צוטרוי צו דער עהרליכקייט פון דער גאנצער אונטערנעמונג. וואס אנבאטרעפט די קליידער, זיינען זיי זעהר שלעכט און א סך ערגער אין קוואליטעט פון די, וואס איך האב געזעהן אין קלערוואָ, כאטש דארטען זיינען זיי אויך גענוג שלעכט. מאכענדיג דעם טעגליכען שפאציר אין איינעם פון די הויפען פון דער ליאנער גע־פענגנים, איז מיר אפטמאל אויסגעקומען צו זעהן, ווי די נאר וואס פאראורטיילטע זיינען געגאנגען איבערבייטען זייערע אייגענע קליידער אויף ארעסטאנטישע, וואס דער צושטעלער האט געשיקט. דאס זיינען געווען מעהרסטענטיילס ארבייטער, ארעם, אבער דאך אנשטענדיג געקליידט, ווי עס קליידען זיך בכלל אפילו די ארימס־טע פראנצויזישע ארבייטער. אבער ווען זיי האבען זיך אנגעטאן אין דעם געפענגנים קאסטיום: א ברוינעם רעקעל, בארעקט מיט פארשידענפארביגע לאטעס, און פונקט אזעלכע פארלאטעטע הוי־זען, וואס זיינען זעקס צאל ווייט פון די ריעזיגע הילצערנע שיך, — האבען די ארעסטאנטען אין אט דער לעבערליכער און שענד־ליכער קליידונג געפיהלט א טיפע אינערליכע צוטומלונג. אויף אזא אופן איז דער ערשטער שריט פון דעם ארעסטאנט אין גע־פענגנים — זיך אנצוטאן אין קליידער, וואס זיינען שוין אליין פאר זיך א שטעמפעל פון ערנידריגונג.

מיר איז ניט אויסגעקומען צו באקאנען זיך נאהנטער מיט די באציהונגען צווישען דער געפענגנים אדמיניסטראציע און די קרי־מינעלע ארעסטאנטען אין די ליאנער געפענגניסען. אבער שוין דאס אליין, וואס איך האב געזעהן, איז געווען פולשטענדיג גענוג צו איבערצייגען זיך, אז די געפענגנים וועכטער, — מעהרסטענ־טיילס אלטע פאליצייאישע סערזשאנטען, — האבען נאך אין זיך אלע כאראקטעריסטישע אייגענשאפטען פון דער פריהערדיגער נאפאלעאנישער פאליציי, וואס האט זיך אלע מאל אויסגעצייכענט

מיט אַ גראָבער גרויזאַמקייט. וואָס אנבאַטרעפט די העכערע גע־פּעננגים אַדמיניסטראַציע, איז זי דורכגעדרונגען מיט דער פאַלש־קייט, וואָס כאַראַקטעריזירט די הערשענדיגע קלאַסען פון ליאָן. איך וועל דאָ ברענגען איין ביישפּיל. דער געפּעננגים דירעקטאָר האָט מיר אַ סך מאָל געגעבען אַ פאָרמאַלען צוזאָג ניט צו קאָנפיס-קירען מיינע בריף, ניט לאָזענדיג מיר וויסען יעדעס מאָל וועגען דעם פאַקט פון קאָנפיסקירונג. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איך האָב געפאָדערט אין דער הינזיכט. אָבער ניט קוקענדיג אויף די אַלע צוזאָגען, זיינען אייניגע בריף מיינע קאָנפיסקירט געוואָרן, און דערביי האָט מען ניט געפונען פאַר נויטיג מיר צו לאָזען וויסען וועגען דעם, און מיין פרוי, וואָס איז דאַמאָלט געווען קראַנק, האָט זיך זעהר באַאונרוהיגט, ניט באַקומענדיג פון מיר קיין ידיעות. איינעם פון מיינע בריף, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן גע'גנב'עט געוואָרן, האָט מען אפילו איבערגעגעבען דעם פּראָקוראָר פאַברי־געט, וואָס האָט איהם פאַרגעלייענט אויף דער זיצונג פון אַפּעלאַ־ציאָנס געריכט.

אין יעדען געפּעננגים סיסטעם איז פאַראַן איין באַזונדער־הייט, אויף וועלכע מען האָט שוין לאַנג געדאַרפט אויפמערקזאַם מאַכען, אָבער וועלכע מען לאָזט געוועהנליך אינגאַנצען אויס פון זינען. די גרונד־אידעע פון אונזער שטראָף סיסטעם איז אָהן צווייפעל צו באַשטראָפען דעם מענשען, וואָס איז אַנערקענט גע־וואָרן פאַר אַ „פאַרברעכער״; אָבער אין דער אמת'ן ווערט די באַ־שטראָפונג מיט עטליכע יאָהר געפּעננגים מיט דער גאַנצער לאַסט אַרויפגעוואָרפען ניט אַזוי פיל אויף'ן „פאַרברעכער״, וויפיל אויף מענשען, וואָס זיינען אינגאַנצען אונשולדיג, דאָס הייסט, אויף זיין ווייב און קינדער. ווי שווער עס זיינען ניט די באַדינגונגען פון געפּעננגים לעבען, איז דער מענש אַזוי געמאַכט, אַז ער פּאַסט זיך סוף כל סוף צו צו זיי, און אַזוי ווי ער איז ניט אימשטאַנד זיי צו ענדערן, באַציהט ער זיך צו זיי, ווי צו אַן אונפאַרמיידליכע צרה. אָבער עס זיינען דערביי פאַראַן מענשען, — דעם אַרעסטירטענ'ס ווייב און קינדער, — וואָס קאָנען קיינמאָל ניט מאַכען שלום מיט דעם פאַרלוסט פון דעם מענשען, וואָס איז גע־ווען זייער איינציגער שטיצער אין לעבען. די ריכטער און די אַלערליי יוריסטען, וואָס פאַראורטיילען מענשען מיט אַזאַ לייכטען

הארצען צו צוויי, דריי, פינף יאָהר געפענגנים, פארטראכטען זיי זיך דען ווען עס איז וועגען דעם שיקזאל פון דעם פאראורטייל־טענ׳ס פרוי? ווייסען זיי דען, ווי קליין עס איז די פראָפּאָרציע פון פרויען, וואָס וואָלטען געקאָנט פארדינען מעהר פון דריי אָדער פיער רובעל א וואָך? און ווייסען זיי דען, אז לעבען מיט א פאַמיליע אויף אזא פארדינסט הייסט ליידען די שווערסטע נויט מיט אלע איהרע שרעקליכע פאָלגען? האָבען זיי זיך דען פארטראכט וועגען די גייסטיגע ליידען, וואָס זיי פארשאפען דעם ארעסטאנט׳ס ווייב: די פאראכטונג פון שכנים און באקאנטע, די ליידען פון דער פרוי, וואָס פארגרעסערט נאַטירליך אין איהר פאָרשטעלונג די שווערקייטען פון דעם מאנ׳ס געפענגנים לעבען, און ווען עס קומט אויס צו קלערן ניט נאָר וועגען דעם היינטיגען טאָג, נאָר אויך אריינקוקען שטענדיג אין די פינסטערע, האָפנונגסלאָזע צוקונפט?... ווער האָט אויסגעמאָסטען אָט די אלע ליידען, און ווער האָט איבערגעצעהלט די טרערען, וואָס די פרויען פון די ארעסטאנטען האָבען פארגאָסען?

ווען מען וואָלט כאָטש וויפיל ניט איז גענומען אין אכט די ליידען פון דעם ארעסטאנט׳ס קרובים, וואָלטען די אויטאָרען פון פלענער פון די מייסטע געפענגניסען מסתמא איינגעאָרדענט אנדערש די ערטער פאר באזוכער. זיי וואָלטען פארשטאנען, אז די איינציגע טרייסט פון דער פרוי איז די מעגליכקייט צו זעהן כאָטש פון צייט צו צייט איהר מאן, זיי וואָלטען איהר ניט פארשאפט קיין נייע און אינגאנצען נוצלאָזע מאטערניש מיט זייערע קונציגע איינפיהרונגען. ביים בויען אָט די אויפנאמס זאלען האָט מען, דוכט זיך, אלץ גענומען אין אכט, אויסער די געפיהלען פון דער פרוי, ועמען מען ערלויבט איינמאָל א וואָך א קוק צו טאָן אויפ׳ן מאָן און זיך איבערוואָרפען מיט איהם מיט א פאָר ווערטער.

שטעלט אייך פאָר א רונדען — געוועלבטען זאל, וואָס איז שוואך באלויכטען פון אויבען. אריינקומענדיג אין איהם, אין די אויפנאמס שטונדען, וועט איהר זיך דערפיהלען בוכשטעבליך באַטויבט. די קולות פון עטליכע הונדערט מענשען, וואָס רעדען, אָדער ריכטיגער, וואָס שרייען גלייכצייטיג, הויבען זיך אויף פון אלע ווינקלען פון זאל, אָפּשלאָגענדיג זיך אין געוועלבטען סופיט,

וואָס וואַרפט אָפּ די קלאַנגען צוריק, און זיי מישען זיך צונויף מיט דער שאַרפער פּייפעריי פון די וועכטער, דעם קריצען פון די שלעסער און קלינגען פון שליסלען, מאַכענדיג אין אַלגעמיין אַ גיהנם׳דיגען טומעל. אייערע אויגען דאַרפען צוערשט צוגעוועהנט ווערן צו דער האַלבער פינסטערניש, איידער איהר וועט אונטערשיידען, אַז די שטימען געהערן צו זעקס פאַרשידענע גרופּען פרויען, מענער און קינדער, וואָס שרייען גלייכצייטיג מיט אַלע כחות, כדי צו ווערן דערהערט פון די, צו וועמען זיי ווערן געווענדט. הינטער אָט די גרופּען קאָנט איהר קוים באַמערקען ביי די ווענט זעקס אַנדערע גרופּען פון מענשליכע פּנים׳ער, וועלכע עס איז זעהר שווער צו זעהן צוליב דער דראָטענער נעץ און אייזערנער גראַטע, וואָס פאַרשטעלען זיי. צוערשט קאָנט איהר ניט פאַרשטעהן, וואָס אייגענטליך דאָ קומט פאָר. דעם אַרעסטאַנט פיהרט מען אַריין, אינאיינעם מיט נאָך פיער חברים־אַרעסטאַנטען, אין אַ קליינע פינסטערע קאַנורע, וואָס איז פון פאָרענט פאַרשטעלט מיט אַן אייזערנער גראַטע און געדיכטער דראָטענער נעץ. זיינע קרובים ווערן אַריינגעפיהרט אין אַנאַנדערן ענליכען אָרט, וואָס איז אויך פאַרצאַמט מיט אַן אייזערנער גראַטע און איז אָפּגעטיילט פון דעם אָרט אַנטקעגען מיט אַ דורכגאַנג פון אַרום דריי פוס ברייט, אין וועלכען דער וועכטער האַלט וואַך. אויף אַזאַ אופן געפינען זיך אין יעדען אָרט גלייכצייטיג פינף אַרעסטאַנטען, און אין דאָס אַנטקעגענדיגע קעמערעל ווערן אַריינגעשפּאַרט אַרום 15 מענער, פרויען און קינדער, — זייערע קרובים. די זעהונגען דויערען ניט מעהר ווי פופצעהן־צוואַנציג מינוט. אַלע רעדען מיטאַמאָל, אַלע איילען זיך צו זאָגען, וואָס זיי דאַרפען, און צווישען אָט די אַלע קולות פון וועלכע יעדער קול קלינגט אַלץ העכער און העכער, קומט אויס צו שרייען מיט אַלע קרעפטען, אויב איהר ווילט, מען זאָל אייך דערהערן. נאָך עטליכע מינוט פון אַזאַ איבונג פלעגען איך און מיין פרוי פאַרלירען די שטים, און מיר זיינען געוועזן געצוואונגען פשוט צו קוקען איינער אויפ׳ן אַנדערען שווייגענדיג; דערביי פלעג איך אַרויפקריכען איבער דער גראַטע נאָהנטער צום קליינינקען פענסטערעל, וואָס האָט באַלויכטען די קאַנורע פון הינטען, כדי מיין פרוי זאָל וועניגסטענס קאָנען דערזעהן מיין פּראָפיל, וואָס האָט זיך שוואַך אויסגעטיילט אויפ׳ן גרויען פאָן פון דעם פענס־

טערל. ארויסגעהענדיג פון דעם אויפנאמס־צימער, פלעגט זי געוועהנליך זאָגען, אז אזא זעהן זיך איז נאָר א מאטערניש.

איך וואָלט געדארפט זאָגען עטליכע ווערטער וועגען „פּאלאַץ פון גערעכטיגקייט" (פּאַלעי דע דזשוסטיס) אין ליאָן, וואו מען האָט אונז געהאַלטען צעהן טעג אין פארלויף פון אונזער פּראָצעס. עס וואָלט אָבער דערביי אויסגעקומען צו באַריהרן אזעלכע אפּ־שטויסענדע איינצעלהייטען, אז איך האַלט פאר גלייכער איבער־צוגעהן צו אַנאַנדער געגענשטאַנד. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז די צימערען, אין וועלכע די ארעסט רטע ווארטען אויף זייער רייה צו ערשיינען פאר דעם געריכטס־אויספאָרשער, זיינען באַ־דעקט מיט לוזשעס פון אַלערליי עקעלהאפטע פּליסיגקייטען, און אז אין ליאָנער „פּאלאַץ" זיינען פאראן עטליכע פינסטערע קאמע־רען, וואָס דינען א דאָפּעלטען צוועק, איינער נאָך דעם אנדערען: אמאָל דינען זיי פאר א סאָרטיר, און באַלד נאָכדעם, נאָך א גאַנץ לייכטער רייניגונג, זעצט מען אין זיי ווידער אריין ארעסטאַנטען. קיינמאָל אין מיין לעבען האָב איך ניט געזעהן אזא שמוציגע זאַך, ווי אָט דער „פּאלאַץ", וואָס וועט אויף אייביג בלייבען אין מיין זכרון, ווי דער פּאלאַץ פון אַלערליי שמוץ. מיט א געפיהל פון אמת'ער ערלייכטערונג האָב איך זיך אומגעקעהרט פון איהם צוריק אין מיין פּיסטאָל, וואו איך האָב אָפּגעלעבט נאָך צוויי מאָנאַטען, אזוי לאַנג, ווי מיינע חברים זיינען געגאַנגען אין אפּעלאַציאָנס־געריכט. אָט דאָס געריכט, ווי מען האָט געקאָנט ערווארטען, האָט באשטעטיגט די אורטיילען, וואָס דאָס געריכט פון דער קאָרעקציאָ־נעלער פּאָליציי האָט ארויסגעגעבען נאָך דער אָנווייזונג פון דער רעגירונג; און אין עטליכע טעג ארום, דאָס הייסט, דעם 17־טען מערץ 1883, ביינאכט, מיט א גרויסער געהיימניספולקייט און מיט א קאָמיש גרויסען קאָרטעזש פון פּאָליציי, האָט מען אונז אָפּגע־שיקט צו דער אייזענבאהן סטאַנציע. דאָ האָט מען אונז פאר־שפּארט אין איינצעל-וואגאָנען און אוועקגעשיקט אין „מעזאָן סענ־טראַל" אין קלערוואָ.

עס איז נאָר צום שטוינען, ווי אַלע אויסבעסערונגען אין דעם געפענגנים סיסטעם, וואָס זיינען אָהן צווייפעל אויסגעקלערט גע־וואָרן מיט'ן צוועק צו פארקלענערן א וועלכען עס איז עקזיסטי־

רענדען איבעל, באשאפען אליין א נייע צרה און זיינען א קוואל פון נייע מאטערנישען פאר די ארעסטאנטען. אזעלכע גערדאנקען האב איך געהאט ווען מען האט מיך פארשפארט אין א קאנורע פון דעם איינצעל־וואגאן, וואס האט לאנגזאם געצויגען אין דער ריכ־טונג פון קלערוואו. כדי צו מאכען אזא וואגאן, נעמט מען א געוועהנ־ליכען וואגאן און מען בויט אין איהם פון לייכטע ווענטלאך צוויי רייהען שאפקעס, מיט א דורכגאנג אינמיטען. איך זאג „צוויי רייהען שאפקעס“, ווייל אנדערש קאן מען ניט אנרופען אט די קעמערלאך, אין וועלכע א מענש מוז זיצען אויף א שמאלען בייג־קעל, באריהרענדיג מיט די קניה די טיר, און מיט די עלענבויגענס די זייטיגע ווענט. מען דארף ניט זיין קיין באזונדערס דיקער מענש, אז עס זאל זיין שווער זיך צו ריהרען אין דעם ענגען שטח, און אטעמען אין איהם איז בוכשטעבליך ניטא מיט וואס. כאטש אין די טירען זיינען אויסגעשניטען קליינע פענסטערלאך, וואס זיינען פארקלאפט מיט אן אייזערנער גראטע, אבער כדי די ארעס־טאנטען זאלען ניט קאנען זעהן איינער דעם צווייטען, איז דא פאראן א קליין טארטור־געצייג, אין דער פארם פון א פארשטעלער, וועלכען די וועכטער פארמאכען, ווי נאר זיי האבען עמיצען פאר־שלאסען אין קעמערעל. אנאנדער אינסטרומענט צו מאטערען איז אן אייזערנער אויוועז, וואס שטעהט אין דורכגאנג צווישען די שאפקעס, — באזונדערס ווען די וועכטער הייצען איהם שטארק אן, כדי צו קאכען אויף איהם זייער מיטאג. מיינע חברים-ארעס־טירטע זיינען כמעט אלע געוועזען ארבייטער פון דער גרויסער שטאט, וואס זיינען געוועהנט געוועזען צו א מאנגעל אין פרישער לופט אין די ענגע ווארשטאטען, האבען זיי נאך ווי עס איז געקאנט דערליידען; אבער צוויי פון אונז האבען ניט נע׳חלש׳ט נאר א דאנק דעם, וואס מען האט זיי ערלויבט ארויסצוגעהן פון אונזערע שאפקעס און שטעהן אין דורכגאנג. צום גליק האט אונ־זער רייזע געדויערט אינגאנצען פופצעהן שעה; אבער איינינע פון מיינע רוסישע פריינד, וואס זיינען ארויסגעטריבען געווארן פון פראנקרייך, האבען געמוזט פארברענגען מעהר פון 48 שעה אין דעם איינצעל־וואגאן, פאהרענדיג פון פאריז צו דער שווייצער גרענעץ, ווייל מען האט די וואגאנען אפגעטיילט פון צוג אויף א גאנצע נאכט אויף איניגע סטאנציעס, ווען די וועכטער האבען

געמווזט באזוכען די מאקאנער און אנדערע געפענגניסען אויפ'ן וועג.

אבער דאס אונאנגענעמסטע איז דאס, וואס די ארעסטאנטען ווערן איינגאנצען איבערגעלאזען אין רשות פון צוויי וועכטער; אויב די וועכטער ווילען, קאנען זיי אויף די ארעסטאנטען אנטאן האנט־קייטען, בעת זיי זיינען שוין פארשלאסען אין די שאפקעס, און זיי טוען דאס אפטמאל אהן א פארנינפטיגער אורזאך; נאך מעהר, זיי קאנען נאך שמידען די פיס פון די ארעסטאנטען מיט קייטען, וואס זיינען צוגעשמידט צום דיל פון די שאפקעס. אלץ העננגט אפ פון דער גוטער אדער שלעכטער שטימונג ביי די וועכ־טער, און ווי טיף זייערע פסיכאלאגישע שלוסען זיינען. אין אל־געמיין זיינען די פופצעהן שעה, וואס מיר איז אויסגעקומען צו פארברענגען אין איינצעל־וואגאן, איינע פון די ערגסטע ערפאי־נערונגען, סאי ביי מיר אליין, סאי ביי מיינע חברים, און מיר זיי־נען אלע געוועזען זעהר צופרידען, ווען מיר האבען זיך ענדליך דער־זעהן אין די איינצעל־קאמערען פון דער געפענגנים אין קלערוואָ.

די צענטראלע געפענגנים אין קלערוואָ שטעהט אויף אן ארט, וואו עס האט זיך אמאל דערהויבען דער סען־בערנארדער קלויס־טער. דער גרויסער מאנאך פון צוועלפטען יאהרהונדערט, ווע־מעס סטאטוע, אויסגעהאקט פון שטיין, זעהט זיך נאך ביז איצט אויף איינעם פון די ארומיגע בערגלאך, מיט הענט, וואס זיינען אויסגעשטרעקט אין דער ריכטונג פון דער געפענגנים, — אט דער מאנאך האט עס אויסגעקליבען דעם ארט פאר'ן קלויסטער; דער לעצטער איז געשטאנען אין א שעהנעם קליינעם טאל, וואס האט געהאט אויסגעצייכענטען קוואל־וואסער, ביים ארויסגאנג פון טאל צו דער עבענע, וואס ווערט איריגירט פון טייך אב. אונגעהויערע וועלדער באדעקען נאך ביז איצט די נידריגע זייטען פון בערגלאך. פון וועלכע מען באקומט נוטע בוי־שטיינער. עטליכע קאלך־אויי־וועגס און שמידערייען געפינען זיך ארום, און אן אייזענבאהן פון פאריז אין בעלפאר געהט איצט דורך צוויי וויארסט ווייט פון געפענגנים.

אין דער צייט פון דער גרויסער רעוואלוציע האט די מלוכה קאנפיסקירט דעם קלויסטער, און זיינע גרויסע און סאלידע גע־ביידעס זיינען פארוואנדעלט געווארן, אין די ערשטע יאהרען

פון נײנצעהנטען יאָהרהונדערט, אין א דעפּאָ פאַר אָרימע לײט. שפּעטער האָבען זײ באַקומען אַנאַנדער באַשטימונג, און איצט האָט מען ענדליך דעם גרויסען קלויסטער פאַרוואַנדעלט אין א „הויז פון פאַרהאַפטונג און אויסבעסערונג" („מעזאָן דע דעטענ־סיאָן ע דע קאָרעקסיאָן"), וואָס נעמט אַרײן אַרום 1400, און אַמאָל אַפּילו 2000 אַרעסטאַנטען. דאָס איז אײנע פון די גרעסטע געפענגניסען אין פראַנקרײך, איהר אויסערליכער צאַם (מור ד'אַנסאַנט), אַן אונגעהויערע גרויסע שטײנערנע וואַנט, וואָס איז אַרום 20 פוס הויך, ציהט זיך אויף פינף ווערסט. אינווענינ זײנען ניט נאָר די געפענגניס געבײדען און די הײזער פאַר דער אַדמיניסטראַציע, נאָר אויך די קאַזאַרמעס פאַר די סאָלדאַטען, די גערטנער און אַפּילו די תבואה פעלדער. די געבײדעס פון דער אײגענטליכער געפענגניס מיט איהרע צאָהלרײכע וואַרשטאַטען פאַרנעמען א קוואַדראַט פון 1200 פוס אין יעדער זײט און זײנען אַרומגערינגעלט פון א צווײטער, נאָך א העכערער טאָפּעל־וואַנט, וואו עס שטעהען די וואַך־היטער.

די הויכע קוימענס, פון וועלכע עס געהט טאָג און נאַכט א סך רויך, דער ריטמישער גערויש פון די מאַשינען, וואָס הערט זיך ביז שפּעט בײנאַכט, גיבען צו דער געפענגניס דעם אויסזעהן פון א קלײנעם מאַנופאַקטור שטעטעל. און ווירקליך, הינטער די גע־פענגניס וועגט געפינען זיך מעהר וואַרשטאַטען, אײדער אין אַנ־דערע קלײנע שטעט. אַזוי איז אין דער געפענגניס פאַראַן אַן אונגעהויער גרויסער וואַרשטאַט אויף צו מאַכען אײזערנע בעטען און אײזערנע מעבעל; דער וואַרשטאַט איז באַלויכטען מיט עלעק־טריציטעט, און אין איהם אַרבײטען מעהר ווי 400 מענשען. עס זײנען פאַראַן וואַרשטאַטען אויף אויסמאַכען סאַמעט, טוך און לײוועגט; אויף אויסמאַכען בילדער־ראַהמען, שפּיגלען און היל־צערנע מאָסען; אויף שלײפען גלאָז און אויסאַרבײטען אַלערלײ פערלמוטערנע קלײניגקײטען פאַר פרויען; א שטײנהאַקונגס הויף, א דאַמף מיהל און א סך קלײנע וואַרשטאַטען. אַלע קלײ־דער פון די אַרעסטאַנטען ווערען פון זײ אַלײן געמאַכט. די מע־כאַניזמען ווערען באַוועגט פון פיער מעכטיגע דאַמף מאַשינען און א טורבין. אַן אונגעהויער גרויסער גאָרטען און א תבואה פעלד, און אויך די קלײנע גאָרטענדלאַך, וואָס געהערען צו יעדען וועכטער

און באדינער פון געפענגנים, געפינען זיך אינערהאלב איהרע ווענט און ווערן באארבייט פון די ארעסטאנטען.

ווען מען האט דאס אליין ניט געזעהן, איז שווער זיך פאר־צושטעלען, וואס פאר א מאסע צוגרייטונגען און הוצאות עס איז נויטיג אויפצוהאלטען און באשעפטיגען 1400 ארעסטאנטען. עס איז קיין ספק ניט, אז די מלוכה וואלט קיינמאל זיך ניט אנט־שלאסען אויף אזעלכע אונגעהויערע הוצאות, ווען עס וואלטען ניט געווען קיין גרייטע געביידעס אין די אלטע קלויסטערס, אין קלערוואָ, אין סען-מישעל און אנדערע ערטער. און דאך וואלט דער מלוכה קוים געלונגען צו אָרגאניזירן אזא גרויסע סיסטעם פון פּראָדוקטיווער ארבייט, ווען זי וואלט ניט צוגעצויגען קיין פּרי־וואטע צושטעלער, אָפּגעבענדיג זיי די ארבייט פון די ארעסטאנ־טען צו א זעהר נידריגען פּרייז, צום פּארלוסט פאר דער פּרייער פּריוואטער אינדוסטריע. און דאך מוזען די לויפענדיגע הוצאות פון דער מלוכה אויפצוהאלטען די קלערוואָ'ער און אנדערע עהנ־ליכע געפענגניסען זיין גרויס. די צאָהלרייכע און קאָסטבארע אד־מיניסטראציע (70 וועכטער, וואס באקומען עסען און א דירה, מיט א געהאלט פון 450 ביז 650 רובעל א יאָהר; אויסערדעם איז אין דער געפענגנים אלעמאל פאראן א ראטע סאָלדאטען), וואס מוז פאלען ווי א שווערע לאסט אויף דעם געפענגנים בודזשעט, שוין ניט רעדענדיג וועגען די הוצאות אויף די צענטראלע אד־מיניסטראציע, אויף איבערפיהרן ארעסטאנטען, אויף שפּיטאָלען, א. אז. וו. עס ווייזט אויס, אז די אויבענדערמאָנטע אראָפּרעכנונג פון א געוויסען טייל פון דעם ארעסטאנט'ס לוין, וואס איז אין אלגעמיין ניט העכער פון דרייסיג קאָפּיקעס א טאָג אויף א מענשען, דעקט קוים אָט די אלע אונגעהויערע הוצאות.

ניט רעכענענדיג די פּאָליטישע, וועלכע מען שיקט אמאָל אין קלעווראָ, זיינען דאָ פאראן צוויי פארשידענע קאטעגאָריעס ארעסטירטע. די מעהרהייט באשטעהט פון קרימינעלע, וואס זיינען פאראורטיילט געוואָרן אויף מעהר ווי א יאָהר געפענגנים, נאָר אָהן קאטאָרזשנע ארבייט (די פאראורטיילטע אויף קאטאָרגא ווערן פארשיקט אין ניי־קאלעדאָניען); אָבער אויסער די קרי־מינעלע, ווערן אין קלערוואָ געוועהנליך אויפגעהאלטען עטליכע צעהנדליג סאָלדאטען, די אזוי גערופענע „רעטענסיאָנער'ען", וואס

זיינען פאַר׳משפט פון קריגסגעריכטען. אַט די ארעסטאַנטען זיי־
נען אַ טרויעריגער פראָדוקט פון אונזער מיליטאַריסטישען סיס־
טעם. אַ סאָלדאַט, וואָס האָט באַליידיגט אַן אונטער־אָפיציר אָדער
אַן אָפיציר, ווערט געוועהנליך פאַר׳משפט צו טויט־שטראָף. אָבער
אויב עס ווערט באַוויזען, אַז ער איז פּראָוואָצירט געוואָרן צו דער
באַליידיגונג, ווי דאָס איז מעהרסטענטיילס דער פאַל, פאַרבייט מען
איהם די טויט־שטראָף אויף צוואַנציג יאָהר געפענגניס, און מען
שיקט איהם אין קלערוואָ. איך ווייס ניט, ווי אַזוי דאָס געשעהט,
אָבער עס זיינען פאַראַן אַזעלכע „רעטענסיאָנערען", וועמען עס
קומט אויס אָפּצוזיצען צווייפאַכע און דרייפאַכע שטראָף־טערמינען,
וואַרשיינליך פאַר באַליידיגען די באַאמטע שוין זייענדיג אין געפענג־
ניס. אין משך פון אונזער זיצען אין קלערוואָ האָט מען אַ סך גערעדט
וועגען איין ארעסטאַנט אַזאַ, וואָס איז אַלט געוועזען פערציג יאָהר
און האָט אַרום און געדאַרפט אָפּזיצען נאָך פינף און זעכ־
ציג יאָהר; ער וואָלט געדאַרפט אָפּלעבען איבער הונדערט יאָהר,
כדי אָפּצוזיין זיין גאַנצען טערמין. אין דעם נאַציאָנאַלען יום־
טוב, דעם 14טען יולי, האָט מען איהם, לויט דעם פּרעזידענט׳ס
אַ דעקרעט, אַראָפּגענומען מיט אַמאָל 5 יאָהר; דאָך איז איהם
נאָך געבליבען צו זיצען פערציג יאָהר. דאָס קאָן אויסווייזען
אונוואַרשיינליך, אָבער דאָס איז אַ פאַקט.

יעדערער פאַרשטעהט די אונזיניגקייט פון אַזעלכע אורטייל־
לען, און דעריבער ווערן די מיליטערישע ארעסטאַנטען באַפרייט
פון יענע שטרענגקייטען, צו וועלכע עס זיינען אונטערוואָרפען
די איבריגע ארעסטאַנטען. זיי זיינען פריי פון צוואַנג־ארבייט,
און זיי ארבייטען אין די וואַרשטאַטען נאָר דעמאָלט, ווען זיי
ווילען דאָס אַליין. מען גיט זיי גרויע קליידער, וואָס זיינען פאַר־
העלטניסמעסיג בעסער ווי די ארעסטאַנטישע, און מען ערלויבט
זיי צו קויפען וויין פון דעם געפענגניס וועהרהויז. די פון זיי,
וואָס נעהמען ניט אויף ארבייט, זיצען באַזונדער און פאַרברענגען
גאַנצע יאָהרען אין פולשטענדיגער אונטעטיגקייט. מען קאָן זיך
לייכט פאָרשטעלען, מיט וואָס עס קאָנען זיך באַשעפטיגען דריי־
סיג סאָלדאַטען, וואָס האָבען פאַרבראַכט עטליכע יאָהר אין די
קאַזאַרמען און זיינען איצט פאַרשפּאַרט אויף צוואַנציג יאָהר אין
געפענגניס, וואו זיי זיינען ניט פאַרנומען מיט קיין גייסטיגער

אָדער פיזישער ארבייט. האָבען זייערע קאַמערען דעריבער אַזאַ רעפּוטאַציע, אַז די געפענגנים באַאַמטע וואָלטען געוועזען צופרידען, ווען אויף זיי וואָלט געקומען עפּעס אַ „הימעלשע שטראָף“, ווי די, וואָס האָט פארניכטעט די ביבלישע שטעט.

וואָס אַנבאַטרעפט די קרימינעלע, זיינען זיי אונטערוואָרפען אַ סיסטעם פון צוואַנגס־ארבייט און אַבסאָלוטען שווייגען. דאָס לעצטע איז, איבריגענס, אויף אַזוי וויט אוננאַטירליך, אַז מען האָט פון דעם געמוזט מעהר־וועניגער זיך אָפּזאָגען. אינגאַנצען פאַרהינדערן געשפּרעכען צווישען זיך, בעת דער ארבייט אין די ווארשטאַטען, איז פּאַקטיש אוממעגליך. און אויב די אַדמיני־סטראַציע וואָלט געוואָלט ניט דערלאָזען קיין געשפּרעכען אין דער צייט, ווען מען רוהט פון דער ארבייט, אָדער דאָס פּלוידערן אין די שלאָפצימערען, וואָלט זי געמוזט איינפיהרען גאַנצע שטאַטען וועכ־טער און אָנווענדען די שטרענגסטע שטראַפען. דעריבער איז, אין דער צייט, ווען מיר זיינען געוועזען אין קלערוואָ, דאָס סיסטעם פון אַבסאָלוטען שווייגען ביסלאַכווייז געפאַלען, און איצט, אויף וויפיעל מיר איז באַקאַנט, ווערן פאַרבאָטען נאָר הויכע געשפּרע־כען און קריגערייען צווישען ארעסטאַנטען.

גאַנץ פריה, — אַזייגער פינף אין זומער און זעקס אין ווינ־טער, — קלינגט דער גלאָק. די ארעסטאַנטען מוזען באַלד אויפ־שטעהן פון די בעטען, צונויפוויקלען זייערע מאַטראַצען און אראָפּ־געהן אין הויף, וואו זיי שטעלען זיך אויס אין רייהען, איינטיי־לענדיג זיך אויף אָפּטיילונגען, נאָך זייערע ווארשטאַטען, מיט אַן אויפזעהער אין דער שפּיץ פון יעדער אָפּטיילונג. אויף דעם באַפעהל פון דעם אויפזעהער, מאַרשירן זיי צוזאַמען, מיט לאַנג־זאַמע טריט, אין דער ריכטונג פון די ווארשטאַטען; דער אויפ־זעהער שרייט הויך אויס: „איינס, צוויי! איינס, צוויי!“ און דאָס קלאַפּען פון די שווערע הילצערנע שיך קלינגט רעגעל־מעסיג אָפּ אין איינקלאַנג מיט דער קאָמאַנדע. אין עטליכע מי־נוט אַרום דערהערט זיך דאָס פייפען פון די דאַמף־מאַשינען, און אין די ווארשטאַטען הויבט זיך אָן די ארבייט. ניין אַזייגער (זו־מער — האַלב ניין) שטעלט די ארבייט זיך אָפּ אויף אַ שעה, און די ארעסטירטע מאַרשירן אין די עסצימערען. דאָ זעצען זיי זיך אויף בענקלאַך, וואָס זיינען אַזוי צושטעלט, אַז די ארעסטאַנ־

טען זאָלען קאָנען זעהן נאָר די רוקענס פון די, וואָס זיצען פאר זיי. און זיי באַקומען דעם פריהשטיק. צעהן אַזייגער קערן זיי זיך אום אין די וואַרשטאַטען און ארבייטען ביז צוועלף, ווען זיי באַקומען אַן אָפּרוה אויף צעהן מינוט; דערנאָך ארבייטען זיי ווי־דער ביז האַלב דריי, ווען אַלע ארעסטאַנטען, וואָס זיינען אינגער פון פינף און דרייסיג יאָהר און האָבען ניט באַקומען קיין בילדונג, ווערן אויף איין שעה געשיקט אין שול.

פיער אַזייגער באַקומען די ארעסטאַנטען מיטאָג; ער פאַר־נעמט אַ האַלבע שעה, און נאָך איהם הויבט זיך אָן דער שפּאַציר אין הויף. מען שטעלט ווידער אויס די ארעסטאַנטען א י ן ר י י ה ע ן, און זיי מאַרשירן לאַנגזאַם ארום הויף, אונטער דעם אייביגען אויסגעשריי פון די וועכטער: „איינס, צוויי!" אָט די שפּאַצירען רופט מען אויף דער געפענגנים שפּראַך: „פּער לאַ גיק דע סאָסיסאָן". פינף אַזייגער הויבט זיך ווידער אָן די אַר־בייט און דויערט ביז אכט אַזייגער אין אָוונט זומער, און ביז נאַכט אין די אַנדערע צייטען פון יאָהר.

ווי נאָר מען שטעלט אָפּ די מאַשינען, — געוועהנליך, ז ע ק ס אַ ז י י ג ע ר א י ן א ו ו ע נ ט, און אפילו נאָך פריהער, פון סעפּטעמבער ביז מערץ, — פאַרשליסט מען די ארעסטאַנטען אין שלאָפצימערען. זיי קומט דעמאָלט אויס צו ליגען אין די בעטען פון האַלב זיבען אין אָוונט ביז זעקס אַזייגער אין דער פריה; און מיר דוכט, אַז אָט די שעה'ן פון צוואַנגס רוה זיינען פאַר דעם ארעסטאַנט די שווערסטע צייט. אמת, מען ערלויבט זיי צו לייענען אין די בעטען ביז צוויי אַזייגער, אָבער מיט אָט דער ערלויבניש קאָנען זיך באַנוצען נאָר די, וועמעס בעטען עס שטע־הען לעבען די גאַז־רעהרען. ניין אַזייגער אין אָוונט פאַרקלע־נערט מען דאָס ליכט. אין פאַרלויף פון דער נאַכט ווערט יעדער שלאָפצימער באַוואַכט פון אַן „ערשטען", וואָס ווערט באַשטימט פון צווישען די ארעסטאַנטען גופא, און וואָס מעהר אַזאַ „ער־שטער" שפּיאָנירט און דערצעהלט אויף זיינע חברים, אַלץ מעהר רויטע בענדלאַך באַקומט ער אויף די אַרבעל פון זיין רעקעל.

זונטאָגס ווערט די אַרבייט אָפּגעשטעלט. די ארעסטאַנטען פאַרברענגען דעם גאַנצען טאָג אין די הויפען פון דער געפענגנים, אויב דאָס וועטער ערלויבט, אָדער אין די וואַרשטאַטען, וואו זיי

קאַנען לייענען און רעדען, — נאָר ניט הויך, — אָדער אין די שול־צימערען, וואו זיי שרייבען בריף. אין אָרקעסטער, וואָס באַשטעהט פון דרייסיג מענשען, שפּילט אויפ'ן הויף און געהט ארויס פון דער געפעננגים וואנט אין „קור ד'אָנער", דאָס הייסט, אין הויף, וואו עס געפינען זיך די געביידעס פון דער אדמיניסטראַציע; אין דערזעלבינער צייט מאכט די פייער־קאָמאנדע איהרע איבונגען. זעקס אזיינער מוזען אלע זיין אין בעט.

אויסער די ארעסטירטע, וואָס זיינען פארנומען מיט ארבייטען אין די ווארשטאטען, איז נאָך פאראן די אזוי גערופענע פרייע בריגאדע, — דאָס הייסט, די ארעסטאנטען וואָס טוען פארשידענע ארבייטען הינטער די ווענט פון דער געפעננגים גופא, אָבער דאָך אינערהאלב דעם הויפּט צאם; זיי פארנעמען זיך מיט פאררינטונגען, מאלער ארבייט, זעגען האָלץ, א. אז. וו. זיי באארבייטען אויך די גערטנער פון דער געפעננגים און פון די וועכטער, באקומענדיג פאר דעם א לוין, וואָס איבערשטייגט ניט א פראנק א טאָג. איינינע פון זיי ווערען אויך געשיקט אין וואלד האקען האָלץ, אָדער אָפּצורייניגען א קאנאל, און עהנליכע ארבייטען. אין אזעלכע פאלען האָט מען ניט מורא פאר אנטרינונגען, ווייל אין די אויסערליכע בריגאדע באשטימט מען נאָר די, וועמען עס בלייבט איבער צו זיין אין קלערוואָ אינגאנצען א מאָנאט אָדער צוויי.

דאָס איז דאָס געוועהנליכע לעבען פון דער געפעננגים, וואָס ציהט זיך יאָהרענלאַנג אָהן דער קלענסטער ענדערונג און האָט א דערדריקענדיגע ווירקונג אויף די ארעסטאנטען, טאקע מיט דער איינטאָניגקייט און דער אָפּוועזענהייט פון נייע איינדרוקען. דאָס איז א לעבען, וואָס א מענש קאָן איבערטראָגען גאנצע יאָהרען, אָבער וואָס פארוואנדעלט איהם, — אויב דער מענש האָט ניט קיין אנדער ציעל, אויסער דעם פּראָצעס פון לעבען, — אין א געהארכזאמע מאשין, אָהן אַן אייגענעם ווילען; א לעבען, וואָס ענדיגט זיך מיט דער אָפּטעמפּונג פון די בעסטע אייגענשאפטען פון דער מענשליכער נאטור און מיט דער אנטוויקלונג פון איהרע ערגסטע זייטען; א לעבען, וואָס, אויב עס דויערט לאנגע יאָהרען, מאכט עס דעם געוועזענעם ארעסטאנט פאר פולשטענדיג אונפעהיג צו לעבען אין א געזעלשאפט פון פרייע מענשען.

וואָס אנבאטרעפט אונז, פּאָליטישע, זיינען מיר געוועזן אונ־

טערוואָרפען צו ספּעציעלע רעגלען: מיר זיינען געשטעלט גע-וואָרן אין די לאַגע פון די אַרעסטאַנטען, וואָס געפינען זיך אין פּרעלימינערער פאַרהאַפטונג; און פון דעמאָלט אָן איז אָט דער רעגעל אָנגעווענדעט געוואָרן אין קלערוואָ אויף די אַנאַרכיסטען פון דעם פּראָצעס פון דרייסיג, אויף דעם הערצאָג פון אָרלעאַן און אויף די סאָציאַליסטען, וואָס זיינען פאַראורטיילט געוואָרן פאַר אַנטי־מיליטערישע פּראָפּאַגאַנדאַ. מיר זיינען געגאַנגען אין די אייגענע קליידער; מען האָט אונז ניט געצוואונגען צו גאָלען זיך, און עס איז אונז געווען ערלויבט צו רויכערן. מען האָט אונז אָפּגעגעבען דריי געראַמע זאַלען און איין באַזונדערן צימער, אַבי־סעל קלענער, פאַר מיר. מען האָט אין אונזער רשות אויך אָפּגעגע־בען אַ קליינעם גאָרטען, אַ צוואַנציג קלאַפטער לאַנג און פיר קלאַפ־טער ברייט, אין וועלכען מיר האָבען זיך פאַרנומען מיט גערט־נעריי אויף אַ שמאָלען פּאַס ערד ביי דער וואַנט, און איך האָב זיך דאָ פון מיין אייגענער ערפאַהרונג געקאָנט איבערצייגען, ווי גוט דאָס איז צו באַאַרבייטען אינטענסיוו די ערד. ווען איך וואָלט גע־קאָנט אויסרעכענען די גאַנצע מאַסע גרינסען, וואָס מיר האָבען אַרויסגעבראַכט פון יאָהר צו יאָהר אין אונזער גאָרטען, וועלכער האָט פאַרנומען ווייניגער פון זעכציג קוואַדראַט אַרשין, וואָלט מען מיך מסתמא פאַרגעוואָרפען, אַז איך איבערטרייב.

מען האָט אונז ניט געצוואונגען צו אַרבייטען, אָבער מיינע חברים, — אַלע אַרבייטער, וואָס האָבען אין דער היים איבער-געלאָזען פאַמיליען אָהן קיין שום מיטלען צום לעבען, — זיינען געווען זעהר צופרידען מיט יעדער האַנט-אַרבייט. זיי האָבען גע-פּרואווט נייהען דאַמען־קאָרסעטען פאַר אַ צושטעלער אין קלערוואָ, אָבער באַלד האָבען זיי די אַרבייט געוואָרפען, זעהענדיג, אַז זיי וועלען ניט קאָנען אויסאַרבייטען מעהר פון צעהן־צוועלף קאָפּי-קעס אַ טאָג, נאָכדעם ווי מען וועט אָראָפּרעכענען דריי-צעהנטעל פון זייער פאַרדינסט פאַר דער מלוכה. גלייך נאָכדעם האָבען זיי זיך גענומען פאַר אַרבייט פון פּרעלמוטער; כאָטש דאָס האָט זיך באַצאָהלט אַביסעל בעסער פון דער פריהערדיגער אַרבייט, אָבער די באַשטעלונגען זיינען געווען צופעליגע און זיינען געווען גענוג איננאַנצען אויף עטליכע טעג אַ וואָך. די איבערפּראָדוקציע האָט אַרויסגערופען אַ שטיל-שטאַנד אין אָט דער מלאכה, און מיט

אנדערע ארבייטען האָט מען אין אונזערע קאַמערען ניט געקאָנט זיך פאַרנעמען, ווייל אַ וועלכער עס איז פאַרקער מיט די קרימי־נעלע איז געווען שטרענג פאַרבאָטען.

אויף אזא אופן זיינען די הויפּט באַשעפטיגונגען פון מיינע חברים געווען לייענען און שטודירן אויסלענדישע שפּראַכען. אַר־בייטער קאָנען זיך לערנען נאָר דעמאָלט, ווען זיי פאַלען אריין אין געפענגנים, און מיינע חברים האָבען זיך געלערענט זעהר ערנסט. דאָס שטודירן שפּראַכען האָט געהאַט אַ גרויסען ער־פאָלג, און איך האָב מיט פרייד זיך איבערצייגט אויף דעם פּראַק־טישען ביישפּיל אין קלערוואָ אין דער ריכטיגקייט פון מיין באַ־הויפּטונג, וואָס איז פריהער געווען באַגרינדעט אויף טעאָרעטישע שלוסען, — נעמליך, אז די רוסען זיינען גאָר ניט דאָס איינציגע פאָלק, וואָס קאָן לייכט זיך אויסלערנען אויסלענדישע שפּראַכען. מיינע פראנצויזישע חברים האָבען זעהר לייכט שטודירט די ענג־לישע, דייטשע, איטאַליענישע און שפּאַנישע שפּראַכען; איי־ניגע פון זיי האָבען באַוויזען צו באַהערשען אין דער צייט פון אַ צוויי־יאָהריגער פאַרהאַפטונג אין קלערוואָ צוויי אויסלענדישע שפּראַכען. בוכבינדעריי איז געווען אונזער באַליבטע באַשעפטי־גונג. צוערשט האָבען מיר באַנוצט אינסטרומענטען, וואָס מיר האָבען אליין געמאַכט פון שטיקער אייזען און האָלץ, און אָנשטאָט פּרעסען האָבען מיר באַנוצט שווערע שטיינער און קליינע סטאָ־לערשע דרוקען. ווען אָבער, צום סוף פון אנזער צווייטען יאָהר אין געפענגנים, האָט מען אונז ערלויבט איינצופיהרען ביי אונז אמת'ע אינסטרומענטען, האָבען אַלע חברים זיך אויסגעלערענט בוכבינדעריי מיט יענער לייכטקייט, מיט וועלכער אינטעליגענטע ארבייטער לערנען זיך אויס אַ נייע מלאכה, און די מעהרסטע פון אונז האָבען דערגרייכט אַ פולקאָמענהייט אין אָט דער קונסט.

אין אונזערע קאַמערען איז אַלעמאָל געווען אַ ספּעציעלער וועכטער, און ווי נאָר מיר זיינען ארויסגעגאַנגען אין הויף, האָט ער זיך באַלד געזעצט אויף די טרעפּ ביים טיר. ביינאַכט האָט מען אונז פאַרשלאָסען וועניגסטענס אויף זעקס אָדער זיבען שלע־סער, און פונדעסטוועגען זיינען אַלע צוויי שעה געקומען צו אונז עטליכע וועכטער, און זיי זיינען צוגעקומען צו יעדען בעט, באַ־לויכטענדיג מיט אַ לאַנטערן דעם פּנים פון דעם שלאָפענדיגען,

צו איבערציינען זיך, אַז קיינער פון אונז איז ניט פאַרשוואונדען. ווי נאָר די אַרעסטאַנטען געהען אַרויס פון די שלאָפצימערען, זייַנען זיי אונטער דער שטרענגסטער, קיינמאָל ניט שוואַכער וועכ־רענדינער, אויפזיכט, און דאָס איז מעגליך נאָר דערפאַר, וואָס די וועכטער האַלטען איינער פאַר'ן אַנדערן. אין פאַרלויף פון צוויי יאָהר האָב איך זיך געזעהן מיט מיין פרוי אין אַ קליינעם צימערל, אין די ווענט פון דער געפענגניס, לעבען דער וואַך-בודקע, און מיטנעמענדיג עמיצען פון די קראַנקע חברים, פלעגען מיר זאַלבע־דריט אַרויסגעהן אויף אַ שפּאַציר אין דעם איינזאַמען קליינעם פּאַרק פון דעם דירעקטאָר, אָדער אין דעם גרויסען גאָרטען; און קיינ־מאָל, אין פאַרלויף פון אָט די צוויי יאָהר, האָט דער וועכטער, וואָס האָט אונז באַגלייט אויף אָט די שפּאַצירען, ניט אַראָפּגענומען פון מיר קיין אויג, כאָטש נאָר אויף פינף מינוט. אַזוי האָט מען באַ־וואַכט אַלעמען אין אָט דער גרויסער געפענגניס.

קיין צייטונגען האָט מען אין אונזערע קאַמערען ניט אַריינ־געלאָזען, אויסער די פעריאָדישע וויסענשאַפטליכע אויסגאַבען און אילוסטרירטע וואָכענבלעטער. ערשט אויפ'ן צווייטען יאָהר פון אונזער פאַרהאַפטונג האָט מען אונז ערלויבט צו באַקומען דעם פאַרבלאָזען „פּטי זשורנאַל" און די רעגירונגס צייטונג, וואָס פלעגט אַרויסגעהן אין ליאָן. קיין סאָציאַליסטישע ליטעראַטור האָט מען, נאַטירליך, ניט צוגעלאָזען, און איך האָב ניט געקאָנט באַקומען אפילו קיין איין בוך פון די, וואָס איך האָב אַליין אָנגעשריבען. וואָס אַנבאַטרעפט ליטעראַרישע אַרבייטען, זיינען אַלע מאַנוסקריפּ־טען, וואָס איך האָב געשיקט פון געפענגניס, אויפ'ן שטרענגסטען אופן קאָנטראָלירט געוואָרן. אַרטיקלען איבער סאָציאַלע פראַגען, באַזונדערס וועגען רוסישע ענינים, האָט מען ניט אַרויסגעלאָזען פון די געפענגניס ווענט. קרימינעלע פאַרברעכער ווערט ערלויבט צו שרייבען בריף איין מאָל אַ מאָנאַט, און דאָס נאָר צו די נאָ־הענטסטע קרובים, אָבער אונז האָט מען ערלויבט צו קאָרעספּאָנ־דירן מיט אונזערע פריינד, וויפיעל מיר האָבען געוואָלט; אָבער אַלע בריף, ווי די אַרויסגעשיקטע, אַזוי אויך די באַקומענע, זיי־נען געווען אונטער דער שטרענגסטער צענזור, און דאָס האָט פאַר־אורזאַכט שטענדיגע קאָנפליקטען מיט דער געפענגניס אַדמיני־סטראַציע.

שפייז האָט מען, אין מיין מיינונג, געגעבען ניט גענוג. די טעגליכע פּאָרציע איז באשטאנען הויפּטזעכליך פון ברויט, וועלכען מען האָט ארויסגעגעבען צו 850 גראם (א פונט און דריי פערטעל) א טאָג אויף א מענשען. דאָס ברויט איז פון גרויען קאָליר (פון קאָרן און ווייץ), פון א זעהר גוטען סאָרט; און אויב דער ארעס־טאנט באקלאָגט זיך, אז די געוועהנליכע פּאָרציע איז פאר איהם ניט גענוג, דערלעגט מען איהם נאָך איינס אָדער צוויי אזעלכע לעבלאך א וואָך. דער פריהשטיק באשטעהט פון זופּ, וואָס איז געקאָכט פון א קליין ביסעל גרינס, וואסער און אמעריקאנער חזיר־פעטס, — דאָס לעצטע איז אָפטמאָל ניט פריש און בימערלאך. אויף מיטאָג ווערט געגעבען דער זעלביגער זופּ, צוזאמען מיט א טעלער (צוויי אונץ) געקאָכטע פאסאָלעס, רייז, לינזען אָדער קאר־טאָפעל. צוויי מאָל א וואָך גיט מען פליישיגען זופּ; אין אזעלכע פאלען ווערט צו פריהשטיק געגעבען בוליאָן, און צו מיטאָג באקומען די ארעסטאנטען, אָנשטאָט זופּ, צוויי אונץ געקאָכטע פלייש. צו־ליב אזא מאָגערער דיעטע זיינען די ארעסטאנטען געצוואונגען צו צוקויפען זיך שפּייז אין דער געפענגנים קראָם, וואו זיי קאָנען בא־קומען פאר א זעהר מעסיגען פּרייז (פון דריי ביז אכט קאָפּיקעס) קליינע פּאָרציעס קעז, ווארשטלאך, חזיר פלייש, און אויך מילך, פייגען, איינגעמאכטס, און זומער אויך פרוכטען. אָט די צוגע־געבענע שפּייז איז איינפאך נויטיג אויפצוהאלטען די כחות; אָבער א סך פון די ארעסטאנטען, באזונדערס די עלטערע מענשען, פאר־דינען אזוי ווייניג, אז נאָכדעם, ווי מען רעכענט אראָפּ א געוויסען פּראָצענט פון פאַרדינסט פאר דער מלוכה, קאָנען זיי ניט אויס־געבען אפילו קיין פינף קאָפּיקעס א טאָג אויף איינקויפען אין קרעמעל. איך וואונדער זיך איינפאך, ווי אזוי זיי קאָנען עקזיסטירן.

אין קלערוואָ זיינען די ארעסטאנטען פארנומען מיט צוויי מינים ארבייט. איינינגע פון זיי ארבייטען פאר דער מלוכה, פאר־נעמענדיג זיך מיט אויסארבייטען לייוועגט, טוך און קליידער פאר די ארעסטאנטען, אָדער זיי דיענען אין דער געפענגנים גופא, ווי סטאָלארעס, מאַליארעס, בוכהאלטערס, שפיטאָל באדינער, א. אז. וו. זיי אלע פאַרדינען פון דרייסיג ביז פערציג קאָפּיקעס א טאָג. אָבער די מעהרסטע פון זיי ארבייטען פאר פּריוואטע אונטערנעמער אין די אויבענדערמאָנטע ווארשטאטען. זייער ארבייטסלוין, וואָס

ווערט באַשטימט פון דער קאָמעריץ פּאַלאַטע אין טרואַ, האַלט אין איין ענדערען זיך און איז בכלל זעהר נידעריג, באַזונדערס אין די מלאכות, וואו עס איז אוממעגליך איינצושטעלען אַ באַשטימטע ראַטע פון אַרבייטסלוין, צוליב דער גרויסער פאַרשידענקייט פון אויסגעאַרבייטע מוסטערען און דער גרויסער צוטיילונג פון אַרבייט. זעהר פיל פאַרדינען איינגאַנצען פון 35 ביז 40 קאָפּיקעס אַ טאָג; נאָר ביי דער אויסאַרבייטונג פון אייזערנע בעטען דערגרייכט דער פאַרדינסט ביז 80 קאָפּיקעס אַ טאָג, און אַמאָל נאָך מעהר. איך האָב אויסגערעכענט, אַז דער דורכשניטליכער פאַרדינסט פון 125 אַרעסטאַנטען, וואָס זיינען פאַרנומען אין פאַרשידענע מלאכות, איבערשטייגט ניט 44 קאָפּיקעס אַ טאָג. אָבער אָט די ציפער איז דאָך העכער פון דער דורכשניטליכער, ווייל אַ באַדייטענדע צאָהל אַרעסטאַנטען פאַרדינען ניט מעהר פון 28 אָדער אפילו 20 קאָפּיקעס אַ טאָג, באַזונדערס אין די זאָקען ווארשטאַטען, וואוהין מען שיקט די שלאַפּע זקנים צו שטאַרבען פון אויסצערונג, וואָס אַנטוויקעלט זיך שנעל פון דעם שטויב.

געוויס, מען קאָן אָנווייזען אויף פאַרשידענע אורזאַכען, צו ערקלערען אַזאַ נידעריגען אַרבייטסלוין; אַזוי, צום ביישפּיל, איז נויטיג צו נעמען אין אַכט די נידעריגע קוואַליטעט פון דער גע־פענגנים אַרבייט, די פאַרענדערונגען אין די מאַרק פּרייזען, א. א. וו. אָבער מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסען דעם פאַקט, אַז צושטעלער, וואָס זאַמלען צונויף גרויסע פאַרמעגענס פון אַרעסטאַנטישער אַר־בייט, זיינען גאָר ניט קיין זעלטענהייט; און דאַריבער זיינען די אַרעסטאַנטען פון זייער זייט גערעכט, ווען זיי באַהויפּטען, אַז מען באַרויבט זיי, ווען מען צאָהלט זיי איינגאַנצען עטליכע קאָפּיקעס פאַר אַ צוועלף־שעה'דיגען אַרבייטס־טאָג. נאָך מעהר א'יז אַזאַ לוין ניט גענוג, ווייל אַ העלפט, און אַמאָל מעהר ווי אַ העלפט, ווערט צוגענומען פון דער מלוכה, בעת די שפּייז, וואָס די מלוכה גיט די אַרעסטאַנטען, ווערט זיי געגעבען אין אַ צו קליינער מאָס, באַזונ־דערס ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז די אַרעסטאַנטען מוזען שווער אַרבייטען.

אויב דער אַרעסטאַנט איז שוין איינמאָל געווען פאַר'משפט, איידער ער איז אַריינגעפאַלען אין די צענטראַלע געפענגניס, — און דאָס געשעהט זעהר אָפט, — און אויב זיין לוין איז 40 קאָפּיקעס

א טאָג, נעמט די מלוכה אראָפּ זעקס צעהנטלאָך, דאָס הייסט, 24 קאָפּיקעס, און די איבעריגע 16 קאָפּיקעס ווערן איינגעטיילט אין צוויי גלייכע טיילען, פון וועלכע איינער ווערט אראָפּגערעכענט אין דעם ארעסטאַנט'ס רעזערוו־פאָנד און ווערט איהם ארויסגעגעבען אין דעם טאָג פון זיין באַפרייאונג, און דער אַנדערער טייל, דאָס הייסט, 8 קאָפּיקעס, ווערט פארשריבען אויף זיין לויפענדיגען חשבון און קאָן אויסגעגעבען ווערען אויף איינקויפען אין דער נעפּענגנים קראָם. עס ווייזט אָבער אויס, אז אַן ארבייטער קאָן ניט לעבען און ארבייטען, אויסגעבענדיג נאָר 8 קאָפּיקעס אויף נאָך שפּייז. צוליב דעם האָט מען איינגעפיהרט א סיסטעם פון „באַלוינונגען", צווישען א רובעל און דריי א מאָנאַט, און אָט די באַלוינונגען ווערן איינגאַנצען ארויפגעטראָגען אויף דעם ארעס־טאַנט'ס לויפענדיגען חשבון. דאָס סיסטעם פון באַלוינונגען האָט, ווייזט אויס, באַלד געבראַכט צו אַלערליי מיסברויכונגען. מיר וועלען נעמען פאַר א ביישפּיל אַן ערפאַהרענעם ארבייטער, וואָס ווערט פאַר'משפּט צום דריטען מאָל, און פון וועמעס ארבייטסלוין די מלוכה פארהאַלט זיבען צעהנטלאָך. מיר וועלען ווייטער אָנ־נעמען, אז זיין ארבייטסלוין דערגרייכט אין פארלויף פון א מאָנאַט ביז צוואַנציג רובעל. די מלוכה נעמט פון אָט דעם לוין אראָפּ פערצעהן רובעל, און אויף אַזאַ אופן ווערט אויף זיין לויפענדיגען חשבון פארשריבען נאָר דריי רובעל. צוליב דעם ווענדט זיך דער ארעסטאַנט צום צושטעלער, אז ער זאָל פרייזען זיין ארבייט נאָר אין צעהן רובעל, זאָל איהם דערפאַר אריינשרייבען פינף רובעל „באַלוינונג". דער צושטעלער נעמט אָן דעם פאָרשלאָג, און די מלוכה באַקומט פון דעם ארעסטאַנט'ס ארבייט איינגאַנצען זיבען רובעל; דער צושטעלער צאָהלט פאַר די ארבייט, אַנשטאָט צוואַנ־ציג, נאָר פופצעהן רובעל; און דער ארעסטאַנט באַקומט נאָך פינף רובעל באַלוינונג, אויסער די אַנדערהאַלבען רובעל, וואָס זיינען פארשריבען אויף זיין לויפענדיגען חשבון, אזוי, אז זיין איינקונפט אויפ'ן לויפענדיגען חשבון דערגרייכט ביז זעקס און א האַלב רובעל, אַנשטאָט דריי. אויף אַזאַ אופן זיינען אַלע צופרידענגעשטעלט און אויב די מלוכה פארלירט אויף אָט דער אָפּעראַציע זיבען רובעל, איז אַלץ ערגער פאַר איהר!

דעם ארעסטאַנט'ס לעבען ווערט נאָך ערגער, ווען מען נעמט

אין אכט דעם גרויסען פארפיהרער פון דעם מענשליכען מין, טאבאק. רויכערן איז שטרענג פארבאָטען אין געפענגנים, און די רויכערער ווערן באשטראָפט מיט א פארלוסט פון 20 קאָפּיקעס ביז צוויי רובעל יעדעס מאָל, ווען מען כאפּט זיי ביים פארברעכען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, רויכערן אָדער קייען טאבאק כמעט אלע אין געפענגנים. טאבאק איז א טויש־ווערט, און דערצו נאָך אזא הויכער, אז איין פּאפּיראָס, דאָס הייסט, עטליכע ציהען, ווערט אָפּגעשאצט אין 8 קאָפּיקעס, און פאר א פאקעט טאבאק, וואָס קאָסט אויף דער פריי 20 קאָפּיקעס, צאָהלט מען צוויי רובעל און אפילו מעהר, אויב עס איז פאראן א מאנגעל. אָט דער טייערער פּראָדוקט האָט אזא הויכען ווערט אין געפענגנים, אז א קליין ביסעל טאבאק קייט מען צוערשט, דערנאָך טריקענט מען דאָס אויס און מען רויכערט, און ענדליך ווערט דער אַש פארברויכט ווי שמעק־טאבאק. עס פארשטעהט זיך, אז עס זיינען פאראן צושטעלער פון ארבייט, וואָס עקספּלואטירען אָט די מענשליכע שוואכקייט און צאָהלען פאר א העלפט ארבייט מיט טאבאק נאָך די אויבען אָנגעוויזענע פּרייזען. עס געפינען זיך אויך צווישען די וועכטער מענשען, וואָס מיאוסען זיך ניט מיט אָט דעם פּראָפיטאבעלען האנדעל. בכלל איז דער פארבאָט צו רויכערן א קוואל פון אזוי פיל שלעכטס, אז די פראנצויזישע געפענגנים אדמיניסטראציע וועט מסתמא אינ־גיכען נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון דער דייטשער און וועט ערלויבען צו פארקויפען טאבאק אין די געפענגנים קרעמלעך. אזא מיטעל וועט אָהן צווייפעל אויך פיהרען צו א פארקלענערונג פון דער צאָהל רויכערער צווישען די ארעסטאנטען.

מיר זיינען אָנגעקומען אין קלערוואָ אין א גאנץ גינסטיגען מאָמענט. די גאנצע אלטע געפענגנים אדמיניסטראציע איז ניט לאנג צוריק אנטלאסען געוואָרן, און די באהאנדלונג פון די ארעסטאנטען איז געוואָרן ווענינער גרויזאם. מיט א יאָהר אָדער צוויי פאר אונזער אָנקומען איז איין ארעסטאנט ערמאָרדעט גע־וואָרן אין אן איינצעל־קאמער. די וועכטער האָבען איהם ער־מאָרדעט מיט די שליסלען. לויט דעם אָפיציעלען באריכט, איז דער ארעסטאנט באגאנגען זעלבסטמאָרד, אויפהענגענדיג זיך; אָבער דער געפענגנים ארצט האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבען דעם באריכט און האָט אָנגעגעבען א באזונדערע ערקלערונג, אין וועלכער

ער האָט אָנגעוויזען, אז נאָך זיין מיינונג האָט מען דעם ארעסטאנט ערמאָרדעט. אָט דער פאקט האָט געפיהרט צו א ראדיקאַלער רעפאָרם אין דער באהאנדלונג פון די ארעסטאנטען, און איך באַשטעטיג מיט צופרידענהייט, אז אין קלערוואָ זיינען די באציהונגען צווישען די אַרעסטאַנטען און וועכטער א סך בעסער, איידער אין ליאָן. עס איז דאָ גענוען ווענינער גראָבקייט און מעהר מענשליכ־קייט, איידער איך האָב ערוואַרט צו געפינען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דאָס סיסטעם איז אַליין פאר זיך שלעכט און מוז אומ־פארמיידליך פיהרן צו די פאטאַלסטע רעזולטאטען.

עס פארשטעהט זיך, אז דער פארהעלטניסמעסיג גינסטיגער ווינט, וואָס האָט אין דער צייט געוועהט איבער קלערוואָ, קאָן זעהר שנעל זיך ענדערן צום ערגערן. דער קלענסטער סימן פון א בונט קאָן ארויסרופען א שארפע איבערקערעניש, באזונדערס נאָך דערפאר, וואָס עס זיינען פאראַן ניט ווֶניגער וועכטער און גע־פענגנים אינספּעקטאָרען, וואָס בענקען נאָכן „אַלטען סיסטעם", וועלכע בלייבט נאָך אין קראפט אין די אַנדערע פראנצויזישע גע־פענגניסען. אזוי, צום ביישפּיל, ווען מיר זיינען שוין געווען אין קלערוואַ, איז אהין צוגעשיקט געוואָרן אן ארעסטאנט פון פּואסי, דער צענטראַלער געפענגנים, וואָס געפינט זיך לעבען פאריז. ער האָט געהאַלטען דעם ווערדיקט פון געריכט פאר ניט גערעכט און האָט גאַנצע טעג געשריען אין זיין צעל. אייגענטליך זיינען ביי איהם געווען אַלע סימנים פון אן אָנהויב פון משוגעת. אָבער די געפענגנים באַאַמטע אין פּואסי, כדי צו צווינגען איהם אנשווייגען צו ווערן, האָבען ניט געפונען קיין בעסערן מיטעל, ווי צו שטעלען ביי די טירן פון זיין קאַמער א פייער לעש־מאַשין און באגיסען איהם מיט וואסער; דערנאָך האָט מען איהם איבערגעלאָזען, אינ־גאַנצען א נאַסען, אין זיין צעל, ניט קוקענדיג אויף דעם ווינטער־דיגען פראָסט. די פּרעסע האָט זיך געמוזט אריינמישען, אז דער דירעקטאָר פון דער געפענגנים אין פּואסי, וואָס איז שולדיג געווען אין דעם בארבאריזם, זאָל אַנטלאַסען ווערן. די צאָהלרייכע בונ־טען, וואָס האָבען זיך אויפגעהויבען אין די יאָהרען 1885—1883 כמעט אין אַלע פראנצויזישע געפענגניסען, ווייזען, איבריגענס, אז דאָס „אַלטע סיסטעם" איז נאָך ביז איצט אין פולען גאַנג.

איך האָב אויבען געזאָגט, אז די באציהונגען צווישען די ארעס־

טאַנטען און וועכטער אין קלערוואָ זיינען געוועזן בעסער, איידער אין ליאָן. א סך קאַפּיטלען וואָלט מען געקאָנט ווידמען אָט דער פראַגע, אָבער איך וועל פּרואווען זיך פאַסען אזוי קורץ ווי מעגליך און וועל נאָר אָנווייזען אויף די הויפּט שטריכען. עס איז קיין צווייפעל ניט, אז דאָס לאַנגע צוזאַמענלעבען פון די וועכטער און דער כאַראַקטער גופא פון זייער דינסט האָבען אנטוויקעלט צווישען זיי א געוויסען קאָאָפּעראַטיווען גייסט, צוליב וועלכען זיי האַנדלען מיט א מערקווירדיגער איינינקייט אין באַצוג צו די ארעסטאַנטען. ווי נאָר מען ברענגט צופיהרן א מענשען אין קלערוואָ, פרעגען באַלד די אָרטיגע וועכטער ביי די, וואָס האָבען געבראַכט צופיהרן דעם נייעם: „סומי או ענסומי?" דאָס הייסט, איז דער נייער א געהאָרכזאַמער, אָדער, פאַרקערט, א פּראָטעסטאַנט? אויב דער ענטפער איז א גינסטיגער, קאָן דעם געפאַנגענעם'ס לעבען זיין פאַר־העלטניסמעסיג דערטרעגליך; אין דעם פאַרקערטען פאַל וועט ער ניט גיך זיך צושיידען מיט דער געפענגנים, און אפילו ווען מען לאָזט איהם ארויס אויף דער פריי, קומט ער געוועהנליך ארויס מיט א צושטערטען געזונט און מיט אזא האַס קעגען דער געזעלשאַפט, אז ער פאַלט באַלד ווידער אריין אין געפענגניס, וואו ער ענדיגט זיינע טעג, — אויב נאָר מען פאַרשיקט איהם ניט אין נײַ־קאַלעדאָניען.

אויב דער ארעסטאַנט ווערט פון די וועכטער אטעסטירט ווי א „ניט געהאָרכזאַמער", שיט זיך אויף איהם א האָגעל פון שטראָפען. אויב ער רעדט אין די רייהען, מעג ער רעדען ניט העכער פון אנ־דערע, וועט מען איהם אויסרעדען אין אזא פאָרם, אז ער וועט ענט־פערן און וועט דערפאַר באַשטראָפט ווערן; און יעדע באַשטראָ־פונג וועט מיט איהר שווערקייט אזוי ניט אנטשפּרעכען דעם פאַר־פאַרברעך, אז ער וועט פּראָטעסטירן יעדעס מאָל, און פאַר דעם וועט מען איהם טאָפּעלט באַשטראָפען. — „ביי אונז, ווען עמיצער פאַלט איין מאָל אריין אין קאָרעקציאָנס אָפּטיילונג, איז ווי נאָר מען וועט איהם פון דאָרטען ארויסלאָזען, וועט ער ווידער אריינ־פאַלען אין עטליכע טעג ארום". אזוי רעדען די וועכטער, אפילו די גוטמוטיגסטע צווישען זיי. און די באַשטראָפונג מיט דער קאָרעק־ציאָנס אָפּטיילונג איז ווייט ניט פון די לייכטסטע.

מען שלאָגט דאָרט ניט די מענשען; מען וואַרפט זיי ניט אום מיט קלעפּ אויף דער ערד. מיר זיינען צופיל ציוויליזירט פאַר

אזעלכע גרויזאמקייטען. דעם באשטראפטען פיהרט מען איינפאך אין איינצעלנעם קאמער און מען פארשפארט איהם דארטען. אין דער צעל איז ניטא גארנישט: ניט קיין בעט, ניט קיין בענקעל. אויף דער נאכט גיט מען א מאטראץ, און זיינע קליידער מוז דער ארעסטאנט איבערלאזען הינטער די טירען פון דער צעל. די שפייז באשטעהט נאר פון ברויט מיט וואסער. ווי נאר עס קלינגט אין דער פריה דער געפענגנים־גלאק, פיהרט מען ארויס דעם ארעס־טאנט אין א באזונדערע שטאל, און דארטען מוז ער — ארומגעהן. מעהר גארנישט! אבער אונזער ראפינירטע ציוויליזאציע האט געקאנט מאכען א מאטערניש אפילו פון אט דער נאטירליכער באוועגונג. מיט שטילע, געמאסטענע טריט, אונטער די אייביגע אויסגעשרייען: „איינס—צוויי! איינס—צוויי!" מוזען די אומגליקליכע געהן א גאנצען טאג, אין דער לענג פון די וואנט פון שטאל. זיי שפרייזען אזוי ארום צוואנציג מינוט. דערנאך קומט אן איבערריים, אין פארלויף פון וועלכען זיי מוזען אפזיצען צעהן מינוט אומבאוועגליך, יעדערער אויף זיין נומערירטען פלאץ; נאכדעם נעמען זיי ווידער געהן צוואנציג מינוט. און אזא מא־טערניש דויערט א גאנצען טאג, אזוי לאנג ווי עס רוישען די מאשינען פון די ווארשטאטען. און די באשטראפונג דויערט ניט איין טאג און ניט צוויי: זי דויערט גאנצע מאנאטען, אמאל יאהרען. זי איז אזוי שרעקליך, אז די אומגליקליכע בעטען נאר איינס: „ערלויבט אונז זיך אומצוקערן אין די ווארשטאטען".— „גוט, מיר וועלען דאס זעהן אין א צוויי וואכען אדער אין א מאנאט ארום", — דאס איז דער געוועהנליכער ענטפער. אבער עס געהען אריבער צוויי וואכען, דערנאך נאך צוויי וואכען, און דער אומגליקליכער ארעסטאנט האלט אלץ אין איין שפא־צירען צו צוועלף און דרייצעהן שעה א טאג. ענדליך האלט ער ניט אויס און נעמט הויך שרייען אין זיין קאמער און באליידי־גען די וועכטער. דעמאלט דערהויבט מען איהם צום ראנג פון א „בונטאווששיק", — א טיטעל, וואס איז זעהר געפעהרליך פאר יעדען איינעם, וואס איז נאר אריינגעפאלען אין די הענט פון די וועכטער: ער וועט פארפוילט ווערען אין איינצעלנעם קאמער און וועט אומגעהן גאנצע יאהרען. פאר ניט פאלגען וועט מען איהם פארטאפלען און פארדרייפאכען דעם געפענגנים טער־

מין אין קלערוואָ, און אויב ער וועט זיך אַ וואַרף טאָן אויפן וועכטער, כדי איהם צו ערמאָרדען, וועט מען איהם פאַר'משפט'ן צו קאַטאָרגאַ, אָבער אין נייַ־קאַלעדאָניען וועט מען איהם ניט שיקען: ער וועט דאָך מוזען צוערשט אָפּזיין דעם גאַנצען טער־מין אין קלערוואָ. ער וועט בלייבען אין זיין איינצעל־קאַמער און וועט ווי פריהער געהן ארום די נומערירטע פלעצער... אין פאַרלויף פון אונזער זיין אין קלערוואָ האָט איין אַרעסטאַנט, אַ פויער, ניט זעהענדיג קיין אויסגאַנג פון דער שרעקליכער לאַגע, באַשלאָסען בעסער צו פאַר'סמ'ען זיך: ער האָט אויפגעגעסען אַלע זיינע עקסקרעמענטען און איז אינגיכען געשטאָרבען אין שרעקליכע מאַטערנישען.

ווען איך פלעג מיט מיין פרוי אַרויסגעהן אויף אַ שפּאַציר אין גאָרטען, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון דער אָפּטיילונג פון די איינצעל קאַמערען, פלעגען זיך אַמאָל דערטראָגען צו אונז פון דאָרטען שרעקליכע, פאַרצווייפעלטע געשרייען. מיין פרוי, דערהערענדיג זיי צום ערשטען מאָל, האָט זיך דערשראָקען און ציטערנדיג מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט, און איך האָב איהר דערצעהלט, אַז דאָס זיינען געשרייען פון אַן אַרעסטאַנט, וועמען מען פלעגט אָפּגיסען מיט וואַסער פון דער לעש־מאַשין אין פּואַסי, און וועמען מען האָט איצט, טראָץ דעם געזעץ, אַריבערגעפיהרט אַהער אין קלערוואָ. אַמאָל פלעגט ער שרייען אָהן אויפהער צוויי־דריי טעג נאָכאַנאַנד: „וואַשע, גרעדען, אַסאַסען!“ (וואַ־שע — קיה, אַזוי רופט מען אויף דעם געפענגניש זשאַרגאָן די וועכטער), אָדער ער פלעגט הויך אויסשרייען די געשיכטע פון זיין פאַר'משפט'ונג, ביז וואַנען ער פלעגט אַנידערפאַלען אויף דער ערד אַ מידער. ער האָט, פאַרשטעהט זיך, פּראָטעסטירט גע־גען דער פאַרשפּאַרונג אין דער קאָרעקציאָנעלער אָפּטיילונג אין קלערוואָ און האָט הויך ערקלערט, אַז ער וועט טויטען דעם וועכטער, אַבי ניט בלייבען דאָס גאַנצע לעבען אין איינצעל־קאַמער. דערנאָך איז ער אַנשווייגען געוואָרן אויף צוויי מאָ־נאַטען. דער געפענגנים אינספּעקטאָר האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז מען וועט איהם אפשר ערלויבען געהן אין די וואַרשטאַטען נאָך דעם 14טען יולי. אָבער אָט איז אַריבערגעגאַנגען אויך דער נאַ־ציאָנאַלער יום טוב פון 14טען יולי, און דעם אומגליקליכען האָט

מען דאָך ניט באפרייט. דעמאָלט איז ער דערגאנגען ביז פאר־צווייפלונג: ער האָט געיאָמערט, געשימפט און אויף אלערליי אופנים באליידיגט די וועכטער, צושטערט די הילצערנע טיילען פון זיין קאמער און איז ענדליך ארייננעזעצט געווארן אין קארצער, וואו מען האָט איהם אָנגעטאָן שווערע קייטען אויף די הענט און פיס. איך אליין האָב די קייטען ניט געזעהן, אָבער ווען ער איז ווידער ערשינען אין דער אָפטיילונג פון איינצעל־קאמערען, האָט ער הויך אויסגעשריען, אז מען האָט איהם געהאלטען צוויי מאָנאטען אין אזעלכע שווערע הענט און פיס קייטען, אז ער האָט זיך ניט געקאָנט באוועגען. ער איז שוין דעמאָלט געווען האלב־משוגע, און מען וועט איהם האלטען אין איינצעל־קאמער, ביז וואנען ער וועט אינגאנצען ניט משוגע ווערן... דעמאָלט וועט מען איהם פייניגען מיט די אלע מאטערנישען, וועלכע עס מוזען אריבערטראגען די משוגעים אין די געפענגנישען און אין די דול־הייזער...

און אָט שטעהט פאר אונז אין איהר גאנצער גרויס אן אומ־געהויערע אויפגאבע — ווי אזוי מאכט מען א סוף צו אלע אזעל־כע גרויזאמקייטען? די באציהונגען צווישען דער געפענגנים ארמיניסטראציע און די ארעסטאנטען אין קלערווא זיינען ניט דורכגעדרונגען מיט דער גראָבקייט, וואָס כאראקטעריזירט די רוסישע געפענגניסען.

און דאָך דערפיהרט דאָס אלגעמיין אנגענומענע סיסטעם פון געפענגנים פארהאפטונג צו אזעלכע רעזולטאטען. זיי זיינען דער אומפארמיידליכער פועל יוצא פון דעם סיסטעם גופא. אבער צוליב וואָס אונטערוואַרפט מען מענשען צו אזעלכע מא־טערנישען? וואָס ווערט דערגרייכט דורך אזעלכע ליידען? אין וואָס פאר א ריכטונג דארף מען זוכען די לייזונג פון דעם אונגע־הויערן פראָבלעם, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאר אונזער סיסטעם פון שטראָפען און געפענגניסען? דאָס זיינען די פראגען, וואָס אנטשטעהען אליין פון זיך ביי יעדען געוויסענהאפטיגען באַ־אָבאכטער.

## ניינטער קאַפּיטעל.

# װעגען דער מאָראַלער װירקונג פון געפענגניסען אויף די אַרעסטאַנטען.

די צענטראַלע געפענגניס אין קלערװאָ, װאָס איז באַשריבען געװאָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל, קאָן באַטראַכט װערען װי איינער פון די טיפּישע פאַרהאַפטונגס פּלעצער. אין פראַנקרייך איז זי איינע פון די בעסטע געפענגניסען, — איך װאָלט געזאָגט, די בעס־טע, װען איך װאָלט פון עליזע רעקליו ניט געװאוסט, אַז די מילי־טערישע געפענגניס אין ברעסט איז מיט קיין זאַך ניט ערגער פון דעם „צענטראַל״ אין קלערװאָ. און באמת, די פאַרהאַנדלונגען אין דעם פראַנצויזישען דעפּוטאַטען־קאַמער דאָ ניט לאַנג װעגען דעם צושטאַנד פון די פאַרהאַפטונגס פּלעצער, און אויך די בונטען, װאָס זיינען אויסגעבראָכען אין 1886 כמעט אין אַלע גרויסע פראַנצוי־זישע געפענגניסען, באַװייזען, אַז די מעהרהייט פון אָט די איינ־ריכטונגען זיינען אַ סך ערגער פון דער, מיט װעלכער אונז איז אויסגעקומען צו באַקענען זיך אויפ׳ן גרונט פון דער אייגענער ער־פאַהרונג אין קלערװאָ.

אויב מיר װעלען פאַרגלייכען די געפענגניס דיסציפּלין אין קלערװאָ מיט דער דיסציפּלין פון די ענגלישע געפענגניסען (אויף װיפיעל מען קאָן װעגען די לעצטע אורטיילען פון די באַריכטען פון דער געפענגניס קאָמיסיע פון 1863, און אויך פון דעם אויס־געצייכענטען בוך פון דעם אירלענדישען פּאַטריאָט מייקעל דאַ־װיט*), און פון די אַרבייטער פון דזשאָן קעמפּבעל**), פון אַ דאַמע, װאָס שרייבט אונטער׳ן פּסעװדאָנים „אַ געפענגניס אויפזעהע־

*) *Michael Davitt*, "Leaves from a Prison Diary," London, 1885.
**) *John Campbell*, "Thirty Years' Experiences of a Medical Officer in the English Convict Service," London, 1884.

רין",*) פון סער עדמונד דיו־קען,**) פון א בוך: „פינף יאהר געפענגנים פארהאפטונג",***) און פון בריף, וואס זיינען פאָ־רינגען יאהר פארעפענטליכט געוואָרן אין „דיילי ניוס", אונטערגע־שריעבען „געוועזענער B. 24")‚—ויען מיר זאָלען אורטיילען פון אָט די מאטעריאלען, וועלען מיר מוזען אָנערקענען, אז די פראנצוי־זישע צענטראלע געפענגניסען זיינען מיט קיין זאך ניט ערגער, און אין איינינע פרטים מענשליכער פון די ענגלישע. און וואס אָנבאטרעפט די דייטשע געפענגניסען, איז אויף וויפיעל מען קאָן אורטיילען וועגען זיי פון דער ליטעראטור און פון די דערצעה־לונגען פון מיינע דייטשע פריינד, וואס האָבען די געפענגניסען געפיהלט אויף זיך, קאָן די באהאנדלונג פון ארעסטאנטען אין דייטשלאנד ניט פארגליכען ווערן מיט דעם רעזשים אין קלערוואָ און צייכענט זיך אוים מיט איהר גראָבקייט. וועגען די עסטריי־כישע געפענגנישען קאָן מען זאָגען, אז זיי געפינען זיך איצט אין דעם צושטאנד, אין וועלכען געפענגניסען זיינען געווען אין ענג־לאנד, פאר דער רעפאָרם פון 1863. אויף אזא אופן קאָנען מיר פריי זאָגען, אז די געפענגנים, וואס איז באשריבען געוואָרן אין פאָריגען קאפיטעל, איז ניט נאָר ניט ערגער פון טויזענטער עהנ־ליכע איינריכטונגען, וואס זיינען פארשפרייט איבער גאנץ איי־ראָפּאָ, נאָר פארקערט, זי קאָן זיך רעכענען פאר איינע פון די בעסטע.

אויב מען וואָלט מיך געפרעגט, וועלכע רעפאָרמען מען קאָן איינפיהרן אין אָט דער געפענגנים און עהנליכע צו איהר, מיט דעם תנאי, אז זיי זאָלען פונדעסטוועגען בלייבען געפענג־ניסען, וואָלט איך געקאָנט אָנווייזען נאָר אויף איינינע טייל־ווייזע אויסבעסערונגען, וואס וואָלטען אין אלגעמיין פיל־ווינציג פארבעסערט די לאגע פון די ארעסטאנטען; אָבער אין דערזעל־בינער צייט וואָלט איך געמוזט אָפען אָנערקענען, ווי שווער עס איז צו מאכען וועלכע עס איז אויסבעסערונגען, אפילו די אומבאדיי־

---

*) "Prison Characters," by a *Prison Matron*. London, 1866.

**) *Sir Edmund Du Cane*, The Punishment and Prevention of Crime.—"English Citizen" Series. London, 1885.

***) "Five Years' Penal Servitude," by *One Who Has Endured It*. London, George Rutledge and Sons.

טענדינגסטע, ווען עס האנדעלט זיך וועגן איינריכטונגען, וואָס זיינען באזירט אויף א פאלשען פּרינציפּ.

מען וואָלט, צום ביישפּיעל, געקאָנט פארלאנגען, אז די ארעסטאנטען זאָלען פאר זייער ארבייט באקומען א העכערן לוין. די געפּענגנים אדמיניסטראציע וואָלט אויף דעם מסתמא געענטפערט, אז עס איז שווער צו געפינען פּריוואטע אונטערנעמער, וואס זאָלען גרייט זיין איינצואָרדנען די קאָסטבארע ווארשטאטען אין געפענגנים, און צוליב דעם, וואָלט זי אָנגעוויזען, איז נויטיג ביליגע ארבייט. פון דער אנדער זייט, וואָלט איך ניט פאָרגעשלאָגען, אז די ארעסטאנטען זאָלען ארבייטען אויסשליסליך פאר דער מלוכה, ווייל איך ווייס, אז די מלוכה וואָלט די ארעסטאנטען ניט געצאָהלט מעהר, אויב ניט ווייניגער, ווי איינציגע צושטעלער אין קלערוואָ. די מלוכה וועט קיינמאָל ניט ריזיקירן אויסצוגעבען מיליאָנען אויף ווארשטאטען און אויף דאמף־מאשינען; און אויב זי וועט זיך אָפּזאָגען פון דער באנוצונג פון פארפולקאָמטע מאשינען, וועט זי ניט זיין אימשטאנד צו באצאָהלען פאר די ארעסטאנטישע ארבייט בעסער, איידער איצט. דאָס הייסט, אז מען וועט דאָך מוזען קומען צו דיזעלבינגע דרייסיג אָדער פערציג קאָפּיקעס א טאָג. אויסער דעם, וועט די מלוכה קוים קאָנען באשעפטיגען די ארעסטאנטען מיט די פארשידענע מלאכות, וועלכע איך האָב אויסגערעכענט אין פאָריגען קאפּיטעל, און אָט די פארשידענקייט פון מלאכות איז איינע פון די נויטיגע באדינגונגען צו געפינען שטענדיגע באשעפטיגונג פאר די ארעסטאנטען. אין ענגלאנד, וואו פּריוואט־אונטערנעמונג ווערט ניט ערלויבט אין די ווענט פון געפענגנים, איז די דורכשניטליכע פּראָדוקטיוויטעט פון יעדען ארעסטאנט אין 1877 ניט געוועזען העכער פון ניין־און־צוואנציג רובעל, און דער מאקסימום פון פּראָדוקטיוויטעט האָט נאָר דערגרייכט ביז צוויי הונדערט רובעל.*)

*) ער האָט דערגרייכט זיבעציג פונט סטערלינג (זיבען הונדערט רובעל) אויף דער לוקער געפענגנים פאַרם, וואו עס זיינען געוועזען אינגאַנצען 42 אַרעסטאַנטען (זעה עד. דיו־קען, „ב אַ ש ט ר אָ פ ו נ ג א ו ן פ א ר ה י ט ו נ ג פ ו ן פ א ר ב ר ע כ ע ן"). פון זינט אָט די שורות זיינען אָנגעשריבען געוואָרן, האָט מען אין פראַנקרייך, כמעט אומעטום, אָפּגעשאַפט די ארבייט פאַר פּריוואטע אונטערנעמער אין די

דערנאָך וואָלט איך, פאַרשטעהט זיך, פאָרגעשלאָגען, אַז מען
זאָל אראפּנעמען דעם פאַרבאָט צו ריידען צווישען די ארעסטאנ־
טען, ווייל אָט דער פארבאָט, וואָס עקזיסטירט סאי אין פראנק־
רייך, סאי אין ענגלאנד*), סאַי אין אמעריקע, בלייבט אייגענט־
ליך א טויט בוכשטאַב און קאָן נאָר פירן צו דעם, אַז די לאַגע
זאָל ווערן שווערער. איך וואָלט אויך פאָרגעשלאָגען, אַז מען
זאָל ערלויבען צו רויכערן אין געפענגנים, ווייל דאָס איז דער
איינציגער מיטעל אָפּצושטעלען דעם געמיינעם געהיימען פארקויף
פון אָט דעם פראָדוקט, וואָס איז פארבאָטען אין די געפענגני־
סען, א האנדעל, וואָס ווערט פראקטיצירט פון די וועכטער אין
ענגלאנד**), אזוי גוט ווי אין פראנקרייך. אָט די רעפאָרם איז
שוין איינגעפיהרט געוואָרן אין דייטשלאנד, וואו טאַבאק ווערט
פארקויפט אין די געפענגנים קראָמען. און אָט די רעפארם וועט
געוויס פיהרן צו א פארקלענערונג פון דער צאָהל רויבערער צווי־
שען די ארעסטאנטען. אָבער אזעלכע רעפאָרמען זיינען, נאטיר־
ליך, נאָר קליינינקייטען, וואס קאָנען ניט פארבעסערן אין א
באדייטענדיגער מאָס אונזערע שטראף איינריכטונגען.
כדי אויסצובעסערן זיי אויף א גרינדליכען אופן, וואָלט מען
געוויס געקאָנט פאָרשלאָגען, אז אין דער שפּיץ פון יעדער גע־
פענגנים זאָל שטעהן א פעסטאלאָצי, און זעכציג אנדערע פעס־
טאלאָציס זאָלען פארנעמען די ערטער פון וועכטער. איך האָב
נאָר מורא, אז די געפענגנים אדמיניסטראציע קאָן מיר אויף דעם
ענטפערן,ווי אלעקסאנדער דער צווייטער, וואָס האָט אנגעשריבען

געפענגניסען. די סאַציאַליסטישע דעפּוטאַטען האַבען אויפגעהויבען די
פראַגע וועגען קאָנקורענץ מצד די געפענגנים אונטערנעמער צו דער
אַרבייט פון פרייע ארבייטער, און בעת די דעבאַטען האַבען די מיטגלי־
דער פון פראנצויזישען פאַרלאַמענט זיך ברייט באנוצט מיט אַט דעם
קאַפּיטעל פון מיין בוך, צו קריטיקירן די אָרגאַניזאַציע פון פריוואַטע
ווארשטאַטען אין די געפענגניסען. אויף וויפיל מיר איז באקאנט, זיינ־
נען איצט פריוואטע אונטערנעמער פארטריבען פון קלערוואָ; אָבער איך
צווייפעל זעהר, צי די לאַגע פון די אַרעסטאַנטען האַט זיך צוליעב דעם
פאַרבעסערט.

*) M. Davitt's "Leaves".
**) "Five Years' Penal Servitude," p. 61.

איינמאָל אויף אן אדמיניסטראַטיווען באריכט: „וואו זאָל איך נעמען מענשען?" ווייל עס איז קיין צווייפעל ניט, אז ביז וואַנען אונזערע געפענגנישען וועלען בלייבען געפענגנישען, וועט א פעסטאַלאָצי זיין א זעלטענע אויסנאַם צווישען געפענגנים פאַרוואַלטער און וועכטער, וועמעס שטעלען וועלען, ווי פריהער, פאַרנומען ווערן פון דעמיסירטע סאָלדאַטען.

וואָס מעהר מען טראַכט וועגען טיילווייזע אויסבעסערונגען, וואָס קאָנען איינגעפיהרט ווערן, וואָס מעהר מען באַטראַכט זייער רעאַלען, פּראַקטישען ווערט, אַלץ מעהר איבערצייגט מען זיך, אז די ווענינע פון זיי, וואָס קאָנען איינגעפיהרט ווערן, האָבען ניט קיין גרויסע באַדייטונג, און גרויסע פאַרבעסערונגען זיינען אינגאַנצען אונמעגליך ביי דעם איצטיגען סיסטעם. הייסט דאָס, אז מען מוז זוכען א וועלכען עס איז אנדערן אויסוועג. דאָס איצטיגע סיסטעם איז פעהלערהאַפט אין עצם.

איינע פון די מערקווירדיגסטע זאַכען אין דעם סיסטעם פון אונזערע שטראָף איינריכטונגען איז דאָס, וואָס קוים איז א מענש איינמאָל געוועזען אין געפענגנים, זיינען פאַראַן דריי שאַנסען קעגען איינעם, אז באַלד נאָך דער באַפרייאונג וועט ער אהין ווידער אריינפאַלען. עס פאַרשטעהט זיך, אז עס זיינען פאַראַן איינינע אויסנאַמען פון דעם כלל. אין יעדער געפענגנים וועט איהר געפינען מענשען, וואָס זיינען אהין אריינגעפאַלען צופעליג, און זייער לעבען איז געוועזען אזא פאַטאַלע צוזאַמענטרעפונג פון אומשטענדען, וואָס האָט ארויסגערופען א שטורמיגע אויסערונג פון ליידענשאַפט אָדער שוואַכקייט, און דער רעזולטאַט איז געוועזען, אז זיי זיינען אריינגעפאַלען אין געפענגנים. מיר דוכט זיך, אז יעדערער וועט איינשטימען, וועגען אזעלכע פערזאָנען, אז אויב מען וואָלט זיי אינגאַנצען ניט פאַרשפּאַרט אין געפענגנישען, וואָלט די געזעלשאַפט דערפון גאַר ניט געליטען. און פונדעסטוועגען מאַטערט מען זיי אין געפענגנישען, און קיינער וועט ניט קאָנען ענטפערען אויף דער פראַגע: „צו וואָס?" זיי פאַרשטעהען אליין די שעדליכקייט פון זייערע טאַטען, און אַט דאָס געפיהל וואָלט אָהן צווייפעל געוועזען אין זיי א סך טיפער, ווען מען וואָלט זיי אינגאַנצען ניט געהאַלטען אין געפענגנים.

די צאָהל פון אזעלכע פערזאָנען איז גאַר ניט אזוי קליין, ווי

מען מיינט געוועהנליך, און די אומגערעכטיגקייט פון זייער פאַר־האַפטונג איז אַזוי אויבענאויף, אַז אין דער לעצטער צייט קערן זיך אַ סך אויטאָריטעטישע שטימען, צווישען זיי אויך פון ענגלישע ריכטער*), וואָס שטרייכען אונטער די נויטיגקייט צו געבען די ריכטער דאָס רעכט צו באַפרייען אַזעלכע פּערזאָנען, ניט באַ־שטראָפענדיג זיי אינגאַנצען.

אָבער די קרימינאַליסטען ווילען געווים זאָגען, אַז עס איז פאַראַן נאָך אַ צאָהלרייכער קלאַס פון געפענגנים באַוואוינער, פאַר וועלכע אונזערע שטראַף איינריכטונגען זיינען אייגענטליך באַ־שטימט. און דאָ אַנשטעהט די פראַגע: אויף וויפיל אַנטשפּרע־כען די געפענגניסען זייער ציל? אויף וויפיל פאַרבעסערן זיי? און אויף וויפיל שרעקען זיי אָן, פאַרהיטענדיג אויף אַזאַ אופן די ווייטערדיגע פאַרלעצונג פון געזעץ**).

אויף אָט די פראַגען קאָנען ניט געגעבען ווערן קיין צוויי ענטפערס. די ציפערן באַווייזען אונז גאַנץ קלאָר, אַז דער כלומרש'טער טאָפּעלטער איינפלוס פון די געפענגניסען, — דער איינהאַלטענדיגער און דער מאָראַליש־געזונט־מאַכענדיגער, — עקזיסטירט נאָר אין דער פאַנטאַזיע פון די יוריסטען. אין פראַנקרייך זעהען מיר, אַז פון צוויי פינפטעל ביז אַ העלפט פון אַלע געשטעלטע צו אַ קרימינאַלען געריכט פון געשוואָרענע און צוויי פינפטעל פון אַלע פּראָצעסירטע פון דער קאָרעקציאָנעלער פּאָליציי זיינען שוין פריהער געוועזען אין געפענגניסען. יעדעס יאָהר ווערן אַרעסטירט ניט ווייניגער פון זיבעציג ביז צוויי און זיבעציג טויזענט רעצידיוויסטען. פון 42 ביז 45 פּראָצענט פון אַלע מערדער, און פון 70 ביז 72 פּראָצענט פון אַלע גנבים, וואָס ווערן יעדעס יאָהר פאַרמשפּט, זיינען רעצידיוויסטען. אין די גרויסע שטעט איז אָט די פּראָפּאָרציע נאָך העכער. פון אַלע

*) ווי באַקאַנט, זיינען שוין דורכגעפיהרט געוואָרן געזעצען, אין פראַנקרייך (דאָס געזעץ פון בעראַנזשע) און אין ענגלאַנד, וואָס גיבען דעם ריכטער דאָס רעכט צו באַפרייען דעם באַשולדיגטען פון זיין שטראָף.

**) Compte Rendu Général de L'Administration de la Justice Criminelle en France en 1878 et 1879; Reinach, Les Récidivistes. Paris, 1882.

אַרעסטירטע אין פּאַריז אין 1880 זיינען מעהר ווי א פערטעל שוין מעהר ווי פיער מאָל געווען פאַראורטיילט אין פאַרלויף פון די פריהערדיגע צעהן יאָהר. וואס אנבאַטרעפט די צענטראַלע געפענגניסען, איז פון אַלע זייערע יעהרליך באפרייטע אַרעסטאַנ־טען פאַלען פון 20 ביז 40 פּראָצענט צוריק אריין אין צענטראַלע גע־פענגניסען שוין אין פאַרלויף פון דעם ערשטען יאָהר נאָך זייער באפרייאונג, — מעהרסטענטיילס, שוין אין די ערשטע מאָנאַטען. די צאָהל רעצידיוויסטען וואָלט געווען נאָך גרעסער, ווען ניט דער פאַקט, אז א סך באַפרייטע מיידען אויס די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי, בייטענדיג זייערע נעמען און פּראַפּעסיעס ; אויסערדעם, עמיגרירן א סך פון זיי אדער שטאַרבען באַלד נאָך זייער באפרייאונג*).

די אומקערונג פון די באפרייטע צוריק אין געפענגניס איז אזא געוועהנליכע ערשיינונג אין די פראַנצויזישע צענטראַלע געפענג־ניסען, אז איהר קאָנט אָפּט הערן, ווי די וועכטער ריידען צווישען זיך : „א מערקווירדיגע זאַך ! נ. איז נאָך ביז איצט ניט געקו־מען צוריק אין געפענגניס ! צי דען האָט ער שוין באוויזען ארי־בערצוגעהן אין אַנאַנדער געריכטליכען באַצירק ?” איינינע אַרעס־טאַנטען, ארויסקומענדיג פון געפענגניס, וואו זיי האָבען צוליעב זייער גוטער אויפפיהרונג געהאַט א וועלכע עס איז פּריווילעגיר־טע שטעל, — צום ביישפּיעל, אין שפּיטאָל, — בעטען געוועהנליך, מען זאָל אָט די שטעל האַלטען פאַר זיי ביז זייער נעקסטען צוריק־קער אין געפענגניס ! די אָרימע ווייסען זעהר גוט, אז זיי וועלען ניט קאָנען ביישטעהן די נסיונות, וואָס וועלען זיי באַגעגנענען אויף דער פריי ; זיי ווייסען, אז זעהר גיך וועלען זיי צוריק ארייננפאַלען אין געפענגניס, וואו זיי וועלען ענדיגען זייער לעבען.

אין ענגלאַנד, אויף וויפיעל מיר איז באַקאַנט, איז די לאַגע ניט בעסער, ניט קוקענדיג אויף די אָנשטרענגונגען פון 63 „געזעל־שאַפטען צו העלפען די באפרייטע אַרעסטאַנטען”. ארום 40% פון

*) „אויב מיר וועלען נעמען אין באַטראַכט די, וואָס שטאַרבען נאָך דער באפרייאונג, און די, וועמענס פאַרברעכען נאָכ׳ן ארויסגעהן פון געפענגניס בלייבען ניט אויפגעדעקט, בלייבט אָפען די פראַגע — צי די צאָהל רעצידיוויסטען איז ניט די צאָהל פון אַלע באפרייטע פון געפענגניס ?” — לאָמבראָזאָ, “L’Home Delinquente.”

אלע פאראורטיילטע פערזאָנען זיינען רעצידיוויסטען, און, לויט דעם עדות זאָגען פון מר. דייוויט, האָבען 95% פון אלע קאטאָרזש־נע ארעסטאַנטען שוין פריהער באַקומען א געפענגנים בילדונג, האָ־בענדיג געווען שוין איינמאָל, און אמאָל צוויי מאָל, אין געפענג־נים.

נאָך מעהר, אין גאַנץ אייראָפּא האָט מען באמערקט, אז אויב א מענש איז אריינגעפאלען אין געפענגנים פאר א וועלכען עס איז פארהעלטניסמעסיג קליינעם פארברעך, קומט ער געוועהנליך צו־ריק, שוין א פאראורטיילטער פאר א פיעל וויכטיגערע זאך. אויב דאָס איז געווען גנבה, וועט זי זיין א סך ראפינירטער אין פאר־גלייך מיט דער פריהערדיגער; אויב ער איז פריהער געווען פאר־אורטיילט פאר קליינע גוואלדטאטען, זיינען פאראן א סך שאנ־סען, אז נעקסטען מאָל וועט ער אריינפאלען אין געפענגנים ווי א מערדער. מיט איין וואָרט, דער רעצידיוויזם איז אויסגעוואקסען אין אזא ריזיגע פראָבלעם, אַז איבער איהם ברעכען זיך דעם קאָפּ אָהן ערפאָלג די שרייבער־קרימינאַליסטען אין אייראָפּא; און מיר זעהען, אז אין פראנקרייך, אונטער דעם איינדרוק פון דער אומאוי־בערוועלטיגענדער קאָמפּליצירטקייט פון אָט דעם פּראָבלעם, ווערן ערפונדען פּלענער, וואָס האָבען אין עצם דעם צוועק צו פאראור־טיילען אלע רעצידיוויסטען צום טויט, דורך אויסשטארבען אין איינער פון די אומגעזונטסטע קאָלאָניעס פון דער פראנצויזישער רעפּובליק.*)

גראד אין דער צייט, ווען איך האָב געשריבען אָט דעם קאפּיטעל, האָט זיך אין די פּאריזער צייטונגען געדרוקט א דער־צעהלונג וועגען א מאָרד, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן פון א פּער־זאָן, וועלכע איז מיט א טאָג צוריק ארויסגעלאָזען געווארן פון געפּענגנים. איידער אָט דער מענש איז ארעסטירט געוואָרן צום ערשטען מאָל און איז פאראורטיילט געוואָרן צו דרייצעהן מאָ־נאטען געפּענגנים (פאר א פארהעלטניסמעסיג ניט וויכטיגען

*) פאַרגלייך די מערקווירדיגע ביכער פון ליאַר־קורטואַ: „סואַ־געַניר פון פארשיקונג״ און „נאָך דער פארשיקונג״ (Liard-Curtois, "Souvenir du Bagne" et "Après le Bagne," Paris, Tosquelle, 1904-5), וואָס זיינען באגרינדעט אויף דעם אויטאָר׳ס פּערזענליכער ערפאהרונג.

פארברעכן), האָט ער זיך באקאנט מיט א פרוי, וואָס האָט גע־האלטען א קליין קרעמעל. ער האָט גוט געוואוסט איהר ארט לעבען, און באלד נאָך זיין באפרייאונג פון געפענגניס איז ער צו איהר אוועק אין אָוועגט, פונקט ווען זי האָט פארמאכט דאָס קרעמעל, האָט זי געקוילעט און גערויבט פארכאפען די קאסע. דער גאנצער פּלאן, ביז צו די קלענסטע איינצעלהייטען, איז פון דעם ארעסטאנט אויסגעארבייט געווארן אין געפענגניס.

אזעלכע עפּיזאָדען זיינען ווייט ניט קיין זעלטענהייט אין דער קרימינעלער פּראקטיק, כאָטש, נאטירליך, ניט אלעמאָל האָבען זיי אזא סענסאציאָנעלען כאראקטער, ווי אין דעם געגעבענעם פאל. די שרעקליכסטע פּלענער פון די ברוטאלסטע מאָרדען ווערן מעהרסטענטיילס ערפונדען אין די געפענגניסען, און אויב די געזעלשאפטליכע מיינונג ווערט אויפגעבראכט פון א וועלכען עס איז באזונדערס ברוטאלער טאָט, איז די לעצטע כמעט אלעמאָל א דירעקטער אדער אינדירעקטער רעזולטאט פון געפענגניס ערציהונג: זי איז די ארבייט פון א מענשען, וואָס איז באפרייט געווארן פון געפענגניס, אָדער זי ווערט באגאנגען אונטער דער ווירקונג פון א וועלכען עס איז געוועזענעם ארעסטאנט.

ניט קוקענדיג אויף אלע פארזוכען צו איזאָלירען די ארעס־טאנטען אָדער פארבאָטען געשפּרעכען צווישען זיי, בלייבען די געפענגניסען ביז איצט שולען פון פארברעכערישקייט. די פּלע־נער פון וואוילמיינענדיגע פילאנטראָפּען, וואָס האָבען גע׳חלומ׳ט צו פארוואנדלען אונזערע שטראף איינריכטונגען אין קארעקציא־נעלע, זיינען פולשטענדיג דורכגעפאלען. און כאָטש די אפּי־ציעלע ליטעראטור מיידט אויס אָט דעם געגענשטאנד, ווערט צו־געגעבען פון יענע געפענגניס דירעקטאָרען, וואָס האָבען בא־טראכט דאָס געפענגניס לעבען אין זיין גאנצער נאקעטקייט, און וואָס ציהען פאָר דעם אמת צום אָפּיציעלען ליגען, אז די גע־פענגניסען בעסערן קיינעם ניט אויס, און אז, פארקערט, זיי ווירקען מעהר אָדער ווייניגער פארדארבענדיג אויף די אלע, ווע־מען עס קומט אויס צו פארברענגען אין זיי עטליכע יאָהר.

און אנדערש קאָן גאָר ניט זיין. מיר מוזען צוגעבען, אז די רעזולטאטען מוזען זיין פונקט אזעלכע, אויב נאָר מיר ווען

אויפמערקזאַם אַנאַליזירן דעם איינפלוס פון דער געפענגניס אויפ'ן אַרעסטאַנט.

פריהער פון אַלץ אַנערקענט ניט קיינער פון די אַרעסטאַנטען, מיט ווייניגע אויסנאַמען, די גערעכטיגקייט פון זיין פאַר־משפּט'ונג. אַלע ווייסען דאָס, אָבער אַלע באַציהען זיך עפּעס צו דעם צו לייכט, בעת אין אַזאַ ניט אַנערקענען ליגט אַ פאַראורטיילונג פון אונזער גאַנצער געריכטליכער סיסטעם. דער בינעזער, וואָס ווערט פאַראורטיילט פון דעם פאַמיליען געריכט פון דער „ניט צוטיילטער משפחה" ארויסגעטריבען צו ווערן,*) אָדער אַ טשוקטשאַ, וואָס ווערט באַיקאָטירט פון זיין שטאַם, אָדער אַ פּויער, וואָס ווערט פאַראורטיילט פון „וואָסער געריכט" (אַ געריכט, וואָס האָט צו זאָגען איבער איריגאַציע) אין וואַלענציע אָדער אין טורקעסטאַן, אַנערקענט כמעט אַלע מאָל די גערעכטיגקייט פון דעם ווערדיקט, וואָס זייערע ריכטער טראָגען אויף זיי ארויס. אָבער מען טרעפט ניט אַזאַ זאַך צווישען די איינוואוינער פון אונזערע מאָדערנע געפענגניסען.

נעמט, צום ביישפּיל, איינעם פון די „אַריסטאָקראַטען" פון דער געפענגניס, וואָס איז פאַראורטיילט געוואָרן פאַר אַ „פינאַנציעלע אָפּעראַציע", דאָס הייסט, פאַר אַזאַ מין אונטערנעמונג, וואָס איז אינגאַנצען אויסגערעכנט געווען אויף די „גלײַטגילטיגקייט און אונוויסענהייט פון דעם עולם", ווי עס דריקט זיך אויס איינער פון די העלדען פון די מערקווירדיגע באַשרייבונגען פון געפענגניס לעבען, וואָס געהערן דער פעדער פון מייקעל דייוויט. פּרואווט איבערצייגען אַזאַ מענשען, אַז ער האָט געהאַנדעלט ניט גערעכט, באַשעפטיגענדיג זיך מיט אַזעלכע אָפּעראַציעס. ער וועט אייך מסתמא ענטפערן: „מיין הער, קליינע גנבים'לעך פאַלען ווירקליך אריין, אָבער גרויסע, ווי אייך איז באַקאַנט, זיינען פריי און ווערן געאַכטעט פון דיזעלביגע ריכטער, וואָס האָבען מיך פאַראורטיילט". און באַלד נאָכדעם וועט ער אייך אָנווייזען אויף אַ וועלכע עס איז קאָמפּאַניע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין „סיטי אָוו לאָנדאָן" מיט דעם ספּעציעלען צוועק צו באַרויבען נאַאיווע מענשען, וואָס האָבען גע'חלומ'ט וועגען רייך ווערן פון

---

*) פאַרגלייך אייזשען סימאָן, „לאַ סיטע שינואַז".

עפּעס גאָלדגרובען אין דעוואָנשיר, בליי־קוואַלען אונטער דער טעמזע, א. א. וו. אונז אַלעמען זיינען באַקאַנט אַזעלכע קאָמפּאַ־ניעס, אין דער שפּיץ פון וועלכע עס שטעהט אַלעמאָל אין ענגלאַנד א לאָרד, א גייסטליכער און אַן מ. פּ. (פּאַרלאַמענט מיטגליד); מיר אַלע באַקומען זייערע פּאַרפּירערישע צירקולאַרן; מיר אַלע ווייסען, ווי אַזוי עס ווערן אַרויסגעפּישט די לעצטע גראָשענס פון די קעשענעס ביי די אָרימעלייט... וואָס־זשע קאָנען מיר זאָגען, צו ענטפערן דעם „געפענגנים אריסטאָקראַט"? אָדער מיר וועלען נעמען פאַר א ביישפּיל אַן אַנדערן, וואַס איז פאַראורטיילט גע־וואָרן פאַר א זאַך, וואַס רופט זיך אויפ'ן פראַנצויזישען זשאַר־גאָן „מאַנזשע לאַ גרענואיל", און וואַס מיר, רוסען, רופען אָן „פאַר־ליבע צום קהל'שען ביסען", — מיט אַנדערע ווערטער, וואָס איז פאַראורטיילט געוואָרן פאַר פאַרשווענדען קהל'שע געלט. אַזא הערר וועט אייך זאָגען: „איך בין ניט געווען גענוג פלינק, מיין הערר, אין דעם באַשטעהט מיין שולד." וואָס קאָנט איהר איהם ענטפערן, ווען איהר ווייסט גוט, וואַס פאַר ריזיגע ביסענס עס פאַרשווינדען שפּורלאָז אין די מיילער פון די יעגער נאָך אַזעלכע זאַכען און דערביי ווערן אָט די נאַסטראַנאָמען ניט נאָר ניט גע־בראַכט אין געריכט, נאָר זיי ווערן נאָך געאַכט פון דער געזעל־שאַפט. „איך בין ניט געווען גענוג פלינק", — וועט ער ווידער־האָלען, אַזוי לאַנג ווי ער וועט טראָגען דאָס אַרעסטאַנטען־רעקעל; און צי ער וועט זיך מאַטערן אין איינצעל־קאַמער, אָדער ער וועט אויסטריקענען די דאַרטמוטער זומפּען, וועט זיין מוח אָהן אויפ־הער אַרבייטען אין איין און דערזעלביגער ריכטונג: ער וועט אַלץ מעהר און מעהר דערצאָרענט ווערן קעגען דער אונגערעכ־טיגקייט פון דער געזעלשאַפט, וואָס שפּרייט רויזען אויפ'ן וועג פון די גענוג פלינקע און זעצט אין געפענגנים די שלימזל'ס. און ווי נאָר ער וועט אַרויסגעלאָזען ווערן פון געפענגנים, וועט ער פּרואַווען אַרויפקריכען אויפ'ן העכסטען שטאַפּעל פון לייטער; ער וועט אָנווענדען אַלע גייסטיגע קרעפטען, כדי צו זיין „גענוג פלינק", און דאָס מאָל וועט ער אַזוי איינשלינגען דעם קהל'שען ביסען, אַז מען זאָל איהם ניט כאַפּען.

איך וועל ניט באַהויפּטען, אַז יעדער אַרעסטאַנט קוקט אויף די פאַרברעכען, וואָס האָבען איהם געבראַכט אין געפענגנים, ווי

אויף יעפעס, וואָס איז לויבענסווערט; אָבער עס איז קיין ספק ניט, אַז ער רעכענט, אַז ער איז מיט גאָרניט ניט ערגער פון יענע פאַב־ריקאַנטען, וואָס מאַכען אַפּעלסין זאַפט פון רעטאַך און פאַברי־צירען ווײַן פון וואַסער, וואָס איז געפּאַרבט מיט פּוקסין און גע־מישט מיט אַלקאָהאָל; אַז ער איז מיט גאָרניט ניט ערגער פון יענע אונטערנעמער, וואָס באַרויבען דעם לייכטגלויביגען עולם, וואָס ספּעקולירן אויף די פאַרשידענסטע אופנים אויף די „געלטגיי־ציגקייט און אונוויסענהייט” פון דעם עולם, און וואָס ווערט פונ־דעסטוועגען פון אַלעמען געאַכט. „גנב'ע, אָבער פאַל ניט אריין!” — דאָס איז דאָס געוועהנליכע שפּריכוואָרט אין די געפענגניסען פון דער גאַנצער וועלט, און אומזיסט ווילען מיר באַשטרייטען די ווייזהייט פון דעם שפּריכוואָרט, אַזוי לאַנג ווי אין דער וועלט פון געשעפטליכע פאַרהעלטניסען ווילען די באַגריפען וועגען עהר־ליכקייט און אונעהרליכקייט זיין אַזוי וואַקלדיג, ווי זיי זיינען איצט.

די לעהרע, וואָס די אַרעסטאַנטען באַקומען אין געפענגניס, איז מיט גאָרנישט ניט ערגער פון דער, וואָס זיי באַקומען אין דער אויסערליכער וועלט. איך האָב שוין דערמאָנט אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל וועגען דעם סקאַנדאַליעזען האַנדעל מיט טאַבאַק, וואָס ווערט פּראַקטיצירט אין די פראַנצויזישע געפענגניסען, אָבער ביז דער גאָר לעצטער צייט האָב איך געמיינט, אַז די דאָזיגע צרה איז אין ענגלאַנד גאָר אומבאַקאַנט; איך האָב אָבער ערפאַהרן פון איין בוך,*) אַז דאָס איז ניט אַזוי. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אפילו די ציפערן זיינען כמעט דיזעלביגע. אַזוי מוזען פון יעדע צוואַנציג שילינג, וואָס ווערן איבערגעגעבען דעם אַרעס־טאַנט, צעהן אַפּגעגעבען ווערן דעם וועכטער, און אויף די איבע־ריגע צעהן שטעלט ער צו טאַבאַק און די איבעריגע קאָנטראַבאַנד לויט אַ פאַנטאַסטישען טאַריף. אָט אַזוי פיהרט זיך אין מיל־באַנק. דער פראַנצויזישער טאַריף ווידער איז: פון פופציג פראַנק פינף און צוואַנציג דעם וועכטער, און אויף די איבעריגע פינף און צוואַנציג ווערט צוגעשטעלט טאַבאַק, א. א. וו., נאָך די אויבענדערמאָנטע פּרייזען. וואָס אַנבאַטרעפט די אַרבייטען, ווע־

*) “Five Years Penal Servitude,” by *One Who has Endured It*, p. 61.

רען סאַי ביי דעם שטאָטליכען, סאַי ביי דעם צושטעלערישען סיס־
טעם, וואָס ווערן פּראַקטיצירט אין די גרויסע געפענגניסען, באַ־
גאַנגען אַזוי פיל פאַרשידענע קליינע גנבות, אַז מיר איז ניט איינ־
מאָל אויסגעקומען צו הערן אין קלערווא פון די אַרעסטאַנטען:
„אמת'ע גנבים, מיין הערר, זיינען ניט מיר, נאָר די, וואָס האַלטען
אונז דאָ.” מען וועט מיר געוויס זאָגען, אַז די אַדמיניסטראַציע
דאַרף שטרענג אויסוואָרצלען אַט דאָס שלעכטס, און אַז אַ סך
איז שוין אין אַט דער ריכטונג געטאָן געוואָרן. איך בין אפילו
גרייט צו אַנערקענען, אַז אַט די באַמערקונג איז אַ גערעכטע.
אָבער די פראַגע איז: צי קאָן אַזאַ שלעכטס אינגאַנצען
אויסגעוואָרצעלט ווערן? שוין דאָס אליין, וואָס דאָס שלעכטס
עקזיסטירט אין די מעהרסטע געפענגניסען פון אייראָפּאַ, באַווייזט,
ווי שווער עס איז צו געפינען אַ געפענגנים אַדמיניסטראַציע, וואָס
מען זאָל ניט קאָנען אונטערקויפען.

איבריגענס, דערמאָנענדיג וועגען אַט דער אורזאַך פון דעמאָ־
ראַליזאַציע, וועל איך זי ניט אונטערשטרייכען; ניט דערפאַר, ווייל
איך אַנערקען ניט איהר אונגעהויער שעדליכען איינפלוס, נאָר איינ־
פאַך דערפאַר, ווייל אויב די אויבענדערמאָנטע אורזאַך וואָלט אינ־
גאַנצען פאַרשוואונדען פון געפענגנים לעבען, וואָלטען אויך דע־
מאָלט געבליבען אין אונזערע שטראָף איינריכטונגען אַ סך אַנדערע
פאַרדאַרבענדיגע אורזאַכען, פון וועלכע מען קאָן זיך ניט באַ־
פרייען, אַזוי לאַנג ווי די געפענגנים וועט בלייבען אַ געפענגנים.
צו זיי וועל איך איצט איבערגעהן.

אַ סך איז אָנגעשריבען געוואָרן וועגען דעם געזונט־מאַכענ־
דיגען איינפלוס פון אַרבייט, — באַזונדערס פון פיזישער אַרבייט,
— און איך וועל, נאַטירליך, אַט דעם איינפלוס באַשטרייטען ווע־
ניגער פון אַלץ. ניט געבען די אַרעסטאַנטען קיין שום באַשעפטי־
גונג, ווי דאָס ווערט פּראַקטיצירט אין רוסלאַנד, הייסט — אינ־
גאַנצען זיי דעמאָראַליזירן, אַרויפלעגען אויף זיי אַ נוצלאָזע
שטראָף און אָפּטויטען אין זיי יעדען פונק פון ענערגיע, וואָס
מאַכט זיי אינגאַנצען אונפעהיג צו אַן אַרבייטס לעבען נאָך דער
געפענגנים. אָבער עס איז פאַראַן אַרבייט און אַרבייט. עס איז
פאַראַן פרייע אַרבייט, וואָס דערהויבט אַ מענשען, באַפרייט זיין
מאַרך פון טרויעריגע געדאַנקען און קראַנקהאַפטיגע אידעען, —

אַן ארבייט, וואָס צווינגט אַ מענשען צו פיהלען זיך ווי אַ טייל פון דעם אַלוועלטליכען לעבען. עס איז אָבער אויך פאַראַן צוואַנגס ארבייט, ארבייט פון אַ קנעכט, וואָס דערנידעריגט אַ מענשען, — אַן ארבייט, מיט וועלכער מען באַשעפטיגט זיך מיט עקעל, אויס מורא פאַר שטראָף, און אַזאַ איז די געפענגנים ארבייט. דערביי האָב איך, נאַטירליך, ניט אין זינען אַזאַ געמיינע ערפינדונג, ווי דאָס דרעהענדיגע ראָד אין די ענגלישע געפענגניסען, וואָס אַ מענש מוז דרעהען, ווי אַ וועווערקע, כאָטש מען וואָלט די באַוועגונגס קראַפט געקאָנט באַקומען אויך אויף אַנ'אַנדער אופן, אַ סך אַ ביליגערן. איך האָב אויך ניט אין זינען דאָס קנעטען קיט, ביי וועלכען אַ מענש קאָן פּראָדוצירן אין אַ טאָג פונקט דעם ווערט פון איין קאָפּיקע.*) די ארעסטאַנטען האָבען אַ רעכט צו באַטראַכטען אַזאַ מין ארבייט, ווי אַ געמיינע נקמה מצד דער געזעלשאַפט, וואָס האָט ניט געזאָרגט, אין די טעג פון זייער קינדהייט, אָנצואווייזען זיי בעסערע וועגען צו אַ העכערען לעבען, וואָס איז ווירדיגער פאַר אַ מענשען, און איצט איז די געזעלשאַפט זיך נוקם אָן זיי דערפאַר. איך רעכען, אַז עס איז ניטאָ קיין געמיינערע זאַך, ווי צו פיהלען, אַז מען צווינגט דיך צו ארבייטען, ניט דערפאַר, ווייל דיין ארבייט איז עמיצען נויטיג, נאָר פאַר אַ שטראָף. אין דער צייט ווען די גאַנצע מענשהייט ארבייט אויפצוהאַלטען דאָס לעבען, איז דער ארעסטאַנט, וואָס קנעט קיט אָדער פלאָנטערט פאַנאַנדער פאָדים, באַשעפטיגט מיט אַן ארבייט, וואָס איז קיינעם ניט נויטיג. ער איז ארויסגעוואָרפען פון דער געזעלשאַפט. און אויב ער וועט, ארויסקומענדיג פון דער געפענגנים, ווידער זיך באַנעמען מיט דער געזעלשאַפט, ווי אַן ארויסגעוואָרפענער, קאָנען מיר קיינעם ניט באַשולדיגען, אויסער זיך אַליין.

אָבער ניט בעסער איז אויך די לאַגע מיט דער פּראָדוקטיווער ארבייט אין די געפענגניסען. די מלוכה קאָן זעלטען ארויסטרעטען

---

*) דיו קען, זייט 176. אנאנדער מין ארבייט, וואָס איז אויסגעטראַכט געוואָרן אין ענגלאַנד, באַשטעהט אין דעם פאָלגענדען: מען גיט דעם ארעסטאַנט אַ צונויפגעפּלאָנטערטען בינטעל פאָדעם. ער מוז אין אַ טאָג צייט דאָס פאַנאַנדערקלייבען נאָך די פארבען. ווען די אַרבייט איז פאַרטיג, קומט אריין אין צעל דער וועכטער, פארפלאָנטערט ווידער אַלע פעדים און זאָגט: „דאָס וועט זיין די ארבייט אויף מאָרגען!"

אין דער ראָל פון אַן ערפאָלגרייכען קאָנקורענט אויפ'ן מאַרק, וואו פּראָדוקטען ווערן געקויפט און פאַרקויפט צוליב די נוצען, וואָס קאָנען רעאַליזירט ווערן ביים קויפען און פאַרקויפען. צו־ליב דעם איז די מלוכה געצוואונגען אָנצוקומען צו דער הילף פון צושטעלער, כדי צו באַזאָרגען די אַרעסטאַנטען מיט אַרבייט. אָבער אום צוצוציהען אָט די צושטעלער און באַוועגען זיי אויסצוגעבען געלט אויף בויען וואַרשטאַטען, — גאַראַנטירענדיג אין דערזעל־ביגער צייט אַ באַשטימטע מאָס אַרבייט פאַר אַ געוויסער צאָל אַרעסטאַנטען, ניט קוקענדיג אויף די שוואַנקונגען פון מאַרק פּריי־זען (דערביי איז נויטיג צו האָבען אין זין די אונגינסטיגע אומ־געבונג פון דער געפענגנים און די אַרבייט פון אַרעסטאַנטען־אַר־בייטער, וועלכע מען האָט ניט געלערענט קיין מלאכה), — כדי צוצוציהען אַזעלכע צושטעלער, מוז די מלוכה פאַרקויפען די אַרעס-טאַנטישע אַרבייט פאַר אַ גאַר קליינעם פּרייז, שוין ניט רעדענדיג וועגען כאַבאַר, וואָס העלפט אויך אַראָפּדריקען די פּרייזען אויף אַרבייט. פאַר ווענען די אַרעסטאַנטען זאָלען אויף אַזאַ אופן ניט אַרבייטען, פאַר דער מלוכה צי פאַר די צושטעלער, ווערען זייערע פאַרדינסטען זיין נישטיג.

מיר האָבען געזעהן אין פאָריגען קאַפּיטעל, אַז דער העכסטער לוין, וואָס ווערט געצאָהלט פון צושטעלער אין קלערוואָ, איבער־שטייגט זעלטען אַכציג קאָפּיקעס אַ טאָג, און אין די מעהרסטע פאַלען איז ער נידעריגער פון פערציג קאָפּיקעס, פאַר צוועלף שעה אַרבייט; דערביי פאַרהאַלט די מלוכה פאַר זיך אַ העלפט פון אָט דעם לוין, און אַמאָל מעהר. אין פּואַסי פאַרדינען די אַרעסטאַנ־טען ביי אַ צושטעלער צו צוועלף קאָפּיקעס אַ טאָג, און ווענינער פון אַכט קאָפּיקעס, ווען זיי אַרבייטען פאַר דער מלוכה.*)

אין ענגלאַנד, פון זינט די געפענגנים קאָמיסיע האָט אין 1863 געמאַכט די אַנטדעקונג, אַז די אַרעסטאַנטען פאַרדינען צו־פיל, איז זייער פאַרדינסט רעדוצירט געוואָרען כמעט צו נול, אויב מען זאָל ניט רעכענען אַ קליינע פאַרמינדערונג פון דעם געפענגנים טערמין פאַר פלייסיג אַרבייטענדיגע אַרעסטאַנטען. אין די ענג־

*) די רעדע פון מ. דיופּיואַי (פון עין) אין דעם פראַנצויזישען דעפּוטאַטען־קאַמער, דעם 18טען יאַנואַר 1887.

לישע געפענגניסען בעשעפטיגט מען די אַרעסטאַנטען מיט אַזעלכע מלאכות, וואו נאָר גענימע ארבייטער קאָנען פאַרדינען מעהר ווי פופציג קאָפּיקעס אַ טאָג (שוסטער, שניידער און קאָרב־פלעכטער).*) אין אַנדערע מלאָכות באַטרעפט די אַרעסטאַנטישע אַרבייט, ווען איבערגעפיהרט אין מאַרק־ווערטען, צווישען צוועלף און פערציג קאָפּיקעס אַ טאָג.

עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז די אַרבייט, וואָס איז ביי אַזעלכע באַדינגונגען אַליין פאַר זיך ניט אָנציהענד, ווייל זי גיט ניט קיין איבונג די גייסטיגע פעהיגקייטען פון דעם אַרבייטער און ווערט באַצאָהלט אַזוי שלעכט, קאָן נאָר באַטראַכט ווערן, ווי אַ פאָרם פון שטראָף. ווען איך האָב געקוקט אויף מיינע פריינד אַנאַרכיסטען אין קלערוואָ, וואָס האָבען אויסגעאַרבייט דאַמען־קאָרסעטען אָדער פּערלמוטער קנעפּ און האָבען דערביי פאַרדינט פיר־און־צוואַנציג קאָפּיקעס פאַר צעהן שעה אַרבייט, און פון דעם האָט די מלוכה פאַרהאַלטען אַכט קאָפּיקעס פאַר זיך (ביי קרימינעלע פאַרברעכער האָט מען אָראָפּגערעכענט צוועלף קאָפּיקעס און אפילו מעהר), — האָב איך פאַלקאָם פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַן עקעל עס מוז אַרויסרופען אַזאַ מין אַרבייט ביי מענשען, וואָס זיינען געצוואונגען צו פאַרנעמען זיך מיט איהר גאַנצע וואָכען. וואָס פאַר אַ פאַרגניגען קאָן אַזאַ אַרבייט געבען! וואָס פאַר אַ מאָראַלע ווירקונג קאָן זי אויסאיבען, אויב דער אַרעסטאַנט זאָגט שטענדיג זיך אַליין, אַז ער אַרבייט נאָר פאַר דער באַרייכערונג פון דעם צושטעלער? האָבענדיג באַקומען צוויי־און־זיבעציג קאָפּיקעס פאַר אַ גאַנצע וואָך אַרבייט, קאָנען ער און זיינע חברים נאָר אויסרופען: „ווירקליך, די אמת'ע גנבים זיינען ניט מיר, נאָר די, וואָס האַלטען אונז דאָ."

און דאָך האָבען מיינע חברים, וועלכע מען האָט ניט געצוואונגען צו באַשעפטיגען זיך מיט אָט דער אַרבייט, זיך פאַרנומען מיט איהר פרייוויליג, און אַמאָל, דורך שווערע אָנשטרענגונגען, האָבען איינוגע פון זיי באַוויזען צו פאַרדינען ביז פערציג קאָפּיקעס אַ טאָג, באַזונדערס, ווען די אַרבייט האָט געפאָדערט אַ

*) „דהי פּאַנישמענט ענד פּריוועגשאַן אָוו קראַיםם", זייט 176.

נעוויסע געשיקטקייט אָדער אן ארטיסטישען געשמאַק. אָבער זיי האָבען זיך באַשעפטיגט מיט אַט דער ארבייט דערפאַר, ווייל אין זיי האָט זיך אויפגעהאַלטען דער אינטערעס צו ארבייט. די פון זיי, וואָס זיינען געווען פארהייראַט, האָבען געפיהרט אַ שטענדיגע קאָרעספאָנדענץ מיט די פרויען, וואָס האָבען איבערגעלעבט אַ שווערע צייט, אַזוי לאַנג ווי זייערע מענער זיינען געווען אין גע־פענגנים. צו זיי זיינען דערגאַנגען בריף פון דער היים, און זיי האָבען געקאָנט ענטפערן אויף זיי. אויף אזא אופן זיינען די פעדים, וואָס האָבען פארבונדען די אַרעסטאַנטען מיט דער פאַ־מיליע, ניט איבערגעריסען געוואָרן. ביי די אומפארהייראַטע ווי־דער, ביי די, וואָס האָבען ניט קיין פאַמיליע, פאַר וועלכע צו זאָר־גען, איז געווען אַנ׳אַנדער לײדענשאַפט, — די ליבע צו וויסענ־שאַפט; און זיי האָבען געבויגען דעם רוקען ביי דער אויסאַר־בייטונג פון פערלמוטער קנעפּ און בראָשקעס, האָפענדיג אויסצו־שרייבען סוף חודש אַ בוך, וואָס זיי האָבען לאַנג געוואָלט האָבען

זיי האָבען געהאַט אַ לײדענשאַפט. אָבער וועלכע נאָבעלע לײדענשאַפט קאָן באַהערשען דעם קרימינעלען ארעסטאַנט, וואָס איז אָפּגעריסען פון הויז און האָט שוין ניט קיין שום פארבינדונגען מיט דער אויסערליכער וועלט? מענשען, וואָס האָבען ערפונדען אונזער געפענגנים סיסטעם, האָבען זיך געמיהט מיט אַ ראַפינער־טער גרויזאַמקייט אָפּצושניידען אַלע פעדים, וואָס האָבען אַזוי צי אַזוי פאַרבונדען דעם ארעסטאַנט מיט דער געזעלשאַפט. זיי האָבען צוטראָטען אַלע בעסטע געפיהלען, וואָס זיינען פאַראַן ביים ארעס־טאַנט, פונקט ווי ביי יעדען אַנדערען מענשען. אַזוי, צום ביי־שפּיל, קאָנען אין ענגלאַנד אַ פרוי און קינדער ניט זעהן דעם ארעס־טאַנט אָפטער פון איין מאָל אין דריי מאָנאַטען. די פילאַנטראָ־פען, וואָס האָבען ערפונדען די ענגלישע געפענגנים דיסציפּלין, זיינען דערגאַנגען ביז צו אַזאַ קאַלטער פאַראַכטונג צו דער מענש־ליכער נאַטור, אַז מען ערלויבט די ארעסטאַנטען נאָר אונטערצו־שרייבען געדרוקטע פּאַפּירן, וואָס זיינען פון פריהער צוגעגרייט געוואָרן! אַט דער רעגעל איז נאָך געמיינער מיט דעם, וואָס יעדער ארעסטאַנט, ווי נידריג עס זאָל ניט זיין זיין גייסטיגע אַנטוויק־לונג, פאַרשטעהט זעהר גוט אָט די קליינליכע נקמה, וואָס דיקטירט אַזעלכע מאַסרעגלען, — וויפיל מען זאָל זיך ניט פאַרענטפערן

מיט דעם אויסרייד וועגען דער נויטיגקייט צו פאַרהינדערן אַ פאַרקעהר מיט דער אויסערליכער וועלט.

אין די פראַנצויזישע געפענגניסען, — וועניגסטענס אין די צענטראַלע, — איז אָפטער ערלויבט צו באַזוכען קרובים, און דער געפענגנים דירעקטאָר האָט אין אויסשליסליכע פאַלען דאָס רעכט צו ערלויבען זעהן זיך אין צימערען, אָהן יענע גראַטעס, וואָס טיילען געוועהנליך אָפּ דעם אַרעסטאַנט פון די, וואָס זיינען גע־קומען איהם זעהן. אָבער די צענטראַלע געפענגניסען געפינען זיך ווייט פון די גרויסע שטעט, און גראַד די גרויסע שטעט שטעלען צו די גרעסטע צאָהל אַרעסטירטע; דערביי געהערן די פאַראור־טיילטע הויפּטזעכליך צו די אָרימסטע קלאַסען פון דער באַפעלקע־רונג, און נאָר וועניג פרויען האָבען גענוג געלט צו פאָהרן אין קלערוואָ, מיט'ן ציעל צו דערשלאָגען זיך צו עטליכע זעהונגען מיט'ן אַרעסטירטען מאַן.

אויף אַזאַ אופן ווערט סיסטעמאַטיש אַרויסגעטריבען פון דעם אַרעסטאַנט'ס לעבען יענע גוטע ווירקונג וואָס וואָלט געקאָנט פאַר־נאָבעלען דעם אַרעסטאַנט, אַריינטראָגען אַ שטראַל פון פרייד אין זיין לעבען, — דער פאַרקער מיט זיינע קרובים און קינדער. די געפענגניסען פון אַמאָל האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט וועניגער ריינקייט; אין זיי איז געווען וועניגער „אָרדנונג", איידער אין די מאָדערנע, אָבער אין דעם אויבען אָנגעוויזענעם פּרט זיינען זיי גע־ווען מענשליכער.

אין דעם גרויען אַרעסטאַנטישען לעבען, וואָס האָט ניט קיין ליידענשאַפטען און קיין שטאַרקע איינדרוקען, שטאַרבען באַלד אָפּ אַלע בעסערע געפיהלען, וואָס קאָנען אויסבעסערן דעם מענשען'ס כאַראַקטער. אפילו אַרבייטער, וואָס האָבען ליעב זייער מלאכה און געפינען אין איהר אַ באַפרידיגונג פון זייערע עסטעטישע באַ־דערפינשען, פאַרלירן דעם געשמאַק צו אַרבייט. די געפענגנים טויט אָפּ, פריהער פון אַלץ, די פיזישע ענערגיע. מיר דערמאָנען זיך איצט די יאָהרען, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין געפענגנים אין רוסלאַנד. איך בין אַריין אין קאַזעמאַט פון דער פעסטונג מיט דעם פעסטען באַשלוס — ניט אונטערצוגעבען זיך. כדי צו דערהאַלטען די פיזישע ענערגיע, האָב איך רעגעלמעסיג געמאַכט יעדען טאָג אַ זיבען־וויאָרסטיגען שפּאַציר, און צוויי מאָל אַ טאָג

האָב איך געמאַכט גימנאַסטישע איבונגען מיט אַ שווערען דעמ־בענעם טאַמבורעט. און ווען מען האָט מיר ערלויבט צו באַנוצען אַ פעדער און טינט, האָב איך זיך גענומען ברענגען אין אָרדנונג אַ גרויסע אַרבייט, — איך האָב, נעמליך, סיסטעמאַטיש רעווידירט אַלע עקזיסטירענדע באַווייזען, אַז עס איז געווען אַן אייז־פעריאָד. שפּעטער, אין דער פראַנצויזישער געפענגניס, האָב איך מיט ליי־דענשאַפט זיך פאַרנומען אויסצואַרבייטען די גרונדלאַגען פון יענער וועלטאַנשויאונג, וועלכע איך האַלט פאַר אַ סיסטעם פון אַ נייער פילאָזאָפיע, — די טעאָרעטישע יסודות פון אַנאַרכיע. אָבער איןביידע פאַלען האָב איך אינגיכען גענומען פיהלען ווי אַ מידקייט האָט מיך באַהערשט. די קערפּערליכע ענערגיע איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדען. אפשר קאָן מען פאַר'ן בעסטען פאַ־ראַלעל פון דעם אַרעסטאַנט'ס צושטאַנד אָננעמען דאָס ווינטערן פון די פּאָלאַרע לענדער. לייענט איבער די באַריכטען וועגען פּאָ־לאַרנע עקספּעדיציעס פון דער פריהערדיגער צייט, צום ביישפּיל, פון דעם גוטמוטיגען פּערי אָדער דעם עלטערען ראָס. לייענענ־דיג אָט די טאָג־ביכער, כאַפּט איהר אויף אַ געפיהל פון פיזישער און גייסטיגער מידקייט, וואָס איז אָפּגעשטעמפּעלט אויף יעדער זייט פון די טאָג־ביכער, און וואָס דערגעהט כמעט ביז צו פאַר־צווייפלונג, ביז עס באַווייזט זיך ניט ענדליך אויפ'ן האָריזאָנט די זון, וואָס ברענגט מיט זיך ליכט און האָפנונג. פּונקט אַזאַ איז דער צושטאַנד פון דעם אַרעסטאַנט. דעם מאַרך פעהלט ענערגיע אויפצוהאַלטען די אויפמערקזאַמקייט; דאָס דענקען ווערט לאַנג־זאַמער און נאָכגיביגער: דעם געדאַנק פעהלט טיפקייט. אין איין פאַר־אַ־יאָהריגען אַמעריקאַנער באַריכט ווערט, צווישען אַנדערס, געזאָגט, אַז בעת דער שטודיום פון שפּראַכען ווערט פון די אַרעס־טאַנטען געפיהרט מיט אַ גרויסען ערפאָלג, קאָנען זיי זעלטען פאַר־נעמען זיך לאַנג מיט מאַטעמאַטיק; אָט די באַאָבאַכטונג איז גאַנץ ריכטיג.

מיר דוכט זיך, אַז אָט די דעררדריקונג פון לעבעדיגער נערווען ענערגיע ווערט אַם בעסטען ערקלערט מיט אַן אָפּוועזענקייט פון איינדרוקען. אין דעם געוועהנליכען לעבען באַריהרן אונזערע גע־פיהלען טויזענטער קלאַנגען און פאַרבען; טויזענטער קליינע פאַר־שידענע פאַקטען ווערן איינגעקריצט אין אונזער באַוואוסטזיין

און רעגען אויף די טעטיגקייט פון מארך. אָבער דעם ארעס־טאַנט׳ס לעבען איז אין אָט דעם פּרט אינגאַנצען אונגאָרמאַל: זיינע איינדרוקען זיינען גאַנץ מאָגערע און אַלעמאָל דיזעלבינע. דערפון נעמט זיך דעם אַרעסטאַנט׳ס פארליבע צו אַלערליי ניי־אינקייטען, דער געיעג נאָך יעדען נייעם איינדרוק. איך וועל קיינ־מאָל ניט פאַרגעסען, מיט וואָס פאַר אַן אָנגעשטרענגטער אויפ־מערקזאַמקייט איך האָב באַמערקט אין געפענגניס, בעת אַ שפּאַ־ציר איבער׳ן הויף פון טרובעצקאָי באַסטיאָן, דעם שפּיל פון ליכט אויף דעם באַגאָלדטען שפּיץ פון קאַטעדראַל, — דער שפּיץ איז געווען ראָז ביים זון־פאַרגאַנג און פול מיט בלויע שאַטירונגען אין דער פריה. איך האָב באַמערקט אַלע שאַטירונגען פון פארבען, וואָס בייטען זיך אין וואָלקענדיגע און לויטערע טעג, אין דער פריה און אין אָוועגט, ווינטער און זומער. נאָר די קאָלירען פון דעם שפּיץ׳ס פארבען האָבען זיך געענדערט; דאָס איבעריגע איז אַלץ געבליבען אין דערזעלביגער פינסטערער אונפאַרענדערליכקייט. די ערשיינונג פון אַ שפּערלינג אויף׳ן געפענגניס הויף איז געווען אַ גרויסע ערשיינונג: זי האָט אַריינגעטראָגען אַ נייעם איינדרוק. מסתמא ערקלערט זיך מיט דעם אויך דאָס, וואָס די ארעסטאַנטען האָבען אַזוי ליב צייטונגען און אילוסטראַציעס: זיי גיבען זיי נייע איינדרוקען אויף אַן אונגעוועהנליכען וועג. אַלע איינדרוקען, וואָס ווערן באַקומען אין געפענגניס דורך לייענען, אָדער דורך איינענעם דענקען, ווירקען ניט אונמיטעלבאַר, נאָר דורך די פאָר־שטעלונג; ווען דער מארך, וואָס ווערט שלעכט גענעהרט פון דעם אָפּגעשוואַכטען הארצען און פאַראָרימטען בלוט, ווערט שנעל מיד, פאַרלירט ער זיין ענערגיע. העריבער פיהלט זיך אין געפענגניס אַזאַ שטאַרקע באַדערפניש אין אויסערליכע, אונמיטעלבאַרע איינ־דרוקען.

מיט אָט דעם אומשטאַנד ערקלערט זיך מסתמא אויך די מערקווירדיגע אָפּוועזענהייט פון ענערגיע און ענטוזיאַזם אין דער אַרבייט פון די אַרעסטאַנטען. יעדעס מאָל, ווען איך האָב גע־זעהען אין קלערוואָ אַן אַרעסטאַנט, וואָס האָט זיך פויל באַוועגט איבער׳ן הויף, אין דער באַגלייטונג פון אַ וועכטער, וואָס האָט אויך פויל געשפּרייזט נאָך איהם, האָב איך אין געדאַנק זיך אומ־געקעהרט צו די טעג פון מיין יוגענט, אין מיין פּאָטער׳ס הויז,

אין די סביבה פון די לייב־אייגענע. די אַרעסטאַנטישע אַרבייט איז אַן אַרבייט פון קנעכט, און אַזאַ אַרבייט קאָן ניט באַגייסטערן אַ מענשען, קאָן איהם ניט געבען דאָס באַוואוסטזיין פון דער נויטיגקייט צו אַרבייטען און שאַפען. מען קאָן דעם אַרעסטאַנט אויסלערנען אַ מלאכה, אָבער קיין ליבע צו דער מלאכה קאָן מען איהם ניט אַריינגעבען; פאַרקערט, אין די מעהרסטע פאַלען גע־וועהנט ער זיך צו צו באַציהען זיך צו זיין אַרבייט מיט האַס.

עס איז נויטיג אָנצואווייזען נאָך אויף איין אורזאַך פון דע־מאָראַליזאַציע אין די געפענגניסען, וואָס איך האַלט פאַר אַ באַ־זונדערס וויכטיגע, צוליב דעם, וואָס זי איז דיזעלביגע אין אַלע געפענגניסען, און וואָס איהר וואָרצעל ליגט אין דעם פאַקט גופא, וואָס מען האָט ביי אַ מענשען אָפּגענומען זיין פרייהייט. אַלע פאַרברעכען געגען די איינגעשטעלטע פרינציפּען פון מאָראַל קאָן מען דערוצירען צו איין פונדאַמענטאַלער אורזאַך: דער אָפּוועזענהייט פון אַ פעסטען ווילען. די מעהרסטע באַוואוינער פון אונזערע גע־פענגניסען זיינען מענשען, וואָס האָבען ניט געהאַט גענוג פעסט־קייט צו קאָנען ווידערשטעהן די נסיונות, וואָס זיי האָבען באַגע־גענט אויף זייער לעבענסוועג, אָדער צו דערשטיקען אַ ליידענ־שאַפטליכען אימפּולס, וואָס האָט זיי מיטאַמאָל באַהערשט. אָבער אין געפענגניס, פּונקט ווי אין אַ קלויסטער, איז דער אַרעסטאַנט אָפּגעצאַמט פון אַלע נסיונות פון דער אויסערליכער וועלט, און זיינע באַציהונגען מיט אַנדערע מענשען זיינען אַזוי באַגרענעצט און אַזוי רעגולירט, אַז ער פיהלט זעלטען די ווירקונג פון שטאַרקע ליידענשאַפטען. צוליב דעם באַקומט ער זעלטען די געלעגענהייט צו איבען און פאַרשטאַרקען דעם אָפּגעשוואַכטען ווילען. ער איז פאַרוואַנדעלט אין אַ מאַשין און געהט אויף אַ וועג, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן איינמאָל פאַר אַלעמאָל; און די ווייניגע פאַלען, ווען ער האָט דעם פרייען אויסוואַהל, זיינען אַזוי זעלטען און נישטיג, אַז אַנטוויקלען אויף זיי זיין ווילען איז אונמעגליך פאַר איהם. דאָס גאַנצע לעבען פון דעם אַרעסטאַנט איז פאָראויס באַשטימט און רעגלאַמענטירט; איהם בלייבט נאָר איבער זיך אָפּ־געבען דעם שטראָם, פאָלגען בלינדערהייט, אונטער דער מורא פאַר גרויזאַמע באַשטראָפונגען. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, אויב ער האָט אפילו געהאַט אַ געוויסע פעסטקייט פון ווילען פאַר זיין

פאַראורטיילונג, פאַרשווינדט זי אין געפענגניס. און דע־ריבער, — וואו זאָל ער געפינען די פעסטקייט פון כאַראַקטער, צו קאָנען ווידערשטעהן די נסיונות, וואָס רינגלען איהם פּלוצלונג ארום, ווי אזוי וועט ער קאָנען איינהאַלטען די ערשטע אימפּול־סען פון דעם ליידענשאַפטליכען כאַראַקטער, אויב אין פאַרלויף פון א סך יאָהרען האָט מען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, כדי אָפּצו־טויטען אין איהם די אינערליכע ווידערשטאַנדס־פעהיגקייט, צו פאַרוואַנדלען איהם אין א געהאָרכזאַמען געצייג אין די הענט פון די, וואָס האָבען איבער איהם געהערשט?

דער אויבען אָנגעוויזענער פאַקט איז, אין מיין מיינונג (און מיר דוכט, אז וועגען דעם קאָנען קיין צוויי מיינונגען ניט זיין), די שטרענגסטע פאַראורטיילונג פון אַלע סיסטעמען, וואָס זיינען באַגרינדעט אויף אָפּנעמען ביי א מענשען זיין פרייהייט. מען קאָן לייכט ערקלערן די אָפּשטאַמונג פון אונזערע שטראָף־סיס־טעמען, וואָס זיינען באַגרינדעט אויף א סיסטעמאַטישער אונטער־דריקונג פון דעם אינדיווידועלען ווילען אין די אַרעסטאַנטען און אויף דערנידעריגען די מענשען ביז צום גראַד פון מאַשינען, וואָס האָבען ניט קיין אורטייל־פעהיגקייט. דאָס סיסטעם איז אויסגע־וואַקסען פון דעם פאַרלאַנג צו פאַרהינדערן אַלע שטערונגען פון דיסציפּלין און פון דער שטרעבונג צו האַלטען אין צוים א וואָס גרעסערע צאָהל אַרעסטאַנטען ביי א וואָס קלענערער צאָהל אויפ־זעהער. און ווירקליך, מיר זעהען א גאַנצע, גרויסע ליטעראַטור וועגען געפענגניסען, אין וועלכער די הערען „ספּעציאַליסטען" רעדען מיט דער גרעסטער אנטציקונג גראַד וועגען די סיסטעמען, ביי וועלכע די געפענגנים דיסציפּלין ווערט אויפגעהאַלטען מיט דער קלענסטער צאָהל וועכטער. אַן אידעאַלע געפענגנים וואָלט אין די אויגען פון אַזעלכע ספּעציאַליסטען געווען א טויזענט אױ־טאָמאַטען, וואָס שטעהען אויף און אַרבייטען, עסען און געהען שלאָפען אונטער דער ווירקונג פון אַן עלעקטרישען שטראָם, וואָס געפינט זיך אין רשות פון איין־איינציגען וועכטער. אָבער אויב אונזערע מאָדערנע, פאַרפאָלקאָמטע געפענגניסען פאַרקלענערן אפשר אין דעם מלוכה־בודזשעט איינינגע, פאַרהעלטניסמעסיג קליי־נע הוצאות, זיינען זיי אָבער די הויפּט שולדיגע אין דעם מורא־דיגען פּראָצענט רעצידיוויסטען, וואָס ווערט איצט באַמערקט אין

אַלע לענדער פון אייראָפּא. וואָס וועניגער די געפענגניסען דער־נעהענטערן זיך צום אידעאל, וואָס איז אויסגעארבייט געוואָרן פון די געפענגניס ספּעציאַליסטען, אַלץ וועניגער רעצידיווים־טען גיבען זיי.*) מען דאַרף זיך גאָר ניט וואונדערען, וואָס מענ־שען, וואָס זיינען אויסגעלערנט געוואָרן צו זיין מאַשינען, זיינען ניט אימשטאנד צוצופּאַסען זיך צום לעבען אין דער געזעלשאפט.

געוועהנליך טרעפט, אז באלד ביים ארויסגעהן פון געפענג־ניס, באגעגענט זיך דער ארעסטאנט מיט זיינע געוועזענע חברים, וואָס ווארטען שוין אויף איהם ביים ארויסגאנג. זיי נעמען איהם אויף ברידערליך, און כמעט באלד נאָך דער באפרייאונג פאלט ער ווידער אריין אין יענעם שטראָם, וואָס האָט איהם שוין איינמאָל געבראכט צו די ווענט פון געפענגניס. אַלערליי פילאנטראָפּען און די „געזעלשאפט צו העלפען די באפרייטע ארעסטאנטען" העלפען דאָ אייגענטליך וועניג. זיי קומט אויס איבערצומאכען דאָס, וואָס די געפענגניס האָט אויפגעטאָן, פארגלעטען יענע שפּו־רען, וואָס די געפענגניס האָט איבערגעלאָזען אויף דעם באפריי־טען. אין דער צייט ווען דער איינפלוס פון עהרליכע מענשען, וואָס וואָלטען דעם מענשען אויסגעשטרעקט א ברודערליכע האַנט, איידער ער איז אריינגעפאלען אין געפענגניס, וואָלט איהם געקאָנט ראטעווען פון די טאטען, וואָס האָבען איהם דערפיהרט ביז צו דער געפענגניס, איז איצט, ווען ער האָט דורכגעמאכט דעם קורס פון געפענגניס לעהרע, וועלען אַלע אנשטרענגונגען פון די פילאנטראָפּען אין די מעהרסטע פאלען ניט פיהרן צו קיין רע־זולטאטען.

און וואָס פאר אן אונטערשיד צווישען דער ברידערליכער אויפנאהם, מיט וועלכער עס באגעגענען דעם באפרייטען זיינע גע־וועזענע חברים, און דער באציהונג צו איהם פון די „עהרליכע ביר־גער", וואָס באהאלטען אונטער דעם אויסערליכען צורעק פון קרים־טענטום זייער פאריסעאישען עגאָאיזם! פאר זיי איז דער בא־פרייטער ארעסטאנט עפּעס א מין פארפּעסטעטער. ווער פון זיי וועט זיך אנטשליסען, ווי דאָס האָט געטאָן לאנגע יאָרען דר. קעמפּ־

*) אין רוסלאנד איז די צאָהל רעצידיוויסטען ניט העכער פון 18 פּראָצענט, בעת אין מערב אייראָפּא דערגרייכט זי ביז 50—40 פּראָצענט.

בעל פון עדינבורג, איינצולאַדען איהם אין זיין הויז און איהם זאָגען: „אַט האָסטו דיר דיין צימער; זיץ ביי מיין טיש און זיי א מיטגליד פון מיין פאַמיליע, ביז וואַנען מיר וועלען געפינען אר־בייט״? א מענש, וואס איז ארויסגעלאַזען געוואָרן פון געפענגניס, נויטיגט זיך מעהר פון אנדערע אין שטיצע, נויטיגט זיך אין א ברידערליכער האנט, וואָס זאָל ווערן אויסגעשטרעקט צו איהם; אָבער די געזעלשאַפט, האָבענדיג געטאָן אלץ, וואָס זי האָט געקאָנט, צו מאַכען פון איהם איהר פיינד, האָבענדיג איינגע־פלאַנצט אין איהם די אַלע זינד, וואָס די געפענגניס אנטוויקעלט, אנטזאָגט איהם גראד אין דער ברידערליכער הילף, וואָס איז איהם אזוי נויטיג.

וועלען זיך געפינען א סך אזעלכע פרויען, וואָס וועלען איינ־שטימען צו חתונה האָבען מיט א מענשען, וואָס איז געוועזען אין געפענגניס? מיר ווייסען, ווי אָפט א פרוי האָט חתונה, מיט'ן ציעל צו „ראַטעווען א מענשען״; אָבער מיט ווייניגע אויסנאַמען, טרעטען אַפילו אזעלכע פרויען אינסטינקטיוו אָפּ אָן א זייט פון מענשען, וואָס האָבען באַקומען א געפענגניס בילדונג. אויף אזא אופן מוז דער באַפרייטער ארעסטאַנט זיך געפינען א לעבענס-באַגלייטערין צווישען די זעלביגע פרויען, — די טרויעריגע פראָ־דוקטען פון א שלעכט-אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט, — וואָס זיינען אין די מעהרסטע פאַלען געוועזען איינע פון די הויפּט אורזאַכען, וואָס האָבען איהם געבראַכט אין געפענגניס. איז קיין וואונדער ניט, אויב די מעהרהייט פון די באַפרייטע ארעסטאַנטען פאַלען ווידער אריין, נאָכדעם ווי זיי האָבען פארבראַכט איינגאַנצען עטליכע מאָנאַטען אויף דער פרייהייט.

עס וועלען זיך קוים געפינען א סך מענשען, וואָס וואָלטען געוואַגט צו באַהויפּטען, אז די געפענגניסען דאַרפען אויסאיבען נאָר אַן איינשרעקענדיגע ווירקונג, ניט האָבענדיג אין זינען קיין צוועקען פון מאָראַלער אויסבעסערונג. אָבער וואָס טוען מיר, צו דערגרייכען אַט דעם לעצטען ציעל? אונזערע געפענגניסען זיי־נען הפנים ספּעציעל איינגעריכט געוואָרן, צו דערנידעריגען אויף אייביג די, וואָס זיינען אַהין איינמאָל אריינגעפאַלען, אויף אַלעמאָל פארלעשען אין זיי די לעצטע פונקען פון זעלבסט־אַכטונג.

יעדען מענשען איז געווים אויסגעקומען צו פיהלען אויף זיך

די ווירקונג פון אנשטענדיגע קליידער. אפילו חיות שעהמען זיך צו באַווייזען זיך צווישען אייגענע, אויב זייער אויסערליכער אויס־זעהן האָט אָן אונגעוויינליכען, קאָמישען כאראקטער. א קאָטער, וועמען אַ אינגעל אַ שטיפער וואָלט אויסגעפארבט אין געלע און שוואַרצע פּאַסען, וואָלט זיך געשעהמט צו באַווייזען זיך צווישען אַנדערע קאָטערס אין אַזאַ קאָמישען אויסזעהן. אָבער מענשען הויבען אָן פון דעם, וואָס זיי טוען אָן אין אַ קאָסטום פון אַ פּאַיאַץ די יעניגע, וועמען זיי ווילען כלומר'שט אונטערוואַרפען צו אַ קורס פון מאָראַלער היילונג. ווען איך בין געוועזען אין דער ליאָנער געפענגנים, איז מיר אָפּט אויסגעקומען צו באָאָבאַכטען דעם עפעקט, וואָס די געפענגנים קליידער מאַכען אויף די אַרעסטאַנטען. אי־בער'ן הויף, וואו איך האָב געמאכט מיין שפּאַציר, פלעגען דורכ־גיין אַרעסטאַנטען, מעהרסטענטיילס אַרבייטער, אָרים, אָבער אַנ־שטענדיג געקליידט, אויפ'ן וועג אין צעכהויז, וואו זיי האָבען אי־בערגעלאָזען זייערע קליידער און אָנגעטאָן אַרעסטאַנטישע. אַרויס־קומענדיג פון צעכהויז אָנגעטאָנענע אין אַן אַרעסטאַנטישען קאָס־טום, וואָס איז באַדעקט מיט לאַטעס פון פאַרשידענפאַרביגע שמאַט־קעס, מיט אַ העסליכען רונדען היטעל אויפ'ן קאָפּ, האָבען זיי זיך טיף געשעמט צו ווייזען זיך פאַר מענשען אין אַזאַ געמיינער קליידונג. אין אַ סך געפענגניסען, באַזונדערס אין ענגלאַנד, גיט מען די אַרעסטאַנטען קליידער, וואָס זיינען געמאַכט פון פאַרשי־דענפאַרביגע שטיקלאַך מאַטעריאַל, און וואָס דערמאָנען גיכער דעם קאָסטום פון אַ מיטעלאַלטערליכען פּאַיאַץ, איידער די קליידער פון אַ מענשען, וועלכען אונזערע געפענגנים פילאַנטראָפּען ווילען כלומרש'ט אויסבעסערן.

דאָס איז דער ערשטער איינדרוק פון דעם אַרעסטאַנט; און אין פאַרלויף פון זיין גאַנצען לעבען אין געפענגנים וועט ער ליי־דען פון אַ באַהאַנדלונג, וואָס איז פול מיט אַ טיפער פאַראַכטונג צו מענשליכע געפיהלען. אין דער דאַרטמורער געפענגנים, צום ביישפּיל, באַטראַכט מען די אַרעסטאַנטען, ווי מענשען, וואָס פאַר־מאָגען ניט דעם קלענסטען טראָפּען שעמעוודיגקייט. מען צווינגט זיי צו פּאַראַדירן אין גרופּען, אינגאַנצען נאַקעטע, פאַר די גע־פענגנים באַאַמטע, און אַזוי מאַכען גימנאַסטישע איבונגען. „רעכטס אַרום! אויפהויבעןביידע הענט! אויפהויבען דעם לינקען פוס!

האַלטען דעם זויל פון לינקען פוס אין דער רעכטער האַנט!"
א. ז. וו.*)

דער אַרעסטאַנט הערט אויף צו זיין אַ מענש, וואָס זאָל האָבען אַ וועלכען עס איז געפיהל פון זעלבסט־אַכטונג. ער ווערט פאַר־וואַנדעלט אין אַ זאַך, אין אַ נומער אַזאַ און אַזאַ, און מען באַ־געהט זיך מיט איהם, ווי מיט אַ נומערירטער זאַך. אפילו אַ חיה, אויב מען וועט זיך מיט איהר אַזוי באַגעהן יאָהרנלאַנג, וועט אויף אייביג פאַרדאָרבען ווערן; און דאָ באַהאַנדלען מיר אַזוי מענשליכע וועזענס, וואָס וועלען, אין עטליכע יאָהר אַרום, דאַרפען ווערען ניצליכע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. אויב מען ערלויבט דעם אַרעסטאַנט אַ שפּאַציר, וועט דאָס ניט זיין עהנליך צו אַ שפּאַציר פון אַנדערע מענשען. מען וועט איהם צווינגען צו מאַרשירן אין די רייהען, און דערביי וועט אַ וועכטער שטעהן אינמיטען הויף און הויך אויסשרייען: „אָן־דעים, אָן־דעים! אַרש־פּער, אַרש־פּער!" אויב דער אַרעסטאַנט וועט נאָכגעבען איינעם פון די נאַטירליכסטע מענשליכע פאַרלאַנגען, — צו טייי־לען מיט אַנאַנדער מענשליכען וועזען זיינע איינדרוקען אָדער גע־דאַנקען, — וועט ער זיין שולדיג אין צושטערן די דיסציפּלין. עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די געהאָרכזאַמסטע אַרעס־טאַנטען קאָנען זיך ניט אָפּהאַלטען פון אַזעלכע צושטערונגען פון דיסציפּלין. פאַר'ן אַריינגעהן אין געפענגניס קאָן אַ מענש פיהלען עקעל צו ליגען אין באַטרוג; דאָ געהט ער דורך אַ פולען קורס פון אָט די זאַכען, ביז ליגען און באַטרוג ווערן ניט זיין צווייטע נאַטור.

ער מעג האָבען אַן אומעטיגען אָדער פרעהליכען, גוטען אָדער שלעכטען כאַראַקטער, — דאָס מאַכט ניט אויס: אים וועט אין געפענגניס ניט אויסקומען אַרויסצואווייזען אָט די אייגענשאַפטען פון זיין כאַראַקטער. ער איז אַ פאַרנומערירטע זאַך, וואָס דאַרף זיך באַוועגען נאָך די איינגעשטעלטע רעגלען. איהם מעגען שטי־קען טרערען, אָבער ער מוז זיי איינהאַלטען. אין פאַרלויף פון אַלע יאָהרען פון קאַטאָרגע לאָזט מען איהם קיינמאָל ניט אַליין; אפילו אין דער איינזאַמקייט פון זיין קאַמער וועט דעם וועכטער'ס

*) "Datmoor," by Date B. 24, in "Daily News," 1886.

אויג שפּיאָנירן נאָך זיינע באַוועגונגען, באָאָבאַכטען די אויסערונ־
גען פון זיינע געפיהלען, וועלכע ער וואָלט געוואָלט באַהאַלטען,
ווייל זיי זיינען מענשליכע געפיהלען, וואָס ווערן אין געפענגנים
ניט ערלויבט. צי דאָס וועט זיין רחמנות צו א חבר אין ליידען,
ליבע צו קרובים, אָדער א פאַרלאַנג מיטצוטיילען זיינע צרות
עמיצען, אויסער די פּערזאָנען, וואָס זיינען אָפּיציעל באַשטימט
פאַר אָט דעם צוועק, צי דאָס וועט זיין איינס פון יענע געפילען,
וואָס מאַכען דעם מענשען בעסער, — אַלע אַזעלכע „סענטימענ־
טען" ווערען שטרענג פאַרפאָלגט פון יענער רויהער מאַכט, וואָס
לייקענט אָפּ אין אַרעסטאַנט דאָס רעכט צו זיין א מענש. דער
אַרעסטאַנט ווערט פאַראורטיילט אויף א ריין טיריש לעבען, און
אַלץ, וואָס איז מענשליך, ווערט פון אָט דעם לעבען שטרענג אַרויס־
געטריבען, דער אַרעסטאַנט טאָר ניט זיין קיין מענש, — דאָס
איז דער גייסט פון די געפענגנים רעגלען.

ער טאָר ניט פאַרמאָגען קיין מענשליכע געפיהלען. און וועה
איז איהם, אויב עס וועט זיך, אויף זיין אונגליק, דערוועקען אין
איהם דאָס געפיהל פון מענשליכער ווירדע! וועה איז איהם,
אויב ער וועט אויפגעבראַכט ווערן, ווען די וועכטער וועלען
אַרויסווייזען אונצוטרוי צו זיינע ווערטער; אויב ער וועט גע־
פינען פאַר דערנידעריגענדיג די שטענדיגע באַזוכונג פון זיינע
קליידער, וואָס ווערט ווידערהאָלט עטליכע מאָל אין א טאָג; אויב
ער וועט ניט וועלען זיין א היפּאָקריט און באַזוכען די געפענגנים
קירך, אין וועלכער קיין זאַך איז פאַר איהם ניט אָנציהענד; אויב
ער וועט מיט א וואָרט, אָדער אפילו מיט דער אינטאָנאַציע פון
קול אַרויסווייזען פאַראַכטונג צום וועכטער, וואָס פאַרנעמט זיך
מיט טאַבאַק־האַנדעל און ציהט אויף אַזא אופן אַרויס ביים אַרעס־
טאַנט די לעצטע גראָשענס; אויב רחמנות צו א שוואַכערן חבר
וועט איהם באַוועגען צו טיילען זיך מיט איהם מיט זיין פּאָרציע
ברויט; אויב אין איהם בלייבט נאָך גענוג מענשליכע ווירדע, אויפ־
געבראַכט צו ווערן פון א ניט פאַרדינטען פּאָרוואורף, א ניט
פאַרדינטען פאַרדאַכט, א גראָבקייט אָהן אַן אורזאַך; אויב ער איז
גענוג עהרליך, אויפגעבראַכט צו ווערן פון די קליינע אינטריגען
און פאַוואָריטיזם פון די וועכטער, — דעמאָלט וועט די געפענגנים
ווערן פאַר איהם אַן אמת'ער גיהנם. מען וועט איהם דערשטיקען

מיט אונטערטרעגליכע אַרבייט, אָדער מען וועט איהם שיקען פּוילען אין פינסטערען קאַרצער. די קלענסטע צושטערונג פון דיסציפּלין, וואָס ווערט פאַרצייהט דעם אַרעסטאַנט, וועלכער שמייכעלט דעם וועכטער, וועט טייער קאָסטען אַ מענשען מיט אַ מעהר אָדער ווע־ניגער אונאָפּהענגיגען כאַראַקטער; דאָס וועט פאַרשטאַנען ווערען, ווי אַן אויסערונג פון אונגעהאָרכזאַמקייט און וועט אַרויסרופען אַ שטרענגע באַשטראָפונג. און יעדע באַשטראַפונג וועט פירען צו נייע און נייע באַשטראָפונגען. דורך קליינע פאַרפאָלגונגען וועט דער מענש דערפיהרט ווערען ביז צו וואַנזין, און גליקליך וועט ער זיין, ווען איהם וועט געלינגען אַרויסצוגעהן ענדליך פון דער גע־פענגנים, ניט אַרויסגעטראָגען ווערן פון איהר אין אַ טרונע.

עס איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי שרייבען אין די ציי־טונגען וועגען דער נויטיגקייט צו האַלטען די געפענגנים וועכטער אונטער אַ שטרענגען קאָנטראָל, וועגען דער נויטיגקייט צו באַ־שטימען פאַר פאַרוואַלטער פון געפענגניסען די ווירדיגסטע מענ־שען. בכלל איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך ווי בויען אַדמיניסטראַ־טיווע אוטאָפּיעס! אָבער מענשען בלייבען מענשען, צי דאָס זיי־נען וועכטער אָדער אַרעסטאַנטען. און ווען מענשען זיינען פאַר־אורטיילט אויף אַ גאַנץ לעבען אויפצוהאַלטען פאַלשע באַציהונגען צו אַנדערע מענשען, ווערן זיי אַליין פאַלש. זייענדיג אַליין אין אַ געוויסער מאָס אין דער לאַגע פון אַרעסטאַנטען, ווייזען די וועכטער אַרוים די אַלע זינדיגע אייגענשאַפטען פון קנעכט. אין ערגעץ ניט, אַ חוץ אפשר אין די קלויסטערס, האָב איך ניט באַאָבאַכטעט אזעלכע אויסערונגען פון קליינליכע אינטריגען, ווי צווישען די וועכטער און בכלל צווישען דער געפענגנים אַדמיניסטראַציע אין קלערוואָ. פאַר־שפּאַרטע אין דער ענגער וועלטעל פון קליינליכע אינטערעסען, פאַ־לען די געפענגנים באַאַמטע גיך אַרונטער אונטער זייער איינפלוס. רכילות, אַ וואָרט, וואָס דער האָט געזאָגט, אַ זשעסט, וואָס יענער האָט געמאַכט, — דאָס איז דער געוועהנליכער אינהאַלט פון זייערע געשפּרעכען.

מענשען בלייבען מענשען, — און איהר קאָנט ניט באַקליידען איין מענשען אין אונבאַשרענקטע מאַכט איבער אַן אַנדערען, ניט פאַרדאַרבענדיג אָט דעם מענשען. מענשען וועלען מיסברויכען אָט די מאַכט, און אָט די מיסברויכען וועלען זיין נאָך געוויסענ־

לאָזער און נאָך פיהלבאַרער פאַר די, וועמען עס קומט אויס צו ליידען פון זיי, וואָס באַשרענקטער און ענגער עס איז די וועלטעל, אין וועלכער זיי פאַרקעהרן. זייענדיג געצוואונגען צו לעבען צווי־שען אַרעסטאַנטען, וואָס זיינען פיינדליך געשטימט צו זיי, קאָנען די וועכטער ניט זיין קיין מוסטערן פון גוטסקייט און מענשליכ־קייט. דעם בונד פון די אַרעסטאַנטען ווערט אַנטקעגענגעשטעלט אַ בונד פון וועכטער, און אַזוי ווי אין די הענט פון די וועכטער איז די מאַכט, מיסברויכען זיי זי, ווי אַלע, וואָס האָבען מאַכט. די גע־פענגנים איבט אויס די שעדליכסטע ווירקונג אויך אויף די וועכ־טער, מאַכענדיג זיי פאַר קליינליכע, געמיינע פאַרפאָלגער פון די אַרעסטאַנטען. שטעלט אַוועק אויף זייער אָרט אַ פעסטאַלאָצי (אויב מען זאָל נאָר אָננעמען, אַז פעסטאַלאָצי וואָלט אָנגענומען אַזאַ פאָסט) און ער וואָלט זיך גיך פאַרוואַנדעלט אין אַ טיפּישען געפענגנים וועכטער. און ווען איך קלער וועגען דעם און נעם אין באַטראַכט אַלע אומשטענדען, בין איך גענויגט צו זאָגען, אַז דאָך זיינען מענשען בעסער איידער די אינסטיטוציעס.

דאָס בייזע געפיהל געגען דער געזעלשאַפט, וואָס איז אַלעמאָל געווען אַ שטיפמוטער פאַר דעם אַרעסטאַנט, וואַקסט אין איהם בּיסלעכווייז. ער לערענט זיך האַסען, פון גאַנצען הארצען האַסען אָט די אַלע „עהרליכע" מענשען, וואָס טויטען אין איהם אָפּ מיט אַזאַ בייזער ענערגיע אַלע בעסערע געפיהלען. דער אַרעסטאַנט נעמט איינטיילען די וועלט אין צוויי טיילען: צו איינעם גע־הערען ער אליין און זיינע חברים, צו דעם אַנדערען — דער גע־פענגנים דירעקטאָר, די וועכטער, די צושטעלער. דאָס געפיהל פון חבר'שאַפט וואַקסט שנעל צווישען אַלע באַוואוינער פון געפענגנים, און דערביי ווערן אַלע, וואָס טראָגען ניט קיין אַרעסטאַנטסקע קליי־דער, באַטראַכט ווי די שונאים פון אַרעסטאַנטען. יעדער באַטרוג אין באַצוג צו אָט די פיינד איז ערלויבט. אָט די „פיינד" קוקען אויפ'ן אַרעסטאַנט, ווי אויף אַן אַרויסגעשטויסענעם, און אַליין פון זייער זייט ווערן זיי אַרויסגעשטויסענע אין די אויגען פון די אַרעס־טאַנטען. און ווי נאָר דער אַרעסטאַנט באַפרייט זיך פון געפענג־ניס, נעמט ער אָנווענדען די געפענגנים מאָראַל אויף דער געזעל־שאַפט. פאַר'ן אַריינקומען אין געפענגנים האָט ער געקאָנט באַ־געהן פאַרברעכען, ניט איבערטראַכטענדיג. די געפענגנים בילדונג

וועט איהם אויסלערנען צו באַטראַכטען די געזעלשאַפט, ווי אַ שונא; איצט האָט ער אַן אייגענאַרטיגע פילאָסאָפיע, וועלכע זאָלא האָט סומירט אין די פאָלגענדע ווערטער: „קעל גרעדין לעז אָונט זשאָן!” („וואס פאַר אַ געמיינע קערלען עס זיינען דאָס די עהרליכע מענשען”.) *)

די געפענגנים אנטוויקעלט אין איהרע באַוואוינער ניט נאָר אַ האַס צו דער געזעלשאַפט, ניט נאָר טויט זי אָפּ אין זיי סיסטעמאַטיש יעדעס געפיהל פון זעלבסטאַכטונג, מענשליכער ווירדע, מיטלייד און ליבע, אַנטוויקלענדיג אין דערזעלביגער צייט די אַנטקעגענגעזעצטע געפיהלען, — זי פלאַנצט איין אין דעם ארעסטאַנט די געמיינסטע זינד. עס איז גוט באַקאַנט, אין וואָס פאַר אַ פּראָפּאָרציע עס פאַרמעהרען זיך פאַרברעכען, וואָס האָבען דעם כאַראַקטער פון צושטערען די סעקסועלע מאָראַל, ווי אויפ'ן אייראָפּעאישען קאָנטינענט, אַזוי אויך אין ענגלאַנד. דער וואוקס פון אָט דעם מין פאַרברעכערישקייט ערקלערט זיך דורך אַ סך אורזאַכען, אָבער איינע פון די וויכטיגסטע צווישען זיי איז — דער אָנשטעקענדיגער איינפלוס פון די געפענגניסען. אין אָט דער הינזיכט פיהלט זיך דער שעדליכער איינפלוס פון די געפענגניסען אויף די געזעלשאַפט מיט אַ באַזונדערער קראַפט.

דערביי האָב איך אין זינען ניט נאָר די אונגליקליכע באַשעפענישען, וועגען וועלכע איך האָב אויבען גערעדט, — די קינדער, וועלכע איך האָב געזעהן אין דער ליאָנער געפענגנים. מען האָט מיך פאַרזיכערט, אַז טאָג און נאַכט איז די גאַנצע אַטמאָספער פון זייער לעבען אָנגעזאַפּט מיט דיזעלביגע געדאַנקען, און איך בין טיף איבערצייגט, אַז די יוריסטען, וואָס שרייבען וועגען דעם וואוקס פון די אַזוי גערופענע „פאַרברעכערישע קלאַסען”, וואָלטען נעדאַרפט פאַרנעמען זיך פריהער פון אַלץ מיט אַזעלכע פאַרשפּרייטער פון פאַרדאַרבונג, ווי די אָפּטיילונג פאַר איינגלאַך אין דער סען־פּאול'ער געפענגנים, און גאַר ניט מיט די געזעצען פון פאַראַרבליכקייט. אָבער דאָס זעלביגע קאָן מען זאָגען אויך וועגען די נעפענגניסען, אין וועלכע עס האַלטען זיך אויף דערוואַקסענע. די פאַקטען, וואָס זיינען אונז באַקאַנט געוואָרען, בעת מיר זיינען גע־

---

*) זעה ביילאַגע ד.

ווען אין קלערוואַ, איבערשטייגען אַלץ, וואָס עס קאָן אונז מאָלען די צולאָזענסטע פאָרשטעלונג. עס איז נויטיג, אַז אַ מענש זאָל אָפּזיין לאַנגע יאָרען אין געפענגנים, אָהן קיין שום פאַרנעבעלענדע איינפלוסען, אָפּגעגעבען אינגאַנצען צו זיין אייגענער פאָרשטעלונג און דער ארבייט פון דער פאָרשטעלונג פון אַלע זיינע חברים, נאָר דעמאָלט קאָן ער דערגעהן צו יענעם אונגלויבליכען גייסטיגען צו־שטאַנד, וועלכען מען קאָן באָאָבאַכטען ביי איינִיגע ארעסטאַנטען. און איך מיין, אַז אַלע אינטעליגענטע און אויפריכטיגע געפענגנים־דירעקטאָרן וועלען זיין אויף מיין זייט, אויב איך וועל זאָגען, אַז די געפענגניסען זיינען די אמת'ע פאַרשפּרייטער פון די עקעל־האַפטסטע מינים פאַרברעכען אַנטקעגען געזעלשאַפטליכער מאָ־ראַל.*)

איך קאָן ניט אַריינגעהן אין איינצעלהייטען וועגען דעם ענין, צו וועלכען מען האָט זיך דאָ ניט לאַנג צו לייכט באַצויגען אין דער ליטעראַטור פון אַ געוויסען מין. איך וועל נאָר באַמערקען, אַז די, וואָס מיינען, אַז פאַר אַ שטערונג און אַ צאָם קאָן דינען די פולשטענדיגע צוטיילונג פון די ארעסטאַנטען און די איינצעל־פאַרהאַפטונג, מאַכען זעהר אַ גרויסען טעות. די פער־ווערזיטעט פון פאָרשטעלונג איז די אמת'ע אורזאַך פון אָט די אַלע ערשיינונגען, און די פאַרשפּאַרונג אין איינצעל־קאַמער איז דער זיכערסטער מיטעל צו געבען דער פאַרשטעלונג אַ קראַנק־האַפטיגע ריכטונג. ווי ווייט די פאָרשטעלונג קאָן דערגעהן אין אָט דער ריכטונג, דאָס ווייסען קוים אפילו די וויכטיגסטע ספּע־ציאַליסטען איבער פסיכישע קראַנקהייטען: דערצו איז נויטיג אָפּצוזיין עטליכע מאָנאַטען אין איינצעל־קאַמערען און געווינען דעם פולען צטרוי פון די ארעסטאַנטען, שכנים אין די קאַמערען, ווי דאָס איז געוועזען דער פאַל מיט איינעם פון אונזערע חברים.

בכלל, ווען מען וואָלט די איינצעל־פאַרהאַפטונג, וואָס האָט איצט אַזוי פיל אָנהענגער, איינגעפיהרט אומעטום, וואָלט דאָס געוועזען אַ נוצלאָזע מאַטערניש און וואָלט געפיהרט צו נאָך אַ

*) איינִיגע באַמערקונגען פון מ. דייוויט אין זיינע „ליווז פראָם אַ פּריזאָן דייערי“ באַווייזען, אַז די לאַגע איז אין אָט דעם פּרט ניט בעסער אויך אין די ענגלישע געפענגניסען.

גרעסערער אפשוואכונג פון קערפערליכער און גייסטיגער ענערגיע פון די ארעסטאנטען. די ערפאהרונג פון גאנץ אייראפא און די אומגעהייערע פראפארציע פון גייסטיגע קראנקהייטען, וואס ווערט באמערקט אומעטום, צווישען ארעסטאנטען, וואס ווערן געהאלטען אין איינצעל־פארהאפנונג א מעהר אדער ווייניגער דויערהאפטיגע צייט, באווייזט קלאר די ריכטיגקייט פון דעם, וואס איז געזאגט געווארן; און עס בלייבט נאר איבער צו שטוינען, ווי ווייניג מענשען אינטערעסירן זיך מיט די אנווייזונגען פון ערפאהרונג. פאר א מענשען, וואס איז באשעפטיגט מיט א טעטיגקייט, וועלכע פארשאפט איהם א געוויסען פארגעניגען, און וועמעס שכל איז אליין א רייכער קוואל פון איינדרוקען; פאר א מענשען, וואס זארגט ניט וועגען דעם, וואס קומט פאר אין די ווענט פון דער געפענגניס, וועמעס פאמיליען־לעבען איז גליקליך, וועמען עס באאומרוהיגען ניט קיין געדאנקען, וואס זיינען א קוואל פון שטענדיגע גייסטיגע ליידען, — פאר אזא מענשען קאן דאס אפשיידען זיך פון דער געזעלשאפט ניט האבען קיין פאטאלען אויסגאנג, אויב דאס דויערט אינגאנצען עטליכע מאנאטען. איז פאר מענשען אבער, וואס קאנען ניט לעבען אין דער געזעלשאפט נאר מיט די אייגענע געדאנקען, און באזונדערס פאר די, וועמעס באציהונגען מיט דער אויסערליכער וועלט צייכענען זיך ניט אויס מיט קיין באזונדערער גלאטקייט, און וואס זיינען צוליב דעם שטענדיג אויפגערעגט פון פינסטערע געדאנקען, — פאר זיי זיינען אפילו עטליכע מאנאטען פון איינצעל־פארהאפטונג א זעהר געפעהרליכער נסיון.

## צעהנטער קאַפּיטעל.

# זיינען געפענגניסען נויטיג?

אויב מיר וועלען נעמען אין באַטראַכט אלע איינפלוסען, וואָס זיינען ביילויפיג אָנגעוויזען געוואָרן אין פאָריגען קאַפּיטעל, וועלען מיר מוזען צוגעבען,, אז יעדער פון זיי באזונדער און זיי אלע צוזאַמען ארבייטען אין א ריכטונג, וואָס מאכט די מענשען, וועלכע זיינען אָפּגעוועזען עטליכע יאָהר אין געפענגנים, אלץ וועניגער און וועניגער צוגעפּאסט פאר׳ן לעבען אין דער געזעלשאַפט. פון דער אַנדער זייט פיהרט ניט, בוכשטעבליך, קיין איינער ניט פון די אויבען אָנגעוויזענע איינפלוסען צו א וואוקס פון אינטע־לעקטועלע און מאָראלע אייגענשאַפטען, דערהויבט ניט דעם מענ־שען צו אַן אידעאלערער פארשטענדניש פון לעבען און זיינע פליכטען, מאכט איהם ניט בעסער, מענשליכער, אין פארגלייך מיט דעם, וואָס ער איז געוועזען פאר׳ן אריינקומען אין געפענגנים.

די געפענגניסען פארבעסערן ניט די מאָראל פון זייערע באוואוינער; זיי פארהינדערן ניט קיין וויי‌טערע פארברעכען. און ניט ווילענדיג שטעלט זיך די פראגע: וואָס זאָלען מיר טאָן מיט די, וואס פארברעכען ניט נאָר קעגען דעם געשריבענעם געזעץ, — אָט די טרויעריגע ירושה פון א טרויעריגער פארגאנגענהייט, — נאָר וואס צושטערן די פּרינציפּען פון מאָראל, וואָס זיינען איינ־געשריבען אין דעם הארצען פון יעדען מענשען? אָט די פראגע באַשעפטיגט איצט די בעסטע קעפּ פון אונזער יאָהרהונדערט.

עס איז געוועזען א צייט, ווען די גאנצע קונסט פון מעדיצין איז באַשטאַנען אין פאָרשרייבען איניגע רפואות, וואָס זיינען אנטדעקט געוואָרן אויף אַן עמפּירישען וועג. קראנקע, וואָס זיי־נען אריינגעפאלען אין די הענט פון אַן ארצט, האָבען געקאָנט פאר׳סמ׳ט ווערן פון אָט די רפואות, אָדער האָבען געקאָנט געזונט

ווערן טראַץ זיי; אָבער דער דאָקטאָר האָט אַלע מאָל געקאָנט אָנ־וויזען, אז ער האָט געטאָן, ווי אַלע אנדערע דאָקטוירים: ער האָט ניט געקאָנט אריבערוואקסען זיינע מיטצייטלער.

אָבער אונזער יאָהרהונדערט, וואָס האָט דרייסט אויפגע־הויבען א מאסע פראגען, וואָס זיינען קוים אָנגעמערקט געווארן אין די פאָריגע יאָהרהונדערטער, האָט זיך באצויגען צו מעדיצין אויף אנאנדער אופן. ניט באשרענקענדיג זיך נאָר מיט היילען קראנקהייטען, שטרעבט די מאָדערנע מעדיצין צו פארהינדערן זיי, און מיר ווייסען, וואָס פאר אן אומגעהויערער פראגרעס עס איז דערגרייכט געווארן אין אָט דער הינזיכט, א דאנק דער מאָ־דערנער אנזיכט אויף די אורזאכען פון קראנקהייטען. היגיענע איז דער ערפאָלגרייכסטער צווייג פון מעדיצין.

דיזעלביגע באציהונג דארף זיין צו דער גרויסער סאָציאַלער ערשיינונג, וואָס רופט זיך איצט „פארברעכערישקייט", אָדער וואָס אונזערע קינדער וועלען רופען „סאָציאלע קראנקהייט". די פארהינדערונג פון קראנקהייטען איז דער בעסטער היילונגס־מיטעל, — צו אזא שלום איז געקומען א גאנצע יונגע שול פון שרייבער, וואס וואקסט מיט יעדען טאָג, באזונדערס אין איטאַ־ליען, און וועמעס פארשטעהער עס זיינען: פאָלעטי[1], פערי[2], קאָלאדזשאַני[3] און, ביז א געוויסען גראד, לאמבראזא; צו זיי דארף מען אויך צורעכענען די גרויסע שול פון פסיכאָלאָגען, אין דער שפּיץ פון וועלכע עס שטעהען גריזאנער[4], קראפט־עבינג[5], דעפּין[6] — אויפ'ן קאָנטינענט, און מאָודסלי[7] אין ענגלאנד; סאָ־

1) *Il Delinquente;* Udine, 1875.
2) *Nuovi orizzonti del Diritto e della Procedure penale; Socialismo e Criminalita,* און איינינע אַנדערע אַרבייטען.
3) *L'Alcoolismo, sue consequenze morali e sua cause.* Catania, 1887. אָט די אַרבייט רעקאָמענדיר איך באַזונדערס דער אויפמערקזאַמ־קייט פון די שרייבער וועגען אַלקאָהאָליזם, וואָס מישען אַזוי אָפט צונויף פאָלגען מיט אורזאַכען.
4) *Gesammelte Abhandlungen. Berlin, 1882. Pathologie der Psychischen Krankheiten.*
5) *Zweifelhafte Geistzustände.* Erlangen, 1873; *Grundzüge der Criminal-Psychologie,* 1872; *Lehrbuch der Gerichtlichen Psychopatie,* Stuttgart, 1875.
6) *Psychologie Naturelle,* Paris, 1868; *Congrès Penitentiare de Stockholm en 1878,* Vol. II.
7) *Insanity with relation to Crime,* London, 1880.

ציאָלאָגען, ווי קעטלע און זיינע, צום באַדויערן, וועניגע נאָכ־פאָלגער; און ענדליך די מאָדערנע שול פון פּסיכאָלאָגיע אין איהר באַציהונג צום אינדיווידום און די סאָציאַלע רעפאָר־מאַטאָרען, וואס באַטראַכטען די געזעלשאַפט. אין זייערע ארביי־טען געפינען מיר שוין פאַרטיגע עלעמענטען, פון וועלכע עס דאַרף זיך אויסאַרבייטען א נייע באַציהונג צו יענע אומגליקליכע, וועל־כע מיר הענגען איצט, קעפּען אָדער פאַרשיקען אין געפענגניסען.

דריי גרויסע ערשטע אורזאַכען פיהרן צו דעם, וואס ווערט אָנגערופען פאַרברעך: סאָציאַלע אורזאַכען, אַנטראָפּאָלאָגישע און קאָסמישע.

די ווירקונג פון דער לעצטער פון אָט די אורזאַכען איז נאָך ניט גענוג אויסגעפאָרשט, כאָטש מען קאָן זי ניט אָפּלייקענען; קעטלע האָט שוין לאַנג באַוויזען איהר באַדייטונג. פון די יעהר־ליכע באַריכטען פון דעם ענגלישען גענעראַל־פּאָסטמייסטער ווייר־סען מיר, צום ביישפּיל, אַז די צאָהל בריף, אין וועלכע מען האָט אַריינגעלייגט געלט־אָנווייזונגען און אריינגעוואָרפען זיי אין די פּאָסט־קעסטלאך פון ענגלאַנד אָהן אן אדרעס, ווערט פון יאָהר צו יאָהר כמעט ניט פאַרענדערט. אויב אַזא קאַפּריזנער עלעמענט פון אונזער לעבען, ווי צושטרייטקייט אין באַצוג צו איין געגענ־שטאַנד פון א געוויסען מין, איז אונטערוואָרפען צו געזעצען, וואס זיינען פּונקט אזוי שטרענג, ווי די, וואָס רעגולירן די באַוועגונג פון די הימעלשע קערפּער, איז דאָך דאָס נאָך מעהר ריכטיג אין באַ־צוג צו פאַרברעכען קעגען רעכט. מיר קאָנען מיט א גרויסער פּינקטליכקייט פאָראויסזאָגען מיט א יאָהר פריהער די צאָהל מאָר־דען, וואָס וועלען באַגאַנגען ווערן אין יעדען לאַנד פון אייראָפּא; און אויב מיר וועלען נעמען אין באַטראַכט איינינע זייטיגע איינ־פלוסען, וואָס קאָנען פאַרגרעסערן אָדער פאַרקלענערן די צאָהל מאָרדען אין פאַרלויף פון קומענדיגען יאָהר, וועט די ציפער פון אונזער פאָראויסזאָגונג זיין נאָך פּינקטליכער.

מיט עטליכע יאָהר צוריק איז אין דעם ענגלישען זשורנאַל „נייטשור" געוועזן פאַרעפענטליכט א סטאַטיסטישער ארטיקעל וועגען דער צאָהל געשלעגען און מאָרדען, וואָס זיינען געשעהן אין אינדיען, אין פאַרבינדונג מיט דער טעמפּעראַטור און פייכטקייט פון דער לופט. יעדערער ווייס, אז איבעריגע וואַרימקייט און

פייכטקייט פון דער לופט מאכען מענשען נערוועזער, איידער ווען די טעמפעראטור איז געמעסיגט, און עס וועהט א טרוקענער ווינט. אין אינדיען, וואו די טעמפעראטור דערגרייכט אמאָל אן אומגעהויערע הויך, און די לופט צייכענט זיך אויס אין דערזעלבינגער צייט מיט אן אומגעוועהנליכער פייכטקייט, — פיהלט זיך, נאַטירליך, דער אָפּשוואכענדיגער איינפלוס פון דער אטמאָספער אין א סך א גרעסערער מאָס, איידער אין אונזערע געאָגראפישע ברייטען. צוליב דעם האָט ס. א. היל ארויסגעבראכט א פארמול, פון ציפער דאטען, וואס נעמען ארום עטליכע יאָהר, — א פאָרמול, וואָס ערלויבט אייך, אויב איהר ווייסט די דורכשניטליכע טעמפעראטור און די מאָס פון אטמאָספערישער פייכטקייט פון יעדען מאָנאט, פאראויסצוזאָגען מיט א מערקווירדיגער דערנעהענטערונג צו דיווירקליכע ציפערען, די צאָהל זעלבסטמאָרדען און בלוטיגע גוואלדטאטען, וואס וועלען פאררעגיסטרירט ווערן אין פארלויף פון דעם באטרעפענדען מאָנאט*).

אזעלכע אויסרעכענונגען קאָנען, נאטירליך, אויסווייזען זאָנדערבאר פאר מענשען, וואס זיינען ניט געוועהנט צו באטראכטען פסיכישע ערשיינונגען אין פארבינדונג מיט זייערע פיזישע אורזאכען; אָבער די פאקטען ווייזען אָן אויף אָט דער אפּהענגיגקייט מיט אזא קלאָרקייט, אז עס בלייבט מעהר קיין אָרט ניט פאר צווייפלען. און מענשען, וועלכע עס איז אויסגעקומען צו פיהלען

*) S. A. Hill: "The Effects of the Weather Upon the Death-Rate and Crime in India," Nature, Vol. 29, 1884, p. 338. די פאָרמולע וואָס היל האָט אויסגעאַרבייט, אז די צאָהל זעלבסטמאָרדען און אַקטען פון גוואַלדטאַטען, וואָס ווערן באַגאַנגען יעדען מאָנאַט, איז גלייך צו דעם א י ב ע ר פ ל ו ס פון דער דורכשניטליכער ציפער פון דער טעמפּעראַטור יעדען חודש איבער 48°פאַרענהייט, גע'כופל'ט אויף צוויי. דער אויטאָר לעגט צו: „פאַרברעכען פון אַ געוואַלטזאַמען כאראקטער אין לאַנדאָן, קאָן מען זאָגען, זיינען פּראָפּאָרציאָנעל אין זייער צאָהל צו דער טענדענץ צו „שטעכיגער היץ", אָט דעם פיינליכסטען צושטאַנד פון דער הויט, וואָס ווערט אַרויסגערופען דורך אַ הויכע טעמפּעראַטור, פאַרבונדען מיט פייכטקייט. יעדערן, ווערמען עס איז אויסגעקומען צו ליידען פון אָט דער קראַנקהייט, וועט לייכט זיין צו פאַרשטעהן, פאַרוואָס די אורזאַכען, וואָס רופען אַרויס אָט די ליידען, קאָנען אַמאָל פיהרן צו מאָרדען און אַנדערע פאַרברעכען". ביי אַ קיהלען וועטער וועלען מיר האָבען אַ פאַרקערטע ווירקונג.

די ווירקונג פון דער טראָפּישער היץ אין פארבינדונג מיט דער טראָפּישער פייכטקייט אויף זייער נערוועזן סיסטעם, וועלען זיך ניט וואונדערן, וואָס גראד אין אזעלכע טעג זיינען די הינדוס גענייגט צו כאפּען זיך פאר א מעסער צו לייזען דיספּוטען, און וואָס מענשען, וואָס האָבען זיך אנטוישט אין לעבען, וועלען אין אזעלכע טעג גיכער זיך אנטשליסען אויף זעלבסטמאָרד*).

די ווירקונג פון קאָסמישע אורזאכען אויף אונזערע האנדלונגען איז נאָך ניט אנאליזירט געוואָרן אלזייטיג; פונדעסטוועגען זיינען איינינע פאקטען פעסטגעשטעלט געוואָרן. עס איז, צ. ב. ש. באקאנט, אז אָנפאלען אויף פערזאָנען (גוואלדטאטען, מאָרד, א. אז. וו.) שטייגען אין פארלויף פון זומער, אין ווינטער דערגרייכען א מאקסימום פארזוכען, וואָס זיינען געווענדט קעגען אייגענטום. באטראכטענדיג די קרומע ליניען, וואָס פּראָפעסאָר ע. פערי**), האָט אנגעצייכענט, און קוקענדיג גלייכצייטיג אויף די קרומע ליניען פון טעמפּעראטור און די קרומע ליניען, וואָס ווייזען אָן די צאָל פארזוכען אויף פערזאָנען, מוז מען דערשטוינט ווערען פון זייער עהנליכקייט: זיי זיינען אמאָל אזוי עהנליך, אז עס איז שווער אונטערצושיידען פון איינער ביז צו דער אנדערער. צום באדויערן פארנעמט מען זיך ניט מיט אזעלכע אויספארשונגען מיט יענער ענערגיע, וואס זיי פארדינען, און צוליב דעם זיינען נאָר ווייניג פון די קאָסמישע אורזאכען אנאליזירט געוואָרן אין פארבינדונג מיט זייער איינפלוס אויף מענשליכע האנדלונגען.

מען מוז אָבער צוגעבען, אז אזעלכע אויספאָרשונגען זיינען פארבונדען מיט א סך שוועריגקייטען, צוליב דעם, וואָס די מעהרסטע קאָסמישע אורזאכען איבען אויס זייער ווירקונג נאָר אינדירעקט; אזוי, צום ביישפּיל, ווען מיר זעהען, אז די צאָהל פארברעכען געגען רעכט איז דאָ העכער, דאָ נידריגער, אין איינקלאנג

---

*) זעה אויך Mayr, "Gesetzmassigkeit in Gesellschafts-leben," E. Ferri אין *Archivis di Psychiatria,* fasc. 2; "La téoria dell'imputabilita e la Negazione del libero Arbitrio," Bologna, 1881, און א סך אנדערע.

**) Das Verbrechen in Seiner Abhänsigkeit von Temperatur, Berlin, 1882; אויך Colojanni, "Oscillations térmometriques et délits contre les Personnes", אין *Bibl. d'Anthropologie Criminelle,* Lyon, 1886.

מיט דער גערעטעניש אויף תבואות אָדער וויינטרויבען, ווייזט זיך די ווירקונג פון קאָסמישע אַגענטען ארויס נאָר דורך אַ גאַנצער רייה איינפלוסען פון אַ סאָציאַלען כאַראַקטער. און דאָך וועט קיינער ניט אָפּלייקענען, אַז ביי אַ גוטען וועטער, אַ רייכער ערנטע און, פאָלגליך, אַ גוטער שטימונג פון די דאָרפס־איינוואוינער, זיינען די לעצטע ווענינגער גענויגט צו לעזען זייערע קליינע שטרייטען דורך געוואַלט, איידער בעת אַ שטורמיגען אָדער פינסטערען וועטער, ווען, חוץ אַלעמען, רופען נאָך די שלעכטע גערעטענישען אויך ארויס אַן אַלגעמיינע אומצופרידענהייט. איך רעכען, אַז פרויען, וואָס האָבען אַ שטענדיגע מעגליכקייט צו באָאָבאַכטען די גוטע און שלעכטע שטימונג ביי זייערע מענער, וואָלטען געקאָנט מיטטיילען אַ סך אינטערעסאַנטע דאַטען וועגען דעם איינפלוס פון וועטער אויפ'ן פאַמיליען גליק.

די אַזוי גערופענע „אַנטראָפּאָלאָגישע אורזאַכען", וועלכע מען האָט געשאָנקען זעהר פיל אויפמערקזאַמקייט אין די לעצטע יאָהרען, שפּילען נאָך אָהן צווייפעל אַ וויכטיגערע ראָל, איידער די קאָסמישע אורזאַכען. דער איינפלוס פון גע'ירש'ענטע אייגענשאַפטען אין דער קערפּערליכער אָרגאַניזאַציע אויף די נייגונג צו פאַרברעכען איז אין דער לעצטער צייט אילוסטרירט געוואָרן פון אַזוי פיל אינטערעסאַנטע אויספאָרשונגען, אַז מיר קאָנען פאַסען אַ פול־שטענדיג באַגרינדעטען אורטייל וועגען אָט דער קאַטעגאָריע אורזאַכען, וואָס ברענגען מענשען צו די טירען פון אונזערע געריכטען. געוויס, מיר קאָנען פולקאָם איינשטימען מיט יענע שלוסען, צו וועלכע עס איז געקומען איינער פון די אָנגעזעהענסטע פאָרשטעהער פון אָט דער שול, דר. לאָמבראָזאָ*), באַזונדערס אין איינער פון זיינע לעצטע אַרבייטען.**) ווען ער ווייזט אָן, אַז אַ סך באַוואוינער פון אונזערע געפענגניסען ליידען פון פעהלערען פון דער מאָרך אָרגאַניזאַציע, מוזען מיר אָט דעם פאַקט אַנערקענען. מיר זיינען אפילו גרייט אָנצונעמען, אויב דאָס איז ווירקליך באַוויזען, אַז די מעהרסטע פאַרברעכער און אַרעסטאַנטען האָבען לענגערע הענט, איידער מענשען, וואָס געפינען זיך אויף דער פריי. און ווידער, ווען לאָמבראָזאָ ווייזט אונז אָן, אַז די ברוטאַלסטע

*) L'Homo delinquente, 3 ed., Torino, 1884.
**) Sull incremento del delitto, Roma, 1879.

מאָרדען זיינען באַגאַנגען געוואָרען פון מענשען, וואָס האָבען גע־
ליטען פון ערנסטע דעפעקטען פון דער קערפּערליכער אָרגאַניזאַ־
ציע, קאָנען מיר נאָר זיך בויגען פאַר אָט דער באהויפּטונג און אָנ־
ערקענען איהר ריכטיגקייט. אָבער אַזעלכע באהויפּטונגען בלייַ־
בען נאָר אַן ערקלערונג פון דעם פאַקט, ניט מעהר. און דעריבער
קאָנען מיר ניט געהן נאָך הערן לאָמבראָזאָ, ווען ער ציהט צו
ברייטע שלוסען פון אָט די און עהנליכע פאַקטען, און ווען ער זאָגט
ארויס דעם געדאַנק, אַז די געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט אָנצונעמען
וועלכע זי וויל מיטלען געגען מענשען, וואָס ליידען פון אַזעלכע
פעהלערען פון דער קערפּערליכער אָרגאַניזאַציע. מיר קאָנען ניט
אָנערקענען דאָס רעכט פון דער געזעלשאַפט אויסצוראָטען אַלע
מענשען, וואָס האָבען אַ ניט פולקאָמע סטרוקטור פון מאַרך, און
נאָך וועניגער — אריינצוזעצען אין געפענגניס אַלעמען, ווער עס
האָט נאָר געהאַט דאָס אונגליק געבאָרן צו ווערן מיט צו לאַנגע
הענט. מיר קאָנען אַנערקענען, אַז די מעהרסטע שולדיגע אין די
ברוטאַליטעטען, וואָס דערצאָרענען פון צייט צו צייט די געזעל־
שאַפט, זיינען ניט ווייט אַוועק פון די אידיאָטען נאָכ'ן גראַד פון
זייער אַנטוויקלונג. אַזוי, צום ביישפּיל, קאָן דער קאָפּ פון אַ גע־
וויסען גרויזאַמען מערדער, פּרעי, אַ בילד פון וועלכען איז דורכ־
גענאַנגען די גאַנצע פּרעס אין 1886, זיך רעכענען פאַר אַ באַ־
שטעטיגענדען פאַקט. אָבער פונקט ווי נ י ט אַ ל ע אין אינדיען
נעמען זיך פאַר'ן מעסער אין אַ הייסען וועטער, אַזוי ווערן נ י ט
אַ ל ע ש ו ו אַ כ ז י נ י ג ע מענער און פרויען — מערדער. און
דער ביטערסטער קרימינאַליסט פון דער אַנטראָפּאָלאָגישער שול
וועט מוזען זיך אָפּזאָגען פון דעם געדאַנק אויסצוראָטען אַלע
אידיאָטען, אויב ער וועט זיך דערמאָנען, וויפיל פון זיי עס געפי־
נען זיך אויף דער פריי (איינינגע אונטער אויפזיכט, און אַ סך אפילו
נעזונטע מענשען אונטער זייער אויפזיכט); און דאָך איז דער גאַנ־
צער אונטערשיד צווישען אָט די אונגליקליכע און די, וואָס מען
האָט אָפּגעגעבען אין די הענט פון תליון, אייגענטליך נאָר אין אונ־
טערשיד פון אומשטענדען, אונטער וועלכע זיי זיינען געבאָרן גע־
וואָרן און זיינען אויסגעוואַקסען. געפינען מיר דען ניט אין אַ סך
פאַמיליען, וואָס זיינען אין אַנדערע הינזיכטען גאַנץ „רעספּעקטאַ־
בעלע", און אויך אין פּאַלאַצען, שוין ניט רעדענדיג וועגען אַנשטאַל־

טען פאַר משוגעים, מענשען, וואָס ליידען פון אַזעלכע פעהלערען פון מאַרך־אָרגאַניזאַציע, וועלכע דר. לאָמבראָזאָ האַלט פאַר כאַראַקטע־ריסטיש, ווי סימנים פון „פאַרברעכערישען משוגעת״? מאַרך־קראַנקהייטען קאָנען העלפען דער אַנטוויקלונג פון פאַרברעכע־רישע נייגונגען; אָבער ביי אַנדערע אומשטענדען קאָן אויך אַזאַ ווירקונג זיך ניט אַרויסווייזען. דער געזונטער פאַרשטאַנד און דאָס גוטע האַרץ פון טשאַרלז דיקענס האָבען איהם געהאָלפען צו פאַר־שטעהן גרינדליך אָט דעם איינפאַכען אמת און פאַרקערפערן איהם אין דער געשטאַלט פון מר. דיק.

קאָנען מיר, הייסט דאָס, ניט איינשטימען מיט אַלע שלוסען פון דר. לאָמבראָזאָ, און נאָך ווענינער — פון זיינע נאָכפאָלגער; אָבער מיר דאַרפען זיין דאַנקבאַר דעם איטאַליענישען שרייבער דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבען מיט דער מעדיצינישער זייט פון דער פראַגע און האָט פּאָפּולאַריזירט אַזעלכע נייע אידעען. איצט וועט יעדער מענש אָהן פאָראורטיילען קאָנען ציהען פון דר. לאָמבראָזאָ'ס פאַרשידענע און אונגעהויער אינטערעסאַנטע באָאָב־אַכטונגען דעם איינציגען שלוס, נעמליך, אַז די מעהרהייט פון די, וועמען מיר פאַראורטיילען ווי פאַרברעכער, זיינען מענשען, וואָס ליידען פון וועלכע עס איז קראַנקהייטען אָדער אונפּולקאָמקייטען פון אָרגאַניזם, און אַז דעריבער איז נויטיג זיי צו היילען, און ניט פ א ר ש ט א ר ק ע ן זייער קראַנקהאַפטיגען צושטאַנד דורך גע־פענגנים פאַרהאַפטונג.

מאָדסלי'ס אויספאָרשונגען וועגען דער פאַרבינדונג צווישען משוגעת און פאַרברעכען זיינען גוט באַקאַנט אין ענגלאַנד.*) ליי־ענענדיג אויפמערקזאַם זיינע אַרבייטען, מוז מען אַרויסטראָגען דעם איינדרוק, אַז די מעהרסטע באַוואוינער פון אונזערע געפענג־ניסען, וואָס זיינען פאַראורטיילט פאַר גוואַלדטאַטען, זיינען מענ־שען, וואָס ליידען פון וועלכע עס איז מאַרך־קראַנקהייטען. נאָך מעהר, דער „אידעאַלער משוגע'נער״, וואָס איז באַשאַפען געוואָרן אין דער פאָרשטעלונג פון די יוריסטען, וועלכען זיי זיינען גרייט צו דערקלערען ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיינע טאַטען, איז פונקט אַזאַ זעלטענהייט, ווי דער „אידעאַלער פאַרברעכער״ וועלכען דאָס

*) "Responsibility in Mental Disease," London, 1872; "Body and Will," London, 1883.

נעזעץ שטרעבט צו באַשטראָפען. עס איז אָהן צווייפעל פאַראַן, ווי מאָדסלי זאָגט, א „ברייטע צווישען־פּראָווינץ צווישען פאַרברעכען און משוגעת, און דערביי באַגעגענען מיר אויף איין גרענעץ א געוויסע אויסערונג פון משוגעת, אָבער נאָך מעהר — אַן אויסערונג פון פאַרברעכערישקייט, ריכטיגער וואָלט געווען צו זאָגען: פון א באוואוסטזיניגען פאַרלאַנג צו טאָן עפּעס שלעכטס; ביי דער אַנדער גרענעץ ווידער באַגעגענען מיר, פאַרקערט, א קלענערע אויסערונג פון פאַרברעכערישקייט און א גרעסערע — פון משוגעת". אָבער, גיט ער צו, „די גערעכטע באַשטימונג פון מאָראַלער פאַראַנטוואָרטליכקייט ביי די אונגליקליכע מענשען, וואָס באַוואוינען אָט דעם צווישען־פּאַס, וועט קיינמאָל ניט דערגרייכט ווערן, ביז מיר וועלען זיך ניט באַפרייען פון פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגען „זינד" און „בייזען ווילען". *)

*) מאָדסלי׳ס „רעספּאָנסיביליטי"; אויף זייט 27 זאָגט מאָדסלי: „כאָטש מען קאָן זיך באַציהען צום פאַרברעכער מיט מיטלייד, פונדעסטוועגען איז נויטיג אָפּצונעמען ביי איהם די מעגליכקייט צו טאָן ווייטער שלעכטס; די געזעלשאַפט האָט אַ פולשטענדיג רעכט צו באַשטעהן אויף דעם; און הגם מען קאָן זיך צו איהם באַציהען מיט רחמים, באַשטעהט דאָך די אמת׳ע גוטסקייט און באַזאָרגטקייט, ווי צו איהם אַליין, אַזוי אויך צו אַנדערע, אין — אונטערוואַרפען איהם צו אַזאַ דיסציפּלין, וואָס וועט קאָנען, אויב מעגליך, איהם ברענגען אין אַ געזונטען צושטאַנד, מעג דאָס זיין אַפילו קאַטאָרזשנע אַרבייט, אויב זי וועט זיין נאָך זיינע כחות". שוין ניט רעדענדיג גאָרנישט וועגען דעם „רעכט" פון דער געזעלשאַפט צו באַשטראָפען וועמען עס איז מיט קאַטאָרזשנער אַרבייט, — אין זועלכען רעכט גופא מען קאָן נאָך שטאַרק צווייפלען, ווייל מאָדסלי אַליין אַנערקענט, אַז די געזעלשאַפט „פאַבריצירט אַליין פאַרברעכער", — קאָנען מיר זיך נאָר וואונדערן, וואָס אַ מענש מיט אַזאַ קלאָרן פאַרשטאַנד האָט אָנגענומען, כאָטש אויף אַן אויגענבליק, אַז די געפענגניס פאַרהאַפטונג מיט קאַטאָרזשנער אַרבייט קאָן זיין דער בעסטער מיטעל צו ברענגען עמיצענס פאַרשטאַנד אין אַ געזונטען צושטאַנד. דאָ באַגעגענען מיר זיך מיט איינעם פון יענע ווידערשפּרוכען, מיט וועלכע עס איז פול דאָס ענגלישע לעבען און די ענגלישע ליטעראַטור, וואו אַ געניאַלער טאַלאַנט לעבט זייט ביי זייט מיט דעם שמאָלסטען פיליסטערטום.

צום באדויערן, זיינען נאָך ביז איצט אונזערע שטראָף־איינ־ריכטונגען נאָר א קאָמפּראָמיס צווישען די אַלטע אידעען פון נ ק מ ה, ב א ש ט ר אָ פ ע ן דעם „בייזען ווילען" און די „זינד" און די נייערע אידעען פון א י י נ ש ר ע ק ע ן, און דערביי ווערן ביידע אין אַ גאנץ אונבאדייטענדיגער מאָס מילדער גע־מאכט פון פילאנטראָפּישע טענדענצען. אָבער מיר האָפען, אז עס איז שוין ניט ווייט די צייט, ווען די נאָבעלע אָנזיכטען, וואָס האָבען באגייסטערט גריזינגער'ן, קראפט-עבינג'ען, דעפּינ'ען און איינינע מאָדערנע רוסישע, דייטשע און איטאַליעני־שע קרימינא־ליסטען, וועלען אריינדרינגען אין דאָס געזעלשאפטליכע באוואוסט־זיין; און מיר וועלען זיך דעמאָלט שעמען, דערמאָנענדיג, ווי לאַנג מיר האָבען אָפּגעגעבען מענשען, וועלכע מיר האָבען אָנגע־רופען „פארברעכער", אין די הענט פון תליונים און געפענגנים וועכטער. ווען די געוויסענהאפטיגע און גרינדליכע ארבייטען פון די אויבענדערמאָנטע שרייבער וואָלטען געווען מעהר באקאנט, וואָלטען מיר אַלע לאַנג פארשטאנען, אז די מעהרסטע מענשען, וועלכע מיר האלטען איצט אין געפענגניסען אָדער פאר'משפּט'ען צום טויט, נויטיגען זיך, אָנשטאָט א שטראָף, אין דער פאָרזיכ־טיגסטער, ברידערליכער באציהונג צו זיי. איך מיין ניט, נא־טירליך, פאָרצושלאָגען, מען זאָל פארבייטען די געפענגניסען אויף דול-הייזער; שוין דער געדאנק אליין וועגען דעם וואָלט מיך שרעקליך אויפגעבראכט. די דול־הייזער זיינען, אייגענטליך, די זעלבינע געפענגניסען; און די, וועלכע מיר האלטען אין געפענג-ניסען, זיינען גאָר ניט קיין משוגעים; זיי זיינען אפילו ניט אַלע־מאָל באוואוינער פון יענער גרענעץ פון דער „צווישען־פּראָווינץ", אויף וועלכער א מענש פארלירט דעם קאָנטראָל איבער זיינע האנדלונגען. איך בין פונקט אזוי ווייט פון דער אידעע, וואָס ווערט פּראָפּאגאנדירט פון איינינע, — אָפּצוגעבען די געפענג־ניסען אין רשות פון פּעדאגאָגען און מעדיצינער. די מעהרסטע מענשען, וואָס ווערן איצט געשיקט אין געפענגניסען, נויטיגען זיך נאָר אין ברידערליכער הילף מצד די, וואָס רינגלען זיי ארום; זיי נויטיגען זיך אין הילף צו אנטוויקלען די העכערע אינסטינק־טען פון דער מענשליכער נאטור, וועמעס וואוקס איז דערשטיקט אָדער אָפּגעשטעלט געוואָרן פון א קראנקהאפטיגען צושטאנד פון

דעם ארגאניזם (אנעמיע פון מארך, קראנקהייט פון הארץ, לעבער, מאגען, א. אז. וו.) אדער, נאך אפטער, — דורך די שענדליכע באדינגונגען, אונטער וועלכע עס וואקסען אויס הונדערטער טויזענטער קינדער און אונטער וועלכע עס לעבען מיליאנען דערוואקסענע אין די אזוי גערופענע צענטרען פון ציוויליזאציע. אבער אט די העכערע אייגענשאפטען פון דער מענשליכער נאטור קאנען זיך ניט אנטוויקלען און אויסאיבען, ווען דער מענש האט ניט קיין פרייהייט, און עס איז ביי איהם, צוליב דעם, אפגענומען געווארן די מעגליכקייט פריי צו קאנטראלירן זיינע האנדלונגען; ווען ער איז איזאלירט פון די פארשיידענע איינפלוסען פון דער מענשליכער געזעלשאפט. פרואווט אויפמערקזאם אנאליזירן וועלכע עס איז פארלעצונג פון דעם ניט געשריבענעם מאראלען געזעץ, און איהר וועט אלעמאל געפינען, ווי דער גוטער אלטער גריזינגער האט געזאגט, אז אט די פארלעצונג קאן מען דערקלערן מיט א פלוצלונגען אימפולס: „דאס, — זאגט ער, — איז א רעזולטאט פון איינפלוסען, וואס האבען אין פארלויף פון א סך יאהרן טיף געווירקט אויפ'ן מענשען" *) לאמיר נעמען פאר א ביישפיעל א מענשען, וואס איז באגאנגען א וועלכע עס איז גוואלדטאט. די בלינדע ריכטער פון אונזער צייט שיקען איהם אפ, אהן ווייטערן נאכדענקען, אין געפענגניס. אבער א מענש, וואס איז ניט פאר'סמ'ט געווארן פון א שטודיום פון רוימישער יוריספרודענץ, נאר שטרעבט פריהער צו אנאליזירן, איידער ער טראגט ארויס זיין אורטייל, וועט זאגען עפעס אנדערש. צוזאמען מיט גריזינגער'ן וועט ער באמערקען, אז אין דעם געגעבענעם פאל, אויב דער באשולדיגטער האט ניט געקאנט איינהאלטען זיינע געפיהלען און האט זיי געגעבען אן אויסוועג אין דער גוואלדטאט, געהערט די צוגרייטונג צו אט דעם אקט צו א פריהערדיגען פעריאד פון זיין לעבען. איידער ער איז אט דעם אקט באגאנגען, האט אפשר דער באשולדיגטער אין פארלויף פון זיין גאנצען פריהערדיגען לעבען שוין ארויסגעוויזען אן אוננארמאלע גייסטיגע טעטיגקייט דורך א רוישיגע אויסערונג פון ... געפיהלען, אנהויבענדיג מיט טומעלדיגע קרי־

*) Vierteljahrschrift für gerichtliche und öffentliche Medicin, 1867.

גערייען צוליעב די גישטיגסטע אורזאַכען אָדער באַליידיגענדיג, אונטער דעם אונוויכטיגסטען אויסרייד, מענשען, וואָס זיינען נאָהנט צו איהם; דערביי, האָט זיך, צום באַדוירען, ניט געפונען קיין איינער, וואָס וואָלט שוין אין זיין קינדהייט געפּרואווט געבען זיין נערוועז עמפינדליכקייט א בעסערע ריכטונג. די וואָרצלען פון די אורזאַכען פון דער גוואַלדטאַט, וואָס האָט געבראַכט דעם באַ־שולדיגטען אין געריכט, דאַרף מען אויף אזא אופן זוכען אין דער פארגאַנגענהייט, מיט א סך יאָהרען צוריק. און אויב מיר וועלען וועלען נאָך מעהר פארטיפען אונזער אַנאַליז, וועלען מיר אַנט־דעקען, אַז אזא קראַנקהאַפטיגער גייסטיגער צושטאַנד ביי דעם באשולדיגטען איז א רעזולטאַט פון א וועלכער עס איז פיזישער קראַנקהייט, א געבאָרענער אָדער וואָס האָט זיך אנטוויקעלט שפּעטער צוליעב די אוננאָרמאַלע לעבענס־באַדינגונגען, — א קראַנקהייט פון האַרץ, מאַרך, אָדער פאַרדייהונגס סיסטעם. אין פאַרלויף פון א סך יאָהרען האָבען אָט די אורזאַכען אויסגעאיבט א ווירקונג אויף דעם באַשולדיגטען און דער רעזולטאַט פון זייער געמיינשאַפטליכער טעטיגקייט איז ענדליך געווען די גוואַלדטאַט, מיט וועלכער דאָס נשמה'לאָזע געזעץ האָט צו טאָן.

נאָך מעהר, אויב מיר וועלען אַנאַליזירען זיך אליין, אויב מיר וועלען זיך אָפּען מודה זיין אין די געדאַנקען, וועלכע לויפען אַמאָל דורך אין אונזער מאַרך, וועלען מיר דערזעהן, אַז יעדערער פון אונז האָט אָנגאַבען פון דיזעלבינע געדאַנקען און געפיהלען (וועל־כע מען קאָן אַמאָל קוים באַפּען), וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין אורזאַכען פון די אַקטען, וועלכע ווערען באַטראַכט, ווי פאַרברע־כערישע. אמת, מיר האָבען באַלד געשטרעבט צו פאַרטרייבען אַזעלכע געדאַנקען; אָבער אויב עס וואָלט געווען פאַר זיי א גינ־סטיגער באָדען צו באַווייזען זיך ווידער און ווידער; אויב די אומשטענדען וואָלטען אין דעם געהאָלפען, א דאַנק דער אונטער־דריקונג פון די נאָבעלערע ליידענשאַפטען: ליעבע, מיטלייד און די אַלע געפיהלען, וואָס זיינען א רעזולטאַט פון א האַרציגער באַ־ציהונג צו די פריידען און ליידען פון די מענשען, צווישען וועלכע מיר וואוינען, — דעמאָלט וואָלטען אָט די פאַרביילויפיגע גע־דאַנקען, וואָס מיר באַמערקען קוים אונטער נאָרמאַלע באַדינגונ־

גען, געקאָנט אויסוואקסען אין עפּעס שטענדיגס און ווערן א קראנקהאפטיגער עלעמענט פון אונזער כאראקטער.

אָט דאָס דארפען מיר לערנען אונזערע קינדער פון דער פריה־סטער יוגענד, אָנשטאָט אָנשטאָפּען זייערע קעפּ, פון די פריהסטע טעג פון זייער יוגענד, מיט אידעען וועגען „גערעכטיגקייט", וואָס דריקט זיך אויס אין דער פאָרם פון נקמה, באשטראָפונג, געריכט. ווען מיר וואָלטען די קינדער אנדערש ערצויגען, וואָלט אונז ניט אויסגעקומען רויט צו ווערן פאר שאנד ביים געדאנק, אז מיר דינגען אָן מערדער אויף אויסצופיהרן אונזערע אורטיילען, און מיר צאָה־לען די געפענגנים וועכטער פאר אויספיהרן אזא דינסט, צו וועל־כער קיין געבילדעטער מענש וועט ניט וועלען צוגרייטען זיינע אייגענע קינדער. און אויב מיר אליין רעכענען אזא דינסט פאר א שענדליכע, איז וואָס פאר א רייד קאָן שוין זיין וועגען איהר כלומר'שט מאָראל־אויסבעסערענדיגען כאראקטער!

ניט געפענגניסען, נאָר ברידערליכע אָנשטרענגונגען כדי צו דערשטיקען די אנטי־געזעלשאפטליכע געפיהלען, וואָס אנטוויקלען זיך אין איניגע פון אונז, — דאָס זיינען די איינציגע מיטלען, וואָס מיר האָבען א רעכט אָנצואווענדען און קאָנען אָנווענדען מיט א געוויסען ערפאָלג צו די, אין וועמען אָט די געפיהלען האָ־בען זיך אנטוויקעלט צוליעב קערפּערליכע קראנקהייטען אָדער געזעלשאפטליכע איינפלוסען. און מען דארף ניט מיינען, אז אזא באציהונג צום פארברעכער איז אן אוטאָפּיע. מיינען, אז שטראָף קאָן אָפּשטעלען דעם וואוקס פון אַנטי-געזעלשאפטליכע נייגונגען, דאָס איז אן אוטאָפּיע, און דערצו נאָך א געמיינע אוּ־טאָפּיע, וואָס איז ארויסגעוואקסען פון א טיף־עגאָאיסטישען גע־פיהל: „לאָזט מיך צורוה, און זאָל אלץ אויף דער וועלט געהן ווי ביזאהער".

א סך פון די אנטי־געזעלשאפטליכע געפיהלען, — זאָגט דר. בריום טאָמפּסאָן,*) און צוזאמען מיט איהם א סך אנדערע, — האָבען מיר גע'ירש'ענט, און די פאקטען באשטעטיגען פולשטענ־דיג אזא אנשויאונג. — אָבער וואָס קאָן גע'ירשנ'ט ווערן? דער כלומרשט'דיגער גוז פון פארברעכערישקייט"? אָדער עפּעס

*) „דזשורנאל אָוו מענטאל סייענס", יאַנואַר, 1870, זייט 488.

אַנ'אַנדער זאַך? — מען נעמט איבער בירושה: אַ ניט נעני־
גענדיגען זעלבסט־קאָנטראָל, אַן אָפּוועזענהייט פון פעסטען ווילען,
אַ פארלאַנג צו ריזיקירן, אַ דורשט נאָך אויפרעגונג, *) אַן אונ־
געהויערן עהרגייץ. עהרנייץ, צום ביישפּיעל, ווען דאָס איז פאַר־
בונדען מיט אַ שטרעבען צו געפעהרליכע טאַטען און צו אויפ־
רעגונג, איז איינער פון די כאַראַקטעריסטישסטע שטריכען ביי
די מענשען, וואָס באַוואוינען די געפענגניסען. אָבער מיר ווייסען,
אַז עהרגייץ געפינט אַ סך געביטען, אויף וועלכע זיך ארויסצוואַ־
ווייזען. ער קאָן שאַפען אַ מאַניאַק, ווי נאַפּאָלעאָן דער ערשטער
אָדער אַ טראַפּמאַן; ער קאָן אָבער אויך באַגייסטערן, אונטער אַנ־
דערע באַדינגונגען, — באַזונדערס ווען ער ווערט אויפגערעגט
און באַהערשט פון געזונטען פאַרשטאַנד, — די מענשען, וואָס
גראָבען דורך טונעלען און שניידען דורך לאַנדפּאַסען, וואָס
פאָרשען אויס ארקטישע ימים אָדער גיבען אָפּ זייער גאַנצע ענער־
גיע אויף דורכפיהרן אין לעבען אַ וועלכען עס איז גרויסען פּלאַן,
וואָס זיי האַלטען פאַר אַ טובה פאַר דער מענשהייט. אויסערדעם
קאָן די אַנטוויקלונג פון עהרגייץ אָפּגעשטעלט ווערן אָדער אינ־
גאַנצען פּאַראַליזירט ווערן פון אַ פּאַראַלעלער אַנטוויקלונג פון
פאַרשטאַנד. דאָסזעלבינע באַציהט זיך אויך אויף אַנדערע פע־
היגקייטען, וואָס זיינען דאָ אָנגערופען געוואָרן. אויב אַ מענש
האָט איבערגענומען בירושה אַן אָפּוועזענהייט פון פעסטען ווילען,
ווייסען מיר אויך, אַז אָט דער כאַראַקטער־שטריך קאָן פיהרן צו
די פאַרשידענאַרטיגסטע פאָלגען, אין איינקלאַנג מיט די לעבענס־
באַדינגונגען. ליידען דען וועניג פון אונזערע באַליעבטסטע באַ־

*) די וויכטיגקייט פון אָט דעם פאַקטאָר, אויף וועלכען עס האָט
שוין אָנגעוויזען עד. דיו־קען, ווערט באַוויזען שוין מיט דעם, וואָס דער
אַזוי־גערופענער „פאַרברעכערישער עלטער" איז דער עלטער צווישען 25
און 34 יאָהר. נאָך אָט דעם עלטער ווערט די צאָהל פאַרברעכען אונגע־
הויער פאַרקלענערט פון אַ שטרעבען צו אַ רוהיגען לעבען. דער פאַרשלאַג
פון דיו־קען („מענשען, וועמעס קאַריערע זאָגט עדות וועגען פאַרברע־
כערישע נייגונגען, דאַרפען פאַרשפּאַרט ווערן אָדער אָפּגעגעבען ווערן
אונטער אויפזיכט, ביז זיי וועלען ניט דערגרייכען אונגעפעהר אַ פערציג־
יאָהריגען עלטער") איז אַ טיפּישער מוסטער פון יענער באַזונדערער
לאָגיק, וועלכע אַנטוויקעלט זיך ביי מענשען, וואָס זיינען אַ געוויסע צייט
געוועזען דירעקטאָרען פון געפענגניסען.

קאַנטע גראַד פון אַט דעם פעהלער? און איז ער דען אַ גענוי־ גענדע אורזאַך, אַז מען זאָל זיי פאַרשפאַרן אין געפענגנים?

די מענשהייט האָט זעלטען געפּרואווט באַהאַנדלען די פאַר־ שולדיגטע מענשען, ווי מענשליכע וועזענס; אָבער יעדעס מאָל, ווען זי האָט דאָס פּרובירט טאָן, איז זי גוט באַלוינט געוואָרן פאַר איהר דרייסטקייט. אין קלערוואָ האָט מיך אַמאָל ערשטוינט די גוטסקייט, מיט וועלכער איינינע דיענער אין שפּיטאָל האָבען זיך באַצויגען צו די קראַנקע אַרעסטאַנטען. און דאָקטאָר קעמפּ־ בעל, וואָס האָט געהאַט אַ סך אַ ברייטערען פעלד פאַר באָאַבאַכ־ טונגען אויף אַט דעם געביט, ווייל ער איז אָפּגעווען דרייסיג יאָהר אַ געפענגנים אַרצט, זאָגט דאָס פאָלגענדיגע: „באַהאַנד־ לענדיג די קראַנקע אַרעסטאַנטען מיט צערטליכקייט, — ווי אַ שטייגער מיט דאַמען, וואָס געהערען צו דער העכערער גענזעל־ שאַפט, (איך ציטיר זיינע ווערטער בוכשטעבליך), האָב איך באַ־ קומען דעם רעזולטאַט, אַז אין שפּיטאָל האָט געהערשט די גרעס־ טע אָרדנונג". קעמפּבעל איז געווען ערשטוינט „פון דעם העכסט־ לויבענסווערטען כאַראַקטער־שטריך ביי די אַרעסטאַנטען, וואָס באַמערקט זיך אפילו ביי די גרעסטע פאַרברעכער, — נעמליך, די אויפמערקזאַמקייט, מיט וועלכער זיי באַציהען זיך צו קראַנקע". „די איינגעוואָרצעלטסטע פאַרברעכער, — זאָגט קעמפּבעל, — האָבען אָט דאָס געפיהל". און ער לעגט צו ווייטער: „כאָטש אַ סך פון אָט די מענשען רעכענען זיך, צוליעב זייער פריהער־ דיגען אונזיניגען לעבען און פאַרברעכערישע געוואוינהייטען, פאַר איינגעוואָרצעלטע און מאָראַליש אָפּגעטעמפּטע, פונדעסטוועגען באַזיצען זיי אַ זעהר שאַרפען באַוואוסטזיין פון רעכט און אומ־ רעכט". אַלע עהרליכע מענשען, וועמען עס איז אויסגעקומען צו האָבען אַ באַריהרונג מיט די אַרעסטאַנטען, קאָנען נאָר באַשטע־ טיגען די ווערטער פון דר. קעמפּבעל.

אין וואָס זשע ליגט דער סעקרעט פון אָט דעם כאַראַקטער־ שטריך פון די אַרעסטאַנטען, וואָס דאַרף באַזונדערס ערשטוינען מענשען, וועלכע זיינען געוואוינט צו רעכענען די אַרעסטאַנטען פאַר באַשעפעניסען, וואָס זיינען ניט ווייט אַוועק פון ווילדע חיות? די דינער אין די געפענגנים שפּי־ טאָלען האָבען אַ מעגליכקייט אַרויסצוזאַ־

וויי זען די גוטע געפיהלען, וואָס מענ־שען האָבען, און זיי ווייזען זיי אַרויס. זיי האָבען אַ מעגליכקייט אַרויסצואווייזען דאָס מיטליידס געפיהל, און דער דאָזיגער געפיהל האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין זייערע האַנדלונ־גען. אויסער דעם, האָבען זיי אין שפּיטאָל געהאַט מעהר פרייהייט, איידער די אַנדערע אַרעסטאַנטען, און די פון זיי, וועגען וועלכע דר. קעמפּבעל רעדט, זיינען נאָך דערצו געווען אונטער דער דירעק־טער מאָראַלער ווירקונג פון דעם דאָקטאָר, — דאָס הייסט, פון אַזאַ גוטען און קלוגען מענשען, ווי קעמפּבעל, און ניט פון אַ וועלכען עס איז גראָבען דעמיסירטען אונטעראָפּיציר.

קורץ גערעדט, די אַנטראָפּאָלאָגישע אורזאַכען, דאָס הייסט, די חסרונות פון אָרגאַניזאַציע, זיינען איינע פון די הויפּט־אור־זאַכען, וואָס שטויסען מענשען אין געפענגנים; אָבער אייגענטליך קאָן מען זיי ניט אָנרופען „אורזאַכען פון פאַרברעכערישקייט". דיזעלביגע אַנטראָפּאָלאָגישע חסרונות באַגעגענען מיר ביי מיליאָ־נען מענשען, וואָס געהערען צום מאָדערנעם פּסיכאָפּאַטישען דור; אָבער זיי פיהרען צו אַנטי־געזעלשאַפטליכע האַנדלונגען נאָר ביי געוויסע גינסטיגע אומשטענדען. וואָס אַנבאַטרעפט די געפענג־ניסען, היילען זיי ניט אויס אָט די פּאַטאָלאָגישע חסרונות: זיי פאַרשטאַרקען זיי נאָר; און ווען אַ מענש קומט אַרויס פון גע־פענגנים, האָבענדיג אויסגעפּרואווט אויף זיך, אין פאַרלויף פון עטליכע יאָהר, איהר פאַרדאַרבענדיגען איינפלוס, איז ער אַ סך ווייניגער פּאַסיג צום לעבען אין דער געזעלשאַפט, איידער ער איז געווען פאַר זיין פאַרהאַפטונג. אויב די געזעלשאַפט וויל פאַר־מיידען נייע אַנטי־געזעלשאַפטליכע האַנדלונגען פון זיין זייט, איז דאָס מעגליך צו דערגרייכען נאָר איבערמאַכענדיג דאָס, וואָס די געפענגנים האָט אויפגעטאָן, דאָס הייסט, אויסגלעטענדיג די אַלע שטריכען, וועלכע די געפענגנים קריצט אויס אין יעדערן, וואָס האָט געהאַט דאָס אונגליק אַריינצופאַלען אין איהרע ווענט. איי־ניגע מענשענפריינד געלינגט דאָס צו דערגרייכען אין באַזונדערע פאַלען, אָבער מעהרסטענטיילס ברענגען אָנשטרענגונגען קיין שום פּעולה ניט.

מען מוז דאָ זאָגען נאָך עטליכע ווערטער וועגען יענע אונ־גליקליכע, וועמען די קרימינאַליסטען באַטראַכטען, ווי געבאָרענע

מערדער, און וועמען מען שיקט צו דער תליה אין א סך לענדער,
וואָס האַלטען זיך ביי דער אַלטער ביבלישער מאָראַל: „א צאָן
פאר א צאָן". פאר די ענגלענדער קען דאָס אויסווייזען זונדער־
באַר, אָבער איבער גאַנץ סיביר, — וואו עס איז פאראַן א ברייט
פעלד פאר באָאבאַכטונגען איבער פארשידענע קאַטעגאָריעס פאר־
שיקטע, — ווערען די מערדער צוגערעכענט צום בעסטען קלאַס
פון דער געפענגנים באַפעלקערונג. מיך האָט זעהר געפרעהט,
וואָס דאָס איז אויך באמערקט געוואָרען פון מייקעל דייוויט, וועל־
כער האָט מיט אזא דורכדרינגליכקייט אַנאַליזירט „פארברעכע־
רישקייט" און איהרע אורזאַכען אין אויסגעצייכענטע סקיצען פון
געפענגנים לעבען.*) אַלע אין רוסלאַנד ווייסען, אז דאָס רוסישע
געזעץ אַנערקענט ניט טויט־שטראָף שוין מעהר ווי א יאָהרהונ־
דערט; ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין דער צייט פון אלעק-
סאנדער דעם צווייטען און דעם דריטען זיינען פּאָליטישע אין
רוסלאַנד געשיקט געוואָרען מאַססענווייז צו דער תליה, ווערט
טויט־שטראָף אין רוסלאַנד ניט אָנגעווענדט אויף קרימינעלע פאר־
ברעכער, אויסער אין זעלטענע פאַלען פון קריעגסגעריכטען.
טויט־שטראָף איז אָפּגעשאַפט געוואָרען אין 1753, און פון יענער
צייט אָן ווערן מערדער פאר'משפט נאָר צו קאַטאָרזשנער אר־
בייט, אויף טערמינען פון 8 ביז 20 יאָהר (פאַטערמערדער און
מוטערמערדער אויף א גאַנץ לעבען), און נאָך דעם טערמין ווע־
רען זיי פארשיקטע־קאָלאָניסטען און בלייבען אין סיביר זייער
גאַנץ לעבען. צוליעב דעם איז מזרח סיביר פול מיט באפרייטע
מערדער; און ניט קוקענדיג אויף דעם, וועט קוים זיך געפינען
א וואָסער עס איז אַנדער לאַנד, אין וועלכען מען קאָן לעבען און
ארומפאָהרען מיט מעהר זיכערקייט. אין פארלויף פון מיינע לאַנ-

---

*) ער זאָגט: „מאָרדען זיינען אַמאָל פאַרבונדען מיט רויבערייען,
— דאָס קאָן מען ניט לייקענען; אָבער כמעט אַלעמאָל זיינען זיי אַ
צופעליגקייט ביי דער רויבעריי און זעלטען ווען זיי ווערען געפּלאַנט.
דאָס שרעקליכסטע פון אַלע פאַרברעכען, — אַ פאָראויס געפּלאַנטער מאָרד,—
איז געוועהנליך אַ רעזולטאַט פון נקמה אָדער אייפערזוכט, אָדער אַ רע־
זולטאַט פון פּאָליטישער אָדער סאָציאַלער אונגערעכטיגקייט, און מען
קאָן איהם גיכער צושרייבען צו אַ פּערווערזירונג פון די נאָבעלסטע זייטען
פון דער מענשליכער נאַטור, איידער צו לעבענס לײדענשאַפטען און
אַפּעטיטען". („ליווז פראָם ע פּריזאָן דייערי", באַנד 1, זייט 17).

גע רייזען איבער סיביר האָב איך קיינמאָל מיט זיך ניט גענומען קיין געווער; דאָסזעלביגע קאָן איך זאָגען וועגען אַלע מיינע פריינד; יעדערן פון זיי איז אויסגעקומען, ארום און ארום, דורכ־צופאָהרן יעדעס יאָהר פון צעהן טויזענט ביז פופצעהן טויזענט וויאָרסט, איבער די ווילדסטע, אונבאפעלקערטסטע געגענטען. דערצו, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן אין איינעם פון די פרי־הערדיגע קאפיטלען, איז די צאָהל מאָרדען, וואָס ווערן באגאנגען אין סיביר פון באפרייטע מערדער און אונצעהליגע וואגאבונדען, אין אַלגעמיין זעהר אונבאדייטענד; בעת די שטענדיגע רויבע־רייען און מאָרדען, אויף וועלכע די סיביריאקעס באקלאָגען זיך, ווערן געוועהנליך באגאנגען אין טאָמסק און בכלל אויף דעם שטח פון מערב סיביר, וואוהין עס ווערן פארשיקט די וועניגער וויכ־טיגע פארברעכער, ניט די מערדער. אין די ערשטע צייטען פון נייגצעהנטען יאָהרהונדערט פלעגט מען די באפרייטע מערדער, מיט שפורען פון קאטאָרזשנע צייכענס, ניט זעלטען באגעגענען אין סיביר, אין די הייזער פון באַאמטע, ווי קוטשערס און אפילו אמען, און דערביי פלעגען אָט די אמען זיך באציהען צו די אָנ־פארטרויטע קינדער מיט דער העכסט מוטערליכער זאָרג. די, וואָס וואָלטען געמיינט, אז אפשר צייכנען זיך די רוסען אויס מיט א ווייכערען כאראקטער, אין פארגלייך מיט די מערב־אייראָ־פעער, קאָן איך ענטפערן מיט אָנווייזען אויף סצענען פון גרויזאמקייטען, וואָס קומען פאָר, בעת מען שטילט איין רוסישע פויערשע בונטען. איך וועל נאָר צוגעבען, אז די אָפּוועזענהייט פון הינריכטונגען און עקזעקוציען פון הינריכטונגען און עקזעלהאפטע געשפרעכען וועגען די איינ־צעלהייטען פון אָט די הינריכטונגען, — געשפרעכען, וועלכע די ארעסטאנטען אין די ענגלישע געפענגניסען האָבען זעהר ליעב צו פיהרן, — האָט מיטגעווירקט דערצו, אז אין די רוסישע ארעס־טאנטען זאָל זיך ניט אנטוויקלען קיין קאַלטע פאראכטונג צום מענשליכען לעבען.

די שענדליכע פראקטיק פון לעגאַלע מאָרדען, וואָס ווערט ביז איצט אָנגעפיהרט אין מערב אייראָפּא, די שענדליכע פראק־טיק פון אָנדינגען פאר א גיני (צעהן רובעל) א תליון,*) אויס־

*) Du Cane. "Punishment and Prevention of Crime," p. 23.

צופיהרן אן אורטייל, — וואָס דער ריכטער אליין האָט ניט דעם מוט צו טאָן, — אָט די שענדליכע פּראקטיק און די טיפע נשמה פארדאַרבונג, וואָס זי טראָגט אַריין אין דער געזעלשאַפט, האָבען ניט קיין בארעכטיגונג אפילו אין דער טענה, אז מיט דעם ווערען כלומר'שט פארהינדערט מאָרדען. די אָפּשאַפונג פון טויט־שטראָף האָט אין ערגעץ ניט פאַראורזאַכט קיין פארקלענערונג פון דער צאָהל מאָרדען. אויב מען הינריכטעט מענשען ביז איצט, איז דאָס איינפאַך אַ רעזולטאַט פון אַ שענדליכער מורא, וואָס ווערט פארבונדען מיט עראינערונגען וועגען דער נידריגערער שטופע פון ציוויליזאַציע, ווען דער פּרינציפּ „אַ צאָהן פאר א צאָהן" איז געפּרעדיגט געוואָרן פון רעליגיע.

אָבער אויב קאָסמישע אורזאַכען איבען אויס, — דירעקט אָדער אינדירעקט, — אַזאַ מעכטיגען איינפלוס אויף די יעהר־ליכע צאָהל פון אַנטי-געזעלשאַפטליכע אַקטען; אויב די פיזיאָ־לאָגישע אורזאַכען, וואָס האָבען זייערע וואָרצלען אין די געהיימ־ניסען פון דעם קערפּערליכען בוי, זיינען אויך אַ מעכטיגער פאַק־טאָר, וואָס פיהרט צו רעכט־פארלעצונגען, — וואָס זשע ווערט בלייבען פון די טעאָריען פון די באַשאַפער פון קרימינעלען רעכט, אויב מיר ווילען צו די אויבען־אָנגעוויזענע אורזאַכען פון די ער־שיינונגען, וואָס ווערן גערופען פארברעכען, נאָך צוגעבען סאָציאַ־לע אורזאַכען?

אין אַלטערטום איז געוועזן אַ מנהג, לויט וועלכען יעדע קאָ־מונע (קלאַן, מאַרק, געמיינדע, עדה) האָט זיך גערעכענט, ווי אַ גאַנצע קערפּערשאַפט, פאַראַנטוואָרטליך פאַר יעדען אַנטי-געזעל־שאַפטליכען אַקט, וואָס ווער עס איז פון איהרע מיטגלידער איז באַגאַנגען. אָט דער אַלטער מנהג איז איצט פארשוואונדען, ווי אַ סך גוטע איבערבלייבענישען פון דער אַלער געמיינדע אָרדנונג. אָבער מיר קערן זיך ווידער אום צו איהם, און איבערלעבענדיג אַ פּעריאָד פון מיט קיין זאַך ניט געצוימטען אינדיווידואַליזם, נעמען מיר ווידער פיהלען, אַז די גאַנצע געזעלשאַפט איז אין אַ באַדייַ־טענדער מאָס פאַראַנטוואָרטליך פאר די אַנטי־געזעלשאַפטליכע אַקטען, וואָס זיינען צווישען איהר באַגאַנגען געוואָרן. אויב עס פאַלען אויף אונז די שטראַלען פון דעם רוהם פון די זשעניען פון

אונזער צייט, זיינען מיר אויך ניט פריי פון די פלעקען פון שאנד פאַר די מעשים פון אונזערע מערדער.

פון יאָהר צו יאָהר וואקסען אויס הונדערטער טויזענטער קינדער אין דעם שמוץ, — מאַטעריעלער און מאָראַלער, — פון אונזערע גרויסע שטעט; זיי וואקסען פאַרוואָרפענע, צווישען אַ באַפעלקערונג, וואָס איז דעמאָראַליזירט פון דעם ניט שטאַנדהאַפטיגען לעבען, פון דער אונזיכערהייט אין מאָרגענדיגען טאָג און פון אַזאַ אָרימקייט, וועגען וועלכער די פריהערדיגע צייטען האָבען גאָר קיין פאָרשטעלונג ניט געהאַט. איבערגעלאָזען צו זיך אליין און צו די ערגסטע איינפלוסען פון גאַס, כמעט אָהן קיין שום אויפזיכט מצד די עלטערן, וואָס זיינען דערדריקט פון דעם שרעקליכען קאַמף פאַר עקזיסטענץ, — זיינען פאַר אָט די קינדער פרעמד אפילו פאָרשטעלונגען וועגען אַ גליקליכער פאַמיליע; דערפאַר אָבער זויגען זיי איין אין זיך, פון דער פריהסטער יוגענט אָן, די זינד פון די גרויסע שטעט. זיי טרעטען אריין אין לעבען, ניט וויסענדיג אפילו פון קיין מלאכה, וואָס וואָלט זיי געקאָנט דערנעהרן. דער זוהן פון ווילדען לערענט ביים פאָטער די קונסט פון יאַגד; זיין שוועסטער ווערט פון דער יוגענט אָן געלערענט צו פיהרן אַ ניט קאָמפּליצירטע ווירטשאַפט. אָבער די קינדער, וועמעס פאָטער און מוטער מוזען פון אין דער פריה אָן פארלאָזען זייערע שמוציגע נאָרעס צו זוכען וועלכע עס איז ארבייט, זיך ווי עס איז דורכצושלאָגען אין פארלויף פון דער וואָך, — אַזעלכע קינדער טרעטען אריין אין לעבען וועניגער צוגעגרייטע, איידער די קינדער פון די ווילדע. זיי קענען ניט קיין מלאָכה; די שמוציגע גאַס פארבייט זיי אַ הויז; די לעהרע, וואָס זיי באקומען אין די גאַסען, איז באַקאַנט צו די, וואָס האָבען באַזוכט די ערטער, וואו עס געפינען זיך די שענקען פון די אָרימע און די פרעהליכע פאַרוויילונגס־פּלעצער פון די פארמעגליכערע קלאַסען.

אויסברעכען אין צאָרנדיגע רעדען וועגען דער נייגונג צו שכרות ביי אָט דעם קלאַס פון דער באַפעלקערונג, — עס איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי דאָס. אָבער ווען די הערען באַשולדיגער וואָלטען אליין אויסגעוואַקסען אונטער דיזעלביגע באַדינגונגען, ווי די קינדער פון דעם אַרבייטער, וועמען עס קומט אויס יעדען מאָרגען צו באַנוצען די פויסטען, כדי צו פאַרנעמען אַן אָרט ביי די טויערן

פון די לאָנדאָנער דאָקס, — צי וואָלטען א סך פון זיי זיך אָפּגע־האַלטען פון באַזוכען די אויסגעפּאַרבטע שענקען, אָט די איינציגע „פּאַלאַצען", מיט וועלכע די רייכע האָבען באַלוינט די אמת'ע פּראָ־דוצירער פון אַלע עשירות.

קוקענדיג אויף אָט די אונטערוואַקסענדיגע באַפעלקערונג פון אַלע אונזערע גרויסע מאַנופאַקטור צענטרען, הערן מיר אויף צו וואונדערן זיך, וואָס אונזערע גרויסע שטעט זיינען די הויפּט צו־שטעלער פון דעם מענשען־מאַטעריאַל פאַר די געפענגניסען. פאַר־קערט, איך האָב זיך אַלע מאָל געוואונדערט, וואָס אַזאַ פאַרהעלט־ניסמעסיג אונבאַדייטענדע צאָהל פון אָט די גאַסען קינדער ווערן גנבים און רויבער. איך האָב קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו וואונ־דערען זיך, ווי טיף עס זיינען איינגעוואָרצעלט די סאָציאַלע געפיה־לען אין מענשען פון נייןצעהנטען יאָהרהונדערט, וויפיל גוטהער־ציגקייט עס איז פאַראַן אין די באַוואוינער פון אָט די שמוציגע גאַסען; נאָר מיט דעם קאָן מען ערקלערן, וואָס אַזוי ווייניג פון די אויסגעוואַקסענע אין פולשטענדיגער פאַרוואָרפענקייט ערקלערן אַן אָפענע מלחמה אונזערע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען. גאָר ניט דער „איינשרעקענדיגער איינפלוס פון די געפענגניסען", נאָר אָט די גוטע געפיהלען, אָט דער עקעל צו גוואַלדטאַטען, אָט די געהאָרכ־זאַמקייט, צוליב וועלכער די אָרימע לייט מאַכען שלום מיט'ן בי־טערען מזל, ניט אויפברענגענדיג אין זייערע הערצער קיין טיפען האַס, — נאָר זיי, אָט די געפיהלען, זיינען יענער צאַם, וואָס לאָזט די אָרימע לייט ניט טרעטען אָפען אַלע געזעלשאַפטליכע צאַמען. ווען ניט אָט די גוטע געפיהלען, וואָלט שוין לאַנג קיין שטיין אויף א שטיין ניט געבליבען פון אונזערע מאָדערנע פּאַלאַצען.

און פון דער אַנדערער זייט, אויפ'ן אַנדערען עק פון דעם גע־זעלשאַפטליכען לייטער, ווערט געלט, — אָט די פאַרזאַכליכטע מענשליכע אַרבייט, — פאַרשווענדט מיט אַן אונערהערטער לייכט־זיניגקייט, אָפטמאָל נאָר כדי צו באַפרידיגען דעם נאַרישען עהרגייץ. ווען ביי זקנים און דער אַרבייטענדער יוגענט איז אָפטמאָל ניטאָ קיין ברויט, און זיי געהען אויס פון הונגער ביי די טירען פון רייכע געשעפטען־פּאַלאַצען, — פאַרשווענדען אין דיזעלביגע געשעפטען די רייכע מאַסען געלד אויף איינקויפען אונגוצליכע לוקסוס־זאַכען.

ווען אַלץ, וואָס רינגעלט אונז אַרום, — געשעפטען און מענ־
שען, וואָס מיר באַגעגענען אויף די גאַסען, די ליטעראַטור פון דער
לעצטער צייט, די פאַרגעטערונג פון געלט, וואָס עס קומט אויס צו
באַאָבאַכטען יעדען טאָג, — ווען אַט דאָס אַלץ אַנטוויקעלט אין
מענשען אַן אונשטילבאַרע דורשט צו ערוואַרבען גרענעצלאָזע רייכ־
טימער, א ליבע צו שרייענדיגען לוקסוס, א טענדענץ צו וואַרפען
נאַריש געלט פאַר יעדען אָפּענעם אָדער באַהאַלטענעם צוועק; ווען
אין אונזערע שטעט זיינען פאַראַן גאַנצע קוואַרטאַלען, אין וועלכע
יעדעס הויז דערמאָנט אונז, ווי א מענש קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין
א חיה, ניט קוקענדיג אויף די אויסערליכע אורזאַכען, מיט וועלכע
ער זוכט צו פאַרדעקען די חיה'שאַפט; ווען פאַר א דעוויז פון אונזער
ציוויליזירטער וועלט קאָן מען אַוועקשטעלען די ווערטער: „באַריי־
כערט אייך! צושטערט אַלץ, וואָס איהר באַגעגענט אויף אייער
וועג, אָנווענדענדיג אַלע מיטלען, אויסער סאַידען די, וועלכע קאָנען
אייך ברענגען אין געריכט!" — ווען מען לערענט יעדען טאָג אויף
טויזענטער אופנים אַלעמען, מיט ווייניג אויסנאַמען, פון דעם ערד־
באַזיצער ביז צום בעל מלאכה, אַז דער אידעאַל פון לעבען איז אַזוי
איינצואָרדנען אייערע געשעפטען, אַז אַנדערע זאָלען אַרבייטען פאַר
אייך; ווען קערפּערליכע אַרבייט ווערט אַזוי פאַראַכט, אַז מענשען,
וואָס ריזיקירען קראַנק צו ווערן פון א ניט גענוגענדיגער קער־
פּערליכער איבונג, ציהען פאָר גימנאַסטיק, נאָכמאַכענדיג די באַ־
וועגונגען פון דעם האָלץ־זעגער אָדער האָלצהאַקער, אַנשטאָט צו
פאַרנעמען זיך באמת מיט זעגען האָלץ אָדער גראָבען ערד; ווען פון
אַרבייט פאַרגרעבטע און פאַרשוואַרצטע הענט ווערן גערעכענט ווי
עפּעס ערנידעריגענדיגס, און האָבען זיידענע קליידער און קאָנען
שטרענג האַלטען די באַדינער ווערט פאַררעכענט פאַר א סימן פון
„גוטען טאָן"; ווען די ליטעראַטור איז איין הימן צו רייכקייט און
באַציהט זיך מיט פאַראַכטונג צו די „אונפּראַקטישע אידעאַליסטען",
— היינט צו וואָס נאָר רעדען וועגען „איינגעבאָרענער פאַרברעכע־
רישקייט?" אַט די גאַנצע מאַסע פאַקטאָרען פון אונזער לעבען
ווירקט אין איין ריכטונג: זי גרייט צו מענשען, וואָס זיינען ניט
פעהיג צו אַן עהרליכער עקזיסטענץ און וואָס זיינען דורך און דורך
אַנגעזאַפּט מיט אַנטי־געזעלשאַפטליכע געפיהלען!

אויב אונזער געזעלשאַפט וועט אַזוי אָרגאַניזירט ווערן, אַז

פאר יעדען וועט זיין א מעגליכקייט שטענדיג צו ארבייטען פאר אלגעמיין ניצליכע צוועקען, — און דעמאָלט וועט מען, נאטירליך, מוזען אינגאנצען ענדערן די איצטיגע באציהונגען צווישען קאפּיטאל און ארבייט; אויב מיר וועלען געבען יעדען קינד א געזונטע ערציהונג, לערנענדיג איהם ניט נאָר וויסענשאפטען, נאָר אויך פיזישע ארבייט, געבענדיג איהם א מעגליכקייט אין פארלויף פון די ערשטע צוואנציג יאָהר פון זיין לעבען אויסצולערנען זיך א נוצליכע מלאכה און באקומען די געוואָהנהייט צו אן עהרליכען ארבייטסזאמען לעבען, — וועלען מיר מעהר ניט דארפען ניט קיין געפענגניסען, ניט קיין ריכטער, ניט קיין תליונים. דער מענש איז א רעזולטאט פון די אומשטענדען און באדינגונגען, אין וועלכע ער איז אויפגעוואקסען. גיט איהם א מעגליכקייט אויסצוואוואקסען א צוגעוואָהנטער צו ניצליכער ארבייט; ערציהט איהם אזוי, אז ער זאָל פון דער פריהער יוגענט קוקען אויף דער מענשהייט, ווי אויף איין גרויסער משפחה, וואָס מען קאָן צו קיין איין מיטגליד איהרען ניט טאָן קיין שאָדען, אז דאָס זאָל ניט פיהלען א ברייטער קרייז מענשען, און סוף כל סוף די גאנצע געזעלשאפט; גיט איהם א מעגליכקייט צו ערציהען אין זיך א געשמאק פאר העכערע פארגניגענס, וואָס וויסענשאפט און קונסט גיבען, — פארגניגענס, וואָס זיינען מעהר דערהויבען און לאנג־דויערענדיג, איידער די באפרידיגונג פון די נידריגערע ליידענשאפטען, — און מיר זיינען זיכער, אז די געזעלשאפט וועט דעמאָלט ניט דארפען צוזעהן פארלעצונגען פון די פּרינציפּען פון מאָראל אין אזא גרויסער צאָהל, ווי מיר זעהען דאָס איצט.

צוויי דריטעל פון אלע רעכט־פארלעצונגען, נעמליך, די אלע אזוי גערופענע „פארברעכען קעגען אייגענטום”, וועלען אָדער אינגאנצען פארשווינדען, אָדער זיי וועלען רעדוצירט ווערן צו אן אונבאדייטענדיגער צאָהל פאלען, ווייל אייגענטום, וואָס איז איצט דאָס פּריווילעגיום פון איינצעלנע מענשען, וועט זיך אומקערן צו זיין אמת'ן קוואל, צו דער געמיינדע. וואָס אנבאטרעפט „פארברעכען, וואָס זיינען געווענדט געגען דער פּערזאָן”, ווערט זייער צאָהל שוין איצט שנעל פארקלענערט, צוליב דעם וואוקס פון מאָראלע און סאָציאלע געוואָהנהייטען, וואָס אנטוויקלען זיך אָהן צווייפעל אין יעדער געזעלשאפט און וועלען אָהן צוויי־

פעל שטייגען, ווען די געמיינשאַפטליכע אינטערעסען פון אַלעמען וועלען ענגער ווערן.

נאַטירליך, וואָס עס זאָלען ניט זיין די עקאָנאָמישע יסודות פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, וועט אַלעמאָל זיך געפינען אַ געוויסע צאָהל מענשען, וועמעס ליידענשאַפטען זיינען שטאַרקער און ווערן וועניגער קאָנטראָלירט, איידער ביי די איבריגע מיטגלי־דער פון דער געזעלשאַפט; עס וועלען אַלעמאָל זיך געפינען מענ־שען, וועמעס ליידענשאַפטען קאָנען צופעליג זיי באַוועגען צו באַ־געהן טאַטען פון אַן אַנטי־געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער. אָבער אין די מעהרסטע פאַלען קאָנען די מענשליכע ליידענשאַפטען, וואָס פיהרען איצט צו רעכט־פאַרלעצונגען, באַקומען אַנאַנדער ווענדונג, אָדער די פאַראייניגטע אָנשטרענגונגען פון די ארומיגע קאָנען זיי מאַכען כמעט אינגאַנצען אונשעדליך. אין דער איצטיגער צייט, אין די שטעט, לעבען מיר אין אַ צו גרויסער אָפגעזונדערטקייט איינער פון אַנדערן. יעדערער זאָרגט נאָר וועגען זיך, אָדער העכ־סטענס וועגען זיינע נאָהנטסטע קרובים. דער עגאָאיסטישער, דאָס הייסט, ניט פאַרנינפטיגער אינדיווידואַליזם אויף די מאַטעריעלע לעבענס־געביטען, האָט אונז אונפאַרמיידליך געמוזט פיהרען צו אַן אינדיווידואַליזם, וואָס איז פונקט אַזוי עגאָאיסטיש און שעדליך, אויפ'ן געביט פון געגענזייטיגע באַציהונגען צווישען מענשען. אָבער פון דער געשיכטע ווייסען מיר, און אפילו איצט קאָנען מיר באַ־אָבאַכטען געמיינדען, אין וועלכע מענשען זיינען אַ סך ענגער פאַרבונדן צווישען זיך, איידער אין אונזערע מערב־אייראָפּעאישע שטעט. אין אָט דער הינזיכט קאָן פאַר אַ ביישפּיל דינען כינא: „די אונגעטיילטע משפחה" איז ביז היינטיגען טאָג אין איהרע אור־אַלטע פּראָווינצען דער יסוד פון געזעלשאַפטליכער אָרדנונג: אַלע מיטגלידער פון דער „ניט געטיילטער פאַמיליע" קענען איינער דעם אַנדערן פולקאָם; זיי שטיצען איינער דעם אַנדערן, העלפען איי־נער דעם אַנדערן, — ניט נאָר אין „מאַטעריעלע" מיטלען, נאָר אויך אין די זאָרגען און ליידען פון יעדערן פון זיי; און די צאָהל „פאַרברעכען" געגען אייגענטום און פערזאָן איז אין אָט די פּראָ־ווינצען מערקווירדיג נידריג (מיר האָבען, פאַרשטעהט זיך, אין זינען נאָר די צענטראַלע פּראָווינצען פון כינא, ניט די פּראָווינצען ביים ים). די סלאַווישע און שווייצאַרישע אַגריקולטורעלע געמיינדען

זיינען אן אנדער ביישפּיל. מענשען קאָנען גוט איינער דעם צוויי־טען אין אָט די קליינע געמיינדען, און אין א סך הינזיכטען שטי־צען זיי געגענזייטיג איינער דעם צווייטען. אין אונזערע שטעט אָבער זיינען אַלע פארבינדונגען צווישען די איינוואוינער פאר־שוואונדען. די אַלטע פאמיליע, וואָס איז באגרינדעט אויף די גע־מיינשאפטליכע אָפּשטאמונג, איז זיך צופאַלען. אָבער מענשען קאָ־נען ניט לעבען אין אזא אָפּגעזונדערטקייט, און די עלעמענטען פון נייע געזעלשאפטליכע גרופען וואקסען. עס אנטשטעהען נייע פאר־בינדונגען, צווישען די באוואוינער פון איינער און דער זעלבער גע־גענט, צווישען מענשען, וואָס פארפאָלגען א וועלכען עס איז גע־מיינשאפטליכען ציל, און דער וואוקס פון אזעלכע נייע גרופּירונגען קאָן נאָר פארשנעלערט ווערן, אויב אין דער געזעלשאפט וועלען פאָרקומען ענדערונגען, וואָס פיהרן צו אַן ענגערער געגענזייטיגער אָפּהענגיגקייט און צו מעהר גלייכהייט צווישען אַלעמען.

ניט קוקענדיג אויף אָט די אַלע ענדערונגען, וועט דאָך אָהן צווייפעל בלייבען א קליינע צאָהל מענשען, ועמעס אנטי־געזעל־שאפטליכע ליידענשאפטען, — א רעזולטאט פון זייערע קערפּער־ליכע אונפאָלקאָמענהייטען און קראנקהייטען, — וועלען מיט זיך פאָרשטעלען א געוויסע געפאהר פאר דער געזעלשאפט. און דע־ריבער אנטשטעהט די פראגע: וועט די מענשהייט ווי פריהער דארפען אָפּנעמען ביי זיי דאָס לעבען אָדער זיי פארשפּארן אין געפענגניסען? — וועגען דעם ענטפער קאָן גאָר קיין צווייפעל ניט זיין. געוויס וועט די געזעלשאפט ניט אָנווענדען אזא עקעל־האפטיגע לעזונג פון אָט דער שוועריקייט.

עס איז געוועזען א צייט, ווען מיט משוגעים, וועלכע מען האָט געהאַלטען פאר „באזעסענע", פאר מענשען, וואָס האָבען אין זיך א „ניט־גוטען", איז מען זיך באגאנגען אויף דעם געמיינסטען אופן. געשמידטע האָבען זיי געלעבט אין שטאַלען, ווי די בהמות, און זיינען געוועזען א געגענשטאנד פון שרעק אפילו פאר די מענשען, וואָס האָבען געהאט די אויפזיכט אויף זיי. צוברעכען זייערע קיי־טען, באפרייען זיי וואָלט מען אין יענער צייט געהאַלטען פאר א משוגעת. אָבער צום סוף פון אכצעהנטען יאָהרהונדערט איז ער־שינען א מענש, פינעל, וואָס האָט געוואגט אראָפּצונעמען פון די אונגליקליכע די קייטען און האָט זיך געווענדט צו זיי מיט פריינד־

ליכע ווערטער, האָט גענומען קוקען אויף זיי, ווי אויף אונגליקליכע ברידער. און די, וועלכע מען האָט גערעכענט פאר פעהיג צו צור־רייסען אויף שטיקער יעדען איינעם, וואָס וואָלט געוואגט צו דער־נעהנטערן זיך צו זיי, האָבען זיך אַרומגעקליבען ארום זייער באַ־פרייער און האָבען מיט זייער אויפפיהרונג באוויזען, אז ער איז געווען גערעכט אין זיין גלויבען אין די בעסערע שטריכען פון דער מענשליכער נאַטור: זיי, אָט די בעסערע מענשליכע שטריכען, פארשווינדען ניט אינגאַנצען אפילו ביי די, וועמעס פארשטאַנד ווערט פארטונקעלט פון א קראנקהייט. פון יענעם טאָג אָן האָט די מענשליכקייט געזיגט. אויף דעם משוגע'נעם האָט מען אויפ־געהערט צו קוקען, ווי אויף א ווילדע חיה. מענשען האָבען אנער־קענט אין איהם א ברודער.

די קייטען זיינען פארשוואונדען, אָבער די הייזער פאר משו־געים, — דיזעלביגע געפענגניסען, ווי פאר די פארברעכער, — זיי־נען געבליבען, און הינטער זייערע ווענט איז ביסלעכווייז אויסגע־וואקסען א סיסטעם, וואָס האָט זיך גאָר ווייניג אונטערשיידט פון דעם, וואָס מען האָט פראַקטיצירט אין דער צייט פון קייטען. אָבער אָט האָבען די פויערים פון א בעלגישען דערפעל, באוועגט נאָר פון איינפאכען געזונטען פארשטאַנד און גוטהערציגקייט, אָנגעוויזען א נייעם וועג, וואָס די געלעהרטע אויספאָרשער פון מארך־קראַנקהיי־טען האָבען גאָר אפילו ניט פאַרדעכטיגט, אז דאָס איז מעגליך. זיי האָבען אָנגעהויבען אריינגעמען זיי אין זייערע פאמיליען, אין זייערע אָרימע הייזער; זיי האָבען זיי געגעבען אַן אָרט ביי זייער טיש פאר זייער אָרימען מיטאָג און אין זייערע רייהען אין דער צייט פון ניצליכע ארבייטען; זיי האָבען זיי צוגעלאָזען צו נעמען אנטייל אין די דאָרפישע יום־טובים און פרעהליכע אָווענטען. און באלד האָט זיך איבער גאַנץ איירָאָפּאַ פאַנאַנדערגעטראָגען דער רוהם וועגען „וואונדערליכע" אויסהיילונגען, און אַז דער שולדיגער אין דעם איז געווען כלומר'שט א הייליגער, צו וועמעס עהרע עס איז אויפגע־שטעלט געוואָרען אַ קירך אין געיל (Gheil). די היילונג, וואָס די פויערים האָבען אָנגעווענדט, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אזא איינפאכקייט, זי איז געווען אַזוי אַלגעמיין באַקאַנט שוין פון לאַנג (דאָס איז געווען פרייהייט!), אז געבילדעטע מענשען האָבען פאַר־געצויגען צוצושרייבען די דערגרייכטע רעזולטאַטען צו א געטליכען

איינפלוס אָנשטאָט צו באטראכטען דאָס געשעהענע איינפאך, אָהן פאָראורטיילען. · צום גליק אָבער איז ניט געוועזען קיין מאנגעל אין עהרליכע און גוטהערציגע מענשען, וואָס האָבען פארשטאנען די וויכטיגקייט פון דעם היילונגס מעטאָד, וואָס די געילער פויערים האָבען אויסגעפונען; זיי האָבען גענומען פראָפאגאנדירען אָט דעם מעטאָד און האָבען אָנגעווענדט די גאנצע ענערגיע צו באקעמפען די אינטעלעקטועלע אינעריז, פיינהייט און קאלטע גלייכגילטיגקייט פון די ארומיגע.*)

די פרייהייט און ברידערליכע זאָרג זיינען געווען דער בעסטער היילונגס־מיטעל אין דער אויבענדערמאָהנטער ברייטער צווישען־פראָווינץ „צווישען משוגעת און פארברעכען". און מיר זיינען זי־כער, אז זיי וועלען זיך ארויסווייזען פאר דעם בעסטען היילונגס מי־טעל אויך אויף דער אנדערער זייט פון איינעם פון די גרענעצען פון אָט דער פראָווינץ, — דאָרט, וואו עס הויבט זיך אָן דאָס, וואָס עס איז אָנגענומען צו רופען פארברעך. דער פראָגרעס געהט אין אָט דער ריכטונג. און אלץ, וואָס העלפט איהם, וועט אונז ברענגען נאָהנטער צו דער לייזונג פון דער גרויסער פראגע, — דער פראגע וועגען גערעכטיגקייט, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו באשעפטיגען די מענשליכע געזעלשאפטען פון דעם וויטסטען אלטערטום, אָבער וועלכע מען קאָן ניט לעזען מיט דער הילף פון געפענגניסען.

ס ו ף

---

*) איינער פון אַזעלכע מענשען, דר. אַרטור מיטשעל, איז גוט באוואוסט אין שאָטלאנד. זעה זיין ווערק "Insane in Private Dwelling," Edinburgh, 1864 און אין "Care and Treatment of Insane Poor" אין "Edinburgh Medical Journal", 1868.

# ביילאַגע א.

## די ראָל פון די פאַרשיקטע אין דער קאָלאָניזירונג פון סיביר.

(צו זייטען 144—151)

ביי דער ניט פּינקטליכקייט און צואוואָרפענקייט פון די סטאַטיסטישע דאַטען וועגען סיביר איז זעהר שווער צו באַשטימען, אויף וויפיעל די פאַרשיקטע האָבען געהאָלפען פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג פון סיביר. די פאָלגענדיגע ריכטיגע ציפערען, וואָס זיינען מיטגעטיילט געוואָרן אין 1886 אין דער אָפיציעלער „טאָבאָלסקאַיאַ גאַזעטאַ" און זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין „וואָסטאָטשנאָיע אָבאָזרעניע" (דעם 20טען מערץ), פאַרדינען אונזער אויפמערקזאַמקייט. אין פאַרלויף פון צעהן יאָהר, פון 1875 ביז 1885, האָט מען אין טאָבאָלסקער גובערניע ארויסגעשיקט 38,577 מענער און 4,285 פרויען. נאָך זיי האָבען נאָכגעפאָלגט אין פאַרשיקונג 23,721 פרייע פרויען און קינדער, צוזאַמען, הייסט דאָס, 66,583 מענשען. אין פאַרלויף פון דיזעלביגע צעהן יאָהר זיינען 11,758 פאַרשיקטע געשטאָרבען און 10,094 זיינען אַנטלאָפען; 4,735 זיינען ווידער פאַר'משפט געוואָרן און אַרויסגעשיקט אָדער אַריבערגעפיהרט געוואָרן אין אַנדערע טיילען פון סיביר; 1854 האָט מען אומגעקערט אין רוסלאַנד, און נאָר 28,670 זיינען אַריינגערעכנט געוואָרן אין די ליסטען פון פּויערים און קליינבירגער („מעשטשאַנעס") פון טאָבאָלסקער גובערניע. די גאַנצע פאַרשיקטע באַפעלקערונג פון טאָבאָלסק איז אין יענער צייט באַשטאַנען פון 35,100 מענער און 12,000 פרויען. די שטערבליכקייט פון אָט דער באַפעלקערונג איז איינגעשלאָסען אין די אויבענגעבראכטע צאָהל 11,758 געשטאָרבענע. אָבער אַפילו אויסשליסענדיג די אויבענגעבראַכטע ציפער פון דער אַלגעמיינער סומע, וועט זיך אַרויסשטעלען, אַז ווענגסטענס 20,000 פון 66,583 מענשען, — אונגעפעהר אַ דריטעל, — זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין טאָבאָלסקער גובערניע נאָר כדי צו שטאַרבען דאָרט באַלד נאָכ'ן אָנקומען אין סיביר, אָדער צו אַנטלויפען. די באַפעלקערונג פון טאָבאָלסקער גובערניע איז אין 1875 געווען 1,131,246 מענשען, און זי האָט זיך פאַרגרעסערט אין פאַרלויף פון דעם יאָהר אויף 187,626 מענשען, בעת דער נאַטירליכער צואוואוקס פון דער באַפעלקערונג האָט גע־

דאַרפֿט זיין ווענינער פֿון 100,000 מענשען. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די פֿאַרשיקטע האָבען אין פֿאַרלויף פֿון אַט דער צייט פֿאַרגרעסערט די באַפֿעלקערונג ניט מעהר ווי אויף 45,000 מענשען; דער ווייטערדי־גער צואוואוקס ערקלערט זיך שוין מיט דער פֿרייער עמיגראַציע פֿון רוסלאַנד.

וואָס אָנבאַטרעפֿט די אַרבייטספֿעהיגקייט פֿון אַט דער פֿאַרשיקטער באַפֿעלקערונג, קאָן מען ווענען איהר אַם לייכטסטען אורטיילען פֿון דעם, וואָס אין 1875 האָבען זיך גערעכענט צווישען די פֿאַרשיקטע נאָר 10,798 הויז באַזיצער. אין פֿאַרלויף פֿון צעהן יאָהר זיינען 5588 מענשען צוגעשטאַנען צו אַט דער צאָהל, אָבער 3,775 האָבען געוואָרפֿען זייערע הייזער, אַזוי אַז אין 1885 האָבען נאָר 12,611 פֿאַרשיקטע גע־האַט שטענדיגע וואוינונגען. אויסער דעם האָבען אין 1875, פֿון די 20,846 צוגעשריבענע צו די פּויערים, געפֿעהלט אויף די ערטער, וואו זיי זיינען צוגעשריבען געוואָרען, 8,525 מענשען, — זיי זיינען פֿאַר־שוואונדען.

---

# ביילאַגע ב.

## אויסצוגען פֿון ה' שאַקעיעוו'ס רעדע, וואָס ער האָט גע־האַלטען אין דער פּעטערבורגער אַדעל־פֿאַרזאַמלונג דעם 17טען פֿעברואַר, 1881.

(צו זייט 161)

ווי באַקאַנט, האָט מען נאָך דעם אויפֿרייס אין ווינטער פּאַלאַץ באַשטימט לאָריס־מעליקאָוו'ען אויפ'ן פּאָסט פֿון מיניסטער פֿון אי־נערליכע אַנגעלעגענהייטען און מען האָט איהם געגעבען כמעט דיקטאַ־טאָרישע מאַכט; פֿאַקטיש האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער איבערגעגעבען די גאַנצע מאַכט אין זיינע הענט. איינער פֿון די ערשטע שריט פֿון לאָ־ריס־מעליקאָוו איז געוועזען צו ערלויבען די גובערניע זעמסטוואָס און אַדעל־פֿאַרזאַמלונגען פֿריי אַרויסצוזאָגען זייערע מיינונגען. זיי האָבען זיך באַנוצט מיט אַט דער ערלויבניש, און איינע פֿון די ערשטע פֿאַר־לאַנגען, וואָס די פֿאַרזאַמלונגען האָבען אַרויסגעזאָגט, איז געוועזען דער פֿאַרלאַנג, אַז עס זאָל אָפּגעשאַפֿט ווערען דאָס סיסטעם פֿון „אַדמיני־סטראַטיווער פֿאַרשיקונג". דאָס פּעטערבורגער פּריצענטום איז געווען איינע פֿון די ערשטע, וואָס האָבען פּראָטעסטירט קעגען אַט דעם שענד־ליכען סיסטעם; און אין פֿאַרלויף פֿון דער זיצונג פֿון 17טען פֿע־ברואַר, 1881 האָבען זיי וואָטירט אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער זיי האָ־בען געפֿונען פֿאַר נויטיג צו דערלאַנגען דעם אימפּעראַטאָר אַן אַדרעס מיט דער ביטע, אַז דאָס געזעץ, וואָס גאַראַנטירט די אונבאַריהרבאַרקייט פֿון דער פּערזאָן פֿון יעדען בירגער, זאָל ניט פֿאַרלעצט ווערן.

אין פאַרלויף פון די פאַרהאַנדלונגען פון אַט דער רעזאָלוציע, האָט ע. א. שאַקעיעוו איבערגעליינט אַ רעפעראַט וועגן דעם סיסטעם פון אַדמיניסטראַטיווער פאַרשיקונג, אין וועלכער ער האָט, צווישן אַנדערעס, געזאָגט דאָס פאָלגענדיגע:

„ווענדענדיג זיך צו די רוסישע געזעצן, געפינען מיר, אַז לויט זיי קאָן קיין שטראָף ניט אַרויפגעלעגט ווערן אָהן אַן אורטייל פון געריכט... מען וואָלט דאָך געמיינט, אַז נאָך דער פאַרעפענטליכונג פון דעם געזעץ פון 1864 קאָן שוין מעהר קיין רייד ניט זיין וועגן אַן אַריינמישונג פון די אַדמיניסטראַטיווע באַאַמטע אין די פונקציעס פון די יורידישע באַהערדען, און אַז שטראָף קאָן זיין נאָר אַ רעזולטאַט פון אַ געריכטס אורטייל. באשטראָפונגען אָהן אַ געריכט זיינען באטראכט געוואָרן פון מלוכה ראַט ווי אַן ערשיינונג פון ווילקיר... אָבער אין דער לעצטער צייט באַמערקט מען עפּעס נייעס. די רעכט, וואָס דאָס געזעץ גיט יעדען בירגער, האָבען פאַרלאָרען אינגאַנצען זייער ממשות. אונטער דעם אויסרייד פון אָפּרייניגען רוסלאַנד פון מענשען, וואָס זיינען פּאָ־ ליטיש אונפארלעסליך, האָט די אַדמיניסטראַציע גענומען אָנווענדען די אַרויסשיקונג, צוערשט זעלטען, אָבער אין די לעצטע יאָהרען וואַקסט די צאָהל פאַרשיקונגען אַלץ מעהר און מעהר... אין אָנהויב איז די גע־ זעלשאַפט אויפגעבראַכט געוואָרן פון אַזעלכע האַנדלונגען פון דער אַד־ מיניסטראַציע, אָבער מיט דער צייט האָט זי זיך צוגעוועהנט צו אָט די אויסערונגען פון ווילקיר, און די פּלוצלונגע פארשווינדונג פון מענ־ שען, וואָס מען האָט אַרויסגעריסען מיט אַמאָל פון זייערע משפּחות, האָט אויפגעהערט אויסצואווייזען ווי עפּעס אונגעוועהנליכס.“

„די פאַרפאָלגונגען זיינען הויפּטזעכליך געווען געווענדעט קעגען יונגע לייט, בחורים און מיידלאַך, וואָס זיינען מעהרסטענטיילס נאָך געווען מינדעריעהריגע. אָפּטמאָל פלעגען יונגע לייט פאַרשיקט ווערען נאָר פאַר באַקאַנטשאַפט, קרובה'שאַפט, אָדער אַפילו אָנגעהעריגקייט צו אַ וועלכען עס איז לעהר־אַנשטאַלט, וואָס האָט געהאַט אַ שלעכטע רעפּוטאַציע אין די אויגען פון דער אַדמיניסטראַציע, פאַר אַ וועלכען עס איז אויסדרוק אין אַ בריף, פאַר האַלטען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ וועלכען עס איז פּאָליטישען פאַרשיקטען...

דער אָפיציעלער „פּראַוויטעלסטוועני וועסטניק“ האָט ניט לאַנג צוריק געבראַכט ציפער דאַטען וועגען פערזאָנען, וואָס מען האָט אויף אַזאַ אופן פאַרשיקט (אין סיביר) נאָר אויף'ן באַפעהל פון דער אַדמיניסטראַציע, און די ציפערען באַווייזען, אַז די צאָהל פאַרשיקטע איז צווישען 250 און 2500 מענשען יעהרליך; אָבער אויב מיר וועלען צו אַט די צי־ פערען צוגעבען דאַטען וועגען פערזאָנען, וואָס ווערן אויף דעמזעלביגען

אופן פאַרשיקט אין די אינערליכע גובערניעס פון אייראָפּעאישען רוס־לאַנד (און דערביי קאָנען מיר נאָר פּרואווען טרעפען די צאָהל פון אַזעלכע פּערזאָנען), וועט פאַר אונז אויפשטעהן אַן אמת'ע העקאַטאָמב פון מענשליכע באַשעפּענישען."

ה' שאַקיעוו האָט געענדיגט זיין רעדע מיט אַ פאָרשלאַג אונטער־צושרייבען די אויבענדערמאָנטע ערקלערונג. זיין רעדע איז אָפט אונ־טערבראָכען געוואָרען פון אויסגעשרייען: „בראַוואָ!" „גאַנץ ריכטיג!" דער פּרעזידענט פון דער פאַרזאַמלונג, באַראָן פּ. ל. קאָרף, האָט געשטיצט דעם פאָרשלאַג פון ה' שאַקיעוו, צוגעבענדיג, פון זיין זייט, אַז ער האָט אַ זעהר טיפע באַדייטונג פאר גאַנץ רוסלאַנד.

און „נעמענדיג אין באַטראַכט, אַז דאָס סיסטעם פון אַדמיניסטראַ־טיווער פאַרשיקונג ווערט ניט גערעכטפאַרטיגט פון געזעץ", האָט די פאַרזאַמלונג אונטערגעשריבען די פּעטיציע, וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם אימפּעראַטאָר. עס פאַרשטעהט זיך, אַז אַלץ איז געבליבען ווי געוועזען. די איינציגע נייע איינפיהרונג אויף אָט דעם געביט איז געווען די באַשטימונג פון אַ ספּעציעלען קאָמיטעט, וואָס רעווידירט פּעריאָדיש אַלע פּראָצעסען מיט אַדמיניסטראַטיווער פאַרשיקונג און לעגט פּעריאָדיש צו צו דריי און צו פינף יאָהר פאַרשיקונג פאר די פּער־זאָנען, וועלכע זיי געפינען פאר געפעהרליך. די פאַרשיקטע, וועמען עס ווערט ערלויבט זיך אומצוקערן אין רוסלאַנד, ווערט פאַרבאָטען צו וואוינען אין אַ וועלכער עס איז גרויסער שטאָט, וואו זיי וואָלטען געקאָנט געפינען מיטלען צום עקזיסטירן.

---

# ביילאַגע ג.

## (צו זייט 203)

(צו זייט 203)

דער בונט פון יונגע לייט, וועלכע מען האָט געהאַלטען אין דער קאָרעקציאָנעלער קאָלאָניע אין פּאַרקעראָל, האָט געפיהרט צו דער אויפ־דעקונג פון דעם שוידערליכען רעזשים, צו וועלכען זיי זיינען געווען אונטערוואָרפען. די פאַקטען, וואָס זיינען אויפגעקלערט געוואָרן פאַר'ן געריכט, האָבען אָנגעוויזען, צווישען אַנדערעס, אַז די שפּייז וואָס מען האָט זיי געגעבען, איז געווען פון אַן אויסערגעוועהנליך שלעכטער קוואַ־ליטעט און איז אויסער דעם אַרויסגעגעבען געוואָרן אין אַ ניט גענוי־גענדיגער קוואַנטיטעט, אַזוי אַז זיי איז אויסגעקומען שטענדיג צו הונ־גערן. דער רעזשים אין קאָלאָניע איז געווען באמת שרעקליך. די דאַמע, די אייגענטימערין פון דער קאָלאָניע, און די וועכטער האָבען באַנוצט פאר באַשטראָפונגען דעם „קראַפּאַדין", אַ מיטעלאַלטערליכען טאָרטור־אינסטרומענט.

וואָס אַנבאַטרעפט די קאָלאָניע אין מעטראַ, וועלכע מען האָט אָפט

געוואָלט פאַרשטעלען ווי אַ מוסטערהאַפטע, האָט זיך אַרויסגעוויזען פון די דעבאַטען אין פראַנצויזישען דעפּוטאַטען־קאַמער (דעם 31טען מערץ, 1887), אַז די באַהאַנדלונג פון קינדער אין אָט דער קאָלאָניע האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט אַן אויסערגעוועהנליכער גרויזאַמ־קייט. די פאַקטען, וואָס זיינען געוואָרן באַקאַנט צוליעב די אויבענ־דערמאָנטע דעבאַטען, פאַלען פולשטענדיג צונויף מיט יענע ידיעות וועגען דער באַרבאַרישער באַהאַנדלונג אין אָט דער קאָלאָניע, וואָס זיינען מיר מיטגעטיילט געוואָרן פון פריוואַטע פערזאָנען.

---

# ביילאַגע ד.

## וועגען די „האָפנונגסלאָזע פאַרברעכער".

(צו זייט 260)

וויליאַם דאָגלאַס מאָריסאָן, אין זיין אַרבייט „מינדעריעהריגע פאַר־ברעכער" (W. D. Morrison, "Juvenile Offenders"), וואָס איז ארויס־געגעבען געוואָרן אין 1897, ווי דער דריטער באַנד פון אַ סעריע, "The Criminalogy Series", האָט געגעבען עטליכע סטאַטיסטישע דאַטען, וואָס באַשטעטיגען דאָס געזאַגטע אין טעקסט וועגען דעם שעדליכען איינ־פלוס פון די געפענגניסען. — „יעדען געלעהרטען, וואָס שטודירט די פראַגע וועגען שטראָפען, אין ענגלאַנד אָדער אויפ'ן קאָנטינענט, — זאָגט מאָריסאָן, — איז גוט באַקאַנט, אַז די פּראָפּאָרציע פון די „האָפנונגס־לאָזע", וואָס זיצען אין די געפענגניסען, וואַקסט יעהרליך און איז קיינמאָל ניט געוועזען אַזוי הויך ווי איצט". — דאָס ווערט באַשטעטיגט פון דער געפענגניס סטאַטיסטיק פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד, איטאַליען, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער. און מאָריסאָן באַווייזט, אַז די „האָפ־נונגסלאָזע" זיינען די, וואָס האָבען אָנגעהויבען באַקומען אַ געפענגניס בילדונג פון די יונגע יאָהרען אָן. דער אויטאָר קומט צו אַ גאַנץ באַשטימטען שלוס, נעמליך: „וואָס אַנבאַטרעפט, זאָגט ער, די גרויסע מעהרהייט פון אונזער געפענגניס באַפעלקערונג, איז אין באַצוג אויף זיי האָבען זיך דאָס קרימינעלע געזעץ און די געפענגניס פאַרהאַפטונג ארויסגעוויזען פאַר פולשטענדיג באַנקראָט. אונזער שטראָף סיסטעם האָט באַנקראָטירט אין זיין הויפּט און ערשטען ציעל, וואָס איז באַ־שטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל שטערן דעם פאַרברעכער צו באַגעהען נייע פאַרברעכען. פאַרקעהרט, אָט דאָס סיסטעם פאַרמערט, ווייזט אויס, אויף אַ פאַטאַלען אופן די צאָהל פון די געוועהנליכע עקספּערטען אין אַנטי־געזעלשאַפטליכע אַקטען".

די שלוסען פון ה' מאָריסאָן, ווי מען האָט געדאַרפט ערוואַרטען פון אַזאַ שרייבער, צייכענען זיך אויס מיט אַן אויסערגעוועהנליכער מעסיגקייט. אָבער אין איין פּונקט זיינען זיי אויסגעדריקט געוואָרן

מיט אַ פולשטענדיגער באַשטימטקייט. דער איינציגער ווירקליכער מי־מעל, — זאָגט ער, — וואָס וועט פאַרקלענערן די צאָהל פון יונגע פאַר־ברעכער, איז — „באַזייטיגען די באַדינגונגען, געזעלשאַפטליכע און עקאָ־נאָמישע, וואָס באַשאַפען אָט די פאַרברעכער”. די געפענגניסען אָבער דערגרייכען דאָס בשום אופן ניט. פאַרקערט, זיי פיהרן צו אַ פארמעה־רונג פון פאַרברעכערישקייט.

